אין דעם „חדר” האָבן מיר אָנגעפאַנגען לערנען גמרא. איך האָב מורא אז אַלס וואָס איז מיר געבליבן פון דאָרט איז „שנים אוחזין בטלית” און „שור שנגח את הפרה”. דער עיקר ווי איך געדענק האָט מ'בדאַרפט האַלטן אַן אויג אויפן רבינס פנים מ'זאָל וויסן וואָס צו ענטפערן. אַז זיינע באַקן אינטער דער באָרד האָבן זיך אַזוי ווי געגומען אָנבלאָזן, האָט דער גוטער תלמיד שוין געוווּסט אונטערצוכאַפּן „פטור” און באַלד געקריגן געלויבט מיט אַ קניפּ אין בעקל. פון די חברים געדענק איך הלל־משה און יענקעלע נחמיה־איטשעלעס, אָדער בעסער יענקעלע חוה ר' יצחק שוחט'ס, וואָס האָט אַלעמאָל געטראָפן נעבעך ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַריין, און אויסגעשריגן, ריכטיגער אונטערגעכאַפּט... „חייב!” און באַלד אויפן אָרט געקריגן זיין עונש. דער רבי איטשע־מאיר האָט געהאַט אַ מין שוואַכקייט צו יענקעלעס אונטערשטע ליפּ און צום לעפל פון רעכטן אויער. דאָס יונגעלע איז בלי גוזמה צוויי מאָל אַ וואָך געוואָרן צובלוטיגט אָדער פון מויל אָדער פון אויער, און איינמאָל געדענק איך — פוןביידע. איך ווייס נישט פאַרוואָס נאָר דאָס יונגל איז אַלעמאָל געווען דאָס „כפרה הינדל”. אפשר ווייל זיין פאָטער האָט שטאַרק געלויבט דעם מלמד כּאַר זיין קאַטעווען. עס איז באמת פּאַראַן וואָס צו געדענקען, ווי איטשע־מאיר פלעגט אַזוי אָננעמען יענקעלעס אינטערשטע ליפּ און לאַנגזאַם, שפּילענדיק, ציהען צו ביסלאַך, אַ ביסעלע שטאַרקער... ביז ער האָט אָנגעהויבן בלוטיקן. עס פאַרגנבעט זיך אַ מאָל אַ חשד, אַז ער האָט אפשר אַ הנאה געהאַט פון זיין קאַטעווען, כאָטש עס לייגט זיך נישט אויף דעם געדאַנק. אין זיין היים פלעג איך זיין אַן עדות, ווי זיין פאָטער נחמיה'לע פלעגט אים אַריינשמייסן פאַרן „זולל וסובא” — ער איז נאָך קיין שעה נישט אין שטוב און זע נאָר ווי ער האָט שוין באַלד צורעכט געמאַכט דאָס ברויטל, אַז מ'הערט נישט מער ווי 'צאַאַסן' (צי עסן)”.

אַהיימגייענדיק פונעם חדר האָבן די יינגלעך געפירט קליינע מלחמה'לעך צווישן זיך. „אמת גרויסע מלחמות” זענען אָנגעגאַנגען צווישן פאַרשידענע חדרים. באַזונדער האָבן זיך אויסגעצייכנט אליהו מזיק מיט זיין טשאַטע און די חברה פון „יענער צאַל” אונטער וועלכער איז געווען דאָס באַד. פון יענער גרופּע איז שמואל הערשעלע רופא'ס געווען אַ שם־דבר... אַ הפקר יונג. זיין קלענערער ברודערל, פישעלע, האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ אָרענטליך יונגל וואָס גייעט אין בית־המדרש צוויי מאָל אַ טאָג. זייער פאָטער, הערשעלע רופא, איז געשטאָרבן יונג, איך געדענק אים קוים. מען האָט אים גערופן הערשעלע פיזיק, וואַרשיינליך פון וואָרט Phithisis (TB) סוכאָטע ר"ל... אַ פּראָמינענטע פיגור איז געווען שמואל

יענקל רופא׳ס. ער איז אויך געוואָרן אַ יתום זייער יונג. אַלס קליינער יאַט איז ער געווען ווייט פון אַ בעל־הבית׳יש יונגעלע. אַזוי צום ביישפּיל, אַז מען האָט זיך אַרומגעיאָגט ביים „פּאַלאַץ״, האָט ער געכאַפּט און אַרונטער־געלאָפן זיך באַהאַלטן אונטער... זיין גרויסער שוועסטערס קלייד (זי איז געווען אַ הינקעדיקע און געטראָגן אַ ספּעציעל גרויס מלבוש). ווען ער איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און געוואָרן אַ יתום, איז ער געוואָרן פרום, געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג און געזאָגט יעדעס וואָרט צוויי מאָל כדי נישט צו ריזיקירן צו פאַרפיילן אַ וואָרט...

עס דערמאָנט זיך אַ גרויסע געשעהעניש אין בעכעווע. דאָס שטעטל איז, ווי מ׳זאָגט, געגאַנגען „כאָדאָראָם״. געשעען איז דאָס ווען מ׳האָט נאָר וואָס געהאַט דורכגעפירט דעם טעלעגראַף מיט די נייע סלופּעס אַריינגעשטעלט אין מאַרק. מ׳האָט שוין געשמועסט אז מ׳וועט דורכפירן אַ שאָסיי. ביילטשע לאָזער־בעקערס פון „יענער צאָהל״ (נעבן מיגורסקיס אַפּטייק), אַ כלה־מיידל, אַ שיינע, האָט מ׳געזאָגט איז געווען אין לובלין און געבראַכט פון דאָרט אַ הוט. שבת האָט זי דעם הוט אָנגעטאָן און אַרויס אויף שפּאַציר צום הויפּישן־וועג דורכן מאַרק. מ׳איז געלאָפן פון אַלע זייטן קוקן אויפן „בייזן וווּנדער״. מיטאַמאָל איז אָנגעלאָפן דער שטאָט־לאָבוז שאַמליאָק, אַראָפּגעכאַפּט דעם הוט פון איר קאָפּ און פייל פון בויגן, ווי אַ וועווערקע אַרויף אויפן סלופּ פון טעלעגראַף ביז צום שפּיץ און אָנגעטאָן דעם הוט אויפן שפּיץ קלאָץ. דאָס מיידל האָט פון בושה, האָט מ׳געזאָגט, אַוועקגעחלשט, און די געלכטרן זענען געגאַנגען עד לב השמים...

עס דערמאָנט זיך, אַז מיט יאָרן שפּעטער האָב איך דורכגעמאַכט אַן ענלעכע ערפאַרונג. איך האָב דעמאָלט געקאָנט אַלט זיין, דענק איך, אַ יאָר צען (לאַנג פאַר תפילין לייגען). די מאַמע ע״ה האָט מיך אויסגעפּוצט אין מיין ניי־געהאַקטע קאַפּאָטקע לכבוד שבת נחמו און מיט אויגן פיל מיט ליבשאַפט מיך אַרויסבעגלייט פון שטוב אויף אַ שפּאַציר צום רבין, דאַכט זיך. מיט יעדער טריט איז די חברה נייגערעגע בעגלייטער געוואקסן אַלץ גרעסער. איך האָב באַלד אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון מלבוש צו פאַרשטעלען דאָס קעלנערל מיטן שניפּס, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, און ביים צוקומען צום מארק האָב איך שוין געהאַט אַ ריזיקע שטילע „לוויה״. מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן אליהו מזיק מיט זיין טשאַטע און שטאַרק באַדראָענדיק גענומען מיך יאָגן. איך האָב באַוויזן צו לויפן שנעלער און אַריין אין גלחס סאָד. דער סאַדאָווניק, דעם רבינס אַ חסיד, וואָס האָט מיך געקאָנט, האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון זייערע הענט. עס האָט גענומען יאָרן ביז דער

עולם האָט זיך צוגעוווינט צו די „פאַצעטן" וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעקלעפּט קיין וואַרשע און אַהיימגעקומען אויף פּסח יעדעס יאָר, איינציקע שוין „קורץ" געקליידעט ר״ל.

אין „חדר" געדענקט זיך האָט מען אין דער פרי קודם כל אָפּגעדאַוונט, געלערנט די פּרשה פון דער וואָך, און נאָכער „געזאָגט דעם שעור", און נאָכדעם ערשט אַ זייגער 11—12 געגעסן „אָנבייסן". דער רבי האָט זיך „געוואַשן צום טיש", געמאַכט אַ המוציא, און די רביצן האָט אים געשטעלט צום טיש אַ שיסל הייסע גריץ. די תלמידים ווידער האָבן יעדער אַרויסגענומען זיין פּעקעלע פון קעשענע, וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבן. געוויינלעך איז עס באַשטאַנען פון 2 פּענעצן היימישן שוואַרצן ברויט, געבאַקן נאָך פרייטאָג, נישט באַשמירט נאָר „באַלעקט" מיט גענזן־שמאַלץ. דאָס האָט געמוזט זיין גענוג עסן ביז „וועטשערע", ווייל אויף דער נאַכט נאָך מעריב איז געווען דער גרעסטער מאָלצייט. אַן אויסנאָם איז געווען הלל־משה, אַ זייער שיין און איידל ייִנגעלע, וואָס זיין מאַמע שאָשע (אַ טייערע יידישע מאַמע) האָט זיך ממש געשפּיגלט אין דעם זונדעלע, און אים געבראַכט אין חדר אַריין יעדן טאָג אַ חוץ מיטוואָך, ווען עס איז געווען אַ יריד, צוויי גרויסע פרישע, נאָר וואָס פון הייסן אויוון דייטשע בייגל בעדעקט דורך־און־דורך מיט מאָן און דערצו נאָך אַ גרויס שטיק פּוטער צו באַשמירן די בייגל. ער האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, און מיטן גאַנצן האַרצן האָט ער אָפּט געבעטן, אַז ווער פון די קינדער זאָל אויך מיטעסן, אָבער דאָס איז געווען קעגן די כללים און כמעט ווי פאַרבאָטן. מיר זענען געווען שטיקלעך קרובים מיט אים פון מיין מאַמעס צד. בדרך כלל איז אַ בעל־הבית׳יש ייִנגל געווען ערצויגן פון סאַמע קינדהייט אַז אַ ייד טאָר נישט זיין אַריינגעטון אין דער אכילה, ווייל דאָס איז אַ שלעכטע מידה וואָס פּאַסט פאַר אַ גוי... דער עיקר מוז אַ בחורל זיך לערנען זיין אַ מענטש צווישן מענטשן, אַרבעטן און שטרעבן צו אַ תכלית; בשום אופן נישט נאָכגעבן דעם זולל וסובא, דעם פרעס. דער גאַר פרומער האָט געוויינלעך געשטעלט דעם טראָפּ אויף עבודת הבורא, דאַווענען און דינען דעם בורא עולם.

נאָך איטשע־מאיר׳ס חדר האָב איך געלערנט ב״י הערשעלע ר׳ הלל׳ס. ער איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מלמד נאָר אַ ייד אַ למדן, אַ זקן וואָס האָט אונטערגעקנעלט מיט עטלעכע, 4—6, ייִנגלעך מיט גוטע קעפּלעך, מער לשם יידישקייט אַלס אַ מדריך פון יונגן דור. דאָס האָט בעדאַרפט זיין דער תוך פון זיין מלמדות. זיין ווייב פעסיע האָט זיך פאַרנומען מיט דער פּראַקטישער זייט,

אָנגענומען דעם תלמיד, געמאַכט דעם פּרייז און איינגעקאַסירט שכר לימוד. זיין עבודה איז געווען לערנען. דער תלמיד האָט שוין בעדאַרפט זיין אַ שטיקל לערנער אַליין אום צו פאַרשטיין און כאַפּן וואָס דער רבי מיינט און וויל זאָגן, ווייל דער זקן האָט אינגאַנצן קיין צייט נישט געהאַט און גערעדט מער אויפן ווונק, אַרויס־געברומט אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס זענען אַלע עפּעס ווו אַריין אין דער גרויסער געדעכטער באָרד אַריין. ער האָט זייער אַ סך געפלעגט שרייבן: רעיונות, פלוגתות, פּשעטלעך — זייער טיפע, האָט מען געזאָגט. געהאַלטן האָט ער זיינע כתבים אין אַ שטרענג־פּריוואַט הילצערנעם קעסטיל פאַרשלאָסן שטענדיק מיט אַ שלעסל, און דאָס שליסעלע געהאַלטן אין רעכטן ווּעסטל־קעשענע. דאָס קעסטל האָט אויך געהאַט אַ מין צווייט שטאָק, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דעכל, וואָס האָט זיך גערוקט הין־און־צוריק. דאָרט האָט ער געהאַלטן זיינע וועלטלעכע לוקסוס־זאַכן, ווי: טאַבאַק צום שמעקן, אַ פּען־מעסערל צום שניידן די נעגל ערב שבת און אַ. וו.

הלל־משה פינקלשטיין האָט אויך דאָרט געלערנט מיט מיר צוזאמען. ער איז דאַכט זיך מיר געווען דער רביצינס אַ ברודערס אַ זון.

אַרום יענער צייט איז מיר געלונגען איבערצייגען מיינע עלטרן מיר צו ערלויבן פאָרן נאָך וואַרשע. דיין פאָטער ז״ל האָט מיך מיטגענומען און געווען זייער בייהילפיק. די „פאַצעטן״ וואָס פלעגן קומען אַ היים אויף פּסח פלעגן דערציילן נסים ונפלאות פון דער נסיעה מיט דער קאָליע (די באַן) און אַ זאָלכע גוזמאות, אַז עס האָט ממש געררייצט. ווי נאָר די באַן האָט זיך גערירט פון אָרט, האָבן די יידן באַלד צוזאַמענגעשטעלט אַ מנין, אָנגעטאָן טלית־ותפילין, אַוועק־געשטעלט אַ שליח צבור — אַ ייד מיט אַ שיינער באָרד און הדרת פנים, און בכלל זיך געפירט ווי אינדערהיים. נאָר אַ טומל האָט געמאַכט דער קאָנדוקטאָר וואָס האָט געכאַפּט אַ יידן, וועלכער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן פאָרן פערטער קלאַס, כלומר, באַצאָלן דעם קאָנדוקטאָר 50% פון דעם בילעט, נאָר האָט געוואַלט פאָרן פינפטע קלאַס, אונטער דער באַנק, און נישט באַצאָלן גאָרנישט.

יעקב, איך בין צו ווייט פאַרקראָכן און עס קאָן זיך פאַרשלאָפן מי יודע...

דער דאָמינירענדער שטריך אין אַלע מיינע בעכעווער זכרונות איז די געפערליכע אָרימקייט און דער כמעט האָפנונגלאָזיקייט. אַביסל שפּעטער האָט דער ציוניזם אויפגעוועקט, אויפגעפרישט די יוגענד או אָנגעפאַנגען אַריינברענגען לעבן.

אין פראָנט פון „אידישער צענטער״ אין קאַנזאַס סיטי האָבן מיר אַ שיינעם

דענקמאָל אין ערע פון אונדזערע קדושים. פאַר אַקטיווער באַטייליקונג אין די קאַסטן האָט מען באַקומען דאָס רעכט אויסצוקריצן די נעמען פון די גאָענטע קדושים. איך האָב דאָרט פֿינף נעמען, הרב י. י. ראַבינאָוויטש איז דער ערשטער.

ג

...אין דער צייט־אָפּשניט פון מײַנע פריִע קינדער־יאָרן האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים לעצטן „חדר" פון ר' הערשעלע ר' הלל'ס. דאָס האָט געמוזט זיין בערך אַרום 1908—1909, ווען איך בין געווען שוין אַ יונגאַטש פון 11—12 יאָר. דער רבי איז טאַקע געווען געאַכטעט אין שטעטל אַלס אַ גרויסער תלמיד חכם, אָבער איך האָב ביי אים קנאַפּ־וואָס אויסגעלערנט. ווייזט אויס, אַז מיין מאַמע ע"ה האָט אין דעם נישט געזעען קיין תכלית; זי האָט געהאַט גאַנץ אַנדערע השגות און חלומות וועגן דער צוקונפט פון איר בן יחידל. אַליין איז זי אויך געווען יונג, לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן, אָבער שוין אַ פרוי אין אירע מיטל־יאָרן לויט די באַגריפן פון יענער צייט, בערך 34־35 יאָר. געשטאַמט פון גרויס יחוס, איר מוטער איז געווען אַן אייניקל פון ר' מענדעלע רימאַנאָווער, וואָס איז געווען אַ מחותן פון רבין ר' נחמיה'לע, דעם „יהודי הקדוש"'ס זון. איר שוועסטער איז געווען די בעכעווער רביצין, איר מאַן דער רבי, אַ רעכט אייניקל פון דעם „יהודי הקדוש". צו כרום איז מיין מאַמע נישט געווען, יעדנפֿאַלס נישט פון די „וצדקתך'ס"; געלעזן האָט אַלץ וואָס איז געווען צו לעזן אין יידיש און זייער אָפט פאַרגעלעזן פאַרן טאַטן און טייל מאָל אויך פאַר אַנדערע צוהערער, ווי איך געדענק: מענדעלען, י. ל. פרצן, שלום עליכמען, און אַנדערע, און אַלע האָבן ממש געלעקט די פינגער...

אַרום יענער צייט האָבן די פּאַטריאָטישע פּוילישע פּריצים פון שטעטל און אומגעגנט געקריגן די דערלויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג צו עפענען אַ שולע, וואָס האָט זיך גערופן „שקאָלאַ מאַטשיעזשאַ", און איז געווען פריי פאַר אַלע. מיין מאַמע האָט געמוזט דורכגיין אַ שווערע צייט פון קעמפן מיט דער משפחה און מיטן שטעטל בכלל, אום מיך אַריינגעבן אַלס תלמיד אין דער גוייִשער שולע, מיטן צוזאָג, אַז מ'וועט דאָס קינד באַפרייען פון שרייבן אין שבת. אין יענער צייט האָבן די פּאָליאַקן זיך באַמיט צוצוציִען יידישע קינדער צו זייער פּאַטריאָטישער אונטערנעמונג. די שולע איז געווען אין ביילע רייצים הויז אויפן צווייטן שטאָק, און די לערערין וואָס האָט א־יך דאָרט געוווינט האָט

געהייסן פּאַני ראַסקאָוואָלסקאַ. אויף וויפל איך געדענק בין איך במשך פון ערשטן לער־יאָר געווען דאָס איינציקע יידיש יינגל אין קלאַס. צום סוף יאָר, אָנפאַנג זומער, איז געווען אַ צוזאַמענפאַר פון אַרומיקע פוילישע פריצים צום פאַרהער פֿון די תלמידים. אויבן־אָן איז געזעסן דער גרויסער פריץ, וואָס איז אויך געווען דער שופט אין בעכעווע, פאַן קאָווערסקי, נעבן אים די סקאָווינסקעס, בודנער און אַנדערע. מ׳האָט אויסגערופן די תלמידים ביי די נעמען, און נאָכן ענטפערן אויף אייניקע פראַגעס האָט אַ פּריץ אָנגענומען אַ פולע גאָרשטש גוטע קאָנפעטן אין קאָלירטע פּאַפּירלעך און פריינדלעך דערלאַנגט דעם תלמיד. ווען מען האָט מיך צוגערופן, האָט די פּאַני ראַסקאָוואָלסקאַ געזאָגט מיר, איך זאָל דעקלאַמירן די פּאָעמע, וואָס מיר האָבן געלערנט אויף אויסנווייניק. ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט דער פּאַן קאָווערסקי מיך צוגערופן, אַ לייכטן גלעט געטאָן אין בעקל, און דערלאַנגט מיר צוויי פולע גאָרשטשעס קאָנפעטן, וואָס האָבן אָנגעפילט אַלע מיינע קעשענעס. איך בין געלאָפן הענדעם־פּענדעם, אונ־טערשפרינגענדיק אַהיים. עס קלינגט מיר נאָך אין די אויערן מיין טאַטעס ע״ה באַמערקונג, אַז עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַזאַ בחור ווי איך אַזוי צו לויפן, אַז עס וואָלט שוין צייט געווען צו האַלטן זיך מער „סטאַטעטשנע״.

נאָך דעם שול־יאָר בין איך געוואָרן אַ בית־המדרש׳ניק.

דאָס בית־המדרש איז געווען די הויפּט־אינסטיטוציע אין און אַרום וועלכער עס האָט זיך קאָנצענטרירט כמעט דאָס גאַנצע גייסטיקע, ווי אויך געזעלשאַפטלעכע לעבן פון שטעטל. דאָס איז געווען אַן עלטערע הילצערנע געביידע, זייער אַ גרויסע לויט מיינע באַגריפן פון יענער צייט, געשטאַנען אין פראָנט פון דער מערב־וואַנט פון דער געמויערטער שול, אין וועלכער מ׳האָט נאָר געדאַוונט שבתים און ימים־טובים, אויסער דעם פּוליש, וואָס איז געווען פון דער רעכטער זייט און געצויגן זיך אין דער גאַנצער לענג פון אַריינגאַנגס־קאָרידאָר צו דער שול אַליין. אין דעם פּוליש האָבן בעלי־מלאכות געדאַוונט מייסטן פרימאָרגנס פון אַ גאַנ־צער וואָך. דאָס לעבן אין בית־המדרש איז אָנגעגאַנגען דעם גאַנצן טאָג ביז שפּעט ביינאַכט. איידער ס׳האָט געוּמען טאָגן האָט געדאַוונט דער ערשטער מנין, וואָס האָט געווײנלעך כמעט אָנגעפילט דעם מקום קדוש און איז באַ־שטאַנען פון בעלי־מלאכות, הענדלער, דאָרפס־גייער, אָדער „לייפערס״, ווי מ׳האָט זיי גערופן, און סתם זריזים לעבודת־הבורא — אַלע יידן, וואָס האָבן געוואָלט זיין פריי צו גיין זוכן דאָס „פּיצל פרנסה״ גאַנץ פרי. נאָכער האָבן געדאַוונט נאָך מנינים ביז אַ זייגער 10־11. עס זענען געווען אייניקע, וואָס האָבן

אָפּגעדאַווענט „פון פאָרנט און פון הינטן" און אָפּגעלייגט דעם טלית־און־תפילין ביז שפּעט בייטאָג, און דערווייל געלערנט אַ בלעטל גמרא, געבלעטערט ספרים, אַ מאָל אויך אַהיימגעגאַנגען דערווייל טרינקען אַ גלעזל וואַרמס, טיי אָדער „באַוואַרקע" (הייס וואַסער מיט מילך) — אַלץ יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט צו וואָס זיך צו איילן. ביים עמוד, אויפן באַלעמער און אויפן גאַנצן שטח איז אָנגעגאַנגען דאָס דאַווענען בציבור, אייניקע אין דער שטיל (בלחש) מיט גרויס כוונה, אַנדערע — אויפן הויכן קול מיט העוויות און תנועות; און אין דער זעלבער צייט איז אָנגעגאַנגען דאָס לערנען ביי די לאַנגע טישן און בענק, לענג־אויס די צפון און דרום־ווענט. שפּעטער בייטאָג, ספּעציעל צווישן מנחה־מעריב, האָבן יידן געשמועסט, גערעדט פּאַרשידנס, מייסטנס פּאָליטיק און נייעסן איבער דער וועלט, געשעפּט פון דעם קוואַל וואָס האָט געלייענט דעם „הצפירה"־בלאַט. די הייסע שמועסן זענען מייסטנס אָנגעגאַנגען אַרום דעם קאַפּליאַנע אויוון ביי דער מעריב־וואַנט. אָט געדענק איך: שטייט אַ הויכער ייד אין צענטער פון אַ גרופּע — אַ רעדל און טייטלט מיטן רעכטן פינגער איבער דער דאָלאָניע פון דער לינקער האַנט „אָט דאָ איז יאַפּאָניע און דאָ איז פּאָניע" — ער וועט פּאַרט־אַ־טוטו נישט איינגעמען!" אויסציִענדיק דעם „נישט" בקול רם. „אָט — שרייט ער — גייט שוין אַדמיראַל מאַקאַראָף מיטן גרויסן פלאָט און ר'וועט זיי פּאַרשפּייען, מיט די היטלען פּאַרוואַרפן".

לינקס־אויס דער מערב־וואַנט, אין דער הויך, אונטער דער סטעליע, איז געווען אַ לאַנגע ריי פענצטער פון דער ווייבערישער שול. פון דאָרט האָט זיך איינגעשניטן אין זכרון, אויסברוכן פון שטאַרקן געוויין, וואָס האָבן זיך אויך אַזוי מיט אַ מאָל אָפּגעשטעלט.

איך בין געוואָרן, ווי איך האָב געזאָגט, אַ בית־המדרשניק, אָבער ס'איז נאָר געווען כלומרשט געלערנט. אַרום יענער צייט איז צוריקגעקומען אַהיים יאָסעלע שבע־האָדיסעס, אַן אָנגעזעענער לערנער אין בית־המדרש, וואָס האָט מיט אַ צייט פריער צוזאַמען מיט חיים מאַרכעווסקי (ד"ר חיים דיאַמאַנד) „אָוועקגעלאָזט" זיך קיין אָדעס. דאָס האָבן זיי נאָכגעטאָן אהרעלע דאַרפסמאַן, וואָס האָט עס פריער געהאַט געטאָן און צוריקגעקומען אין אַ פּאַלערינע און קאַפּעלוש און געוואָרן אַ לערער פון די מיידלעך. יאָסעלע איז געוואָרן מיין לערער פון לשון קודש. מ'האָט מיר אויסגעשריבן אַ לשון קודש ביכל „מורה לשון", און ער איז געקומען צו מיר, דאַכט זיך מיר, צוויי מאָל אַ וואָך געבן

לעקציעס ביז... ער האָט זיך שטערבלעך פֿאַרליבט אין דער שיינער אסתּר'ל, דעם בלעכערס טאָכטער. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע ליבעס־דראַמע, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ חופּה ביי דער שול צו וועלכער עס זענען געגאַנגען קינד און קייט. איך געדענק מיך נאָכלויפנדיק מיט אַנדערע יינגלעך און אַריין אין אַ בלאָטע איבער די קני. דאָס שטעטל האָט אַ לאַנגע צייט גערעדט פֿון דער חתונה דורך אַ „פֿאַרליאַפּעניש". חיים האָט זיך אויך גענומען צום זעלבן לערעריי. עטלעכע יאָר שפּעטער בין איך אויך געווען אַ לערער אין שטעטל פֿאַר אַ קורצער צייט און געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. מען האָט מיר געצאָלט אַ „פּערציקער" (20 קאָפּיקעס) אַ וואָך... מיין לערנען לשון קודש האָט נאָר באַדאַרפֿט זיין אַ צוגאָב צום עיקר, וואָס איז געווען לערנען אין בית־המדרש.

אונטער דער שול האָט זיך געצויגן דער לאַנגער הילצערנער פּאַרקן פֿון „הייליקן אָרט", וואָס האָט פֿאַרנומען אַ גרויסן שטח באַרג אַראָפּ. פֿאַר אונדז קינדער האָט יענע גאַנצע געגנט געהאַט אַ נאָענטע שייכות מיט „יענער וועלט". דער לאַנגער פּאַרקן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען פֿון אַ הילצערנער אַלטער געביידע, וואָס האָט געהייסן „דאָס הקדש". דאָס איז געווען די אַכסניה פֿאַר די „מדינה־גייערס" (אָרעמעלייט, וואָס זייער פּרנסה איז געווען גיין איבער די הייזער פֿון שטעטל צו שטעטל). דאָרט האָט אויך געוווינט דער אונטער־שמש, זלמן־יעקב. אין די גאָר פֿריִע קינדערשע יאָרן איז דער זעלבער זלמן־יעקב געווען אין אונדזערע אויגן ווי עפּעס אַ ספּעציעלע מיסטעריעזע באַשעפֿעניש, וואָס האָט געהאַלטן די פֿאַרבינדונג צווישן די וועלט און יענע וועלט. אַלע יינגלעך אין חדר האָבן געוווּסט, אַז ווען עס טרעפֿט אין שטעטל אַ מת — אין מאָמענט פֿון יציאת הנשמה, שפּרינגט די קליאַמקע פֿון זלמן־יעקבס טיר אַראָפּ און ער ווייסט באַלד צו קומען מיטן טהרה־בעט. אויך שפּ״ט ער מיר פֿאַר די אויגן, ווי ער איז אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב ווען מיין מאַמע האָט שרעקלעך געוויינט ביים וויגל פֿון מיין קליין ברודערל, און דער טאַטע איז אויך געזעסן אַ פֿאַרצוקטער און פֿאַרטרויערטער — צוגעגאַנגען צום וויגל, גענומען דאָס קינד אונטערן אָרעם און אָן אַ וואָרט דערמיט אַוועק.

זלמן־יעקב האָט געקלאַפּט אין שול יעדן פֿרימאָרגן „מיטן טאָג צו גלייך". ער האָט אויך געטראָגן די שטאַנגען און אויפֿגעשטעלט די חופּה פֿאַר דער שול, ווען מען האָט געפֿירט דאָס פּאָרל צו דער חופּה. ער האָט אויך געלייגט דאָס גלעזל אונטער דעם חתן'ס פֿוס און אים באַפֿוילן עס צו צעברעכן. זיין פֿונקציע

איז אויך געווען פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָכן דאַווענען אַ קלאַפּ טאָן אין בעלעמער און אויסרופן, אַז דער־און־דער בעל־הבית רופט דעם עולם אויף אַ שלום־זכר פאַר ביבער־מיט־אַרבעס, נאָכן עסן, פאַרשטייט זיך. ער האָט אויך טייל מאָל אויסגערופן, אַז דער ערב האָט זיך ערגעץ־ווו איבערגעריסן און מ׳טאָר נישט טראָגן; דאַן האָבן מיר, די קליינע יינגלעך, דערפילט אונדזער חשיבות אַהיימטראָגנדיק די טליתים און סידורים יענעם שבת.

צווישן די יינגלעך פון חדר איז אויך געווען באַוווסט, אַז עס זענען פאַראַן נעכט, ווען די מתים פאַרזאַמלען זיך נאָך חצות אין דער גרויסער גמויערטער שול, לייענען די תורה, און רופן אויך צו עליות. די פאַרשריפט איז געווען נישט צו גיין דאָרט ביינאַכט. טאָמער אָבער האָט געטראָפן און דו ביסט יאָ געגאַנגען און דערהערט דיין נאָמען „אויסרופן", האָסט דו שוין געמוזט גיין גלייך צום באַלעמער, נישט קוקן, חלילה, אויף רעכטס אָדער לינקס, אַרויפגיין און אָפּזאָגן די ברכות, און צוריק אַרויסגיין אויף דעם זעלבן אופן. זלמן־יעקב, האָט מען געזאָגט, האָט זיך געפילט דאָרט ווי ביי זיך אין דער היים. אַלס חדר־יינגל האָב איך איינמאָל געהאַט די אַמביציע גובר צו זיין דעם פחד וואָס איז אָנגעיאָגט געוואָרן אין חדר פון די קינדערישע מעשיות. און דאווקא אַהיימגעגאַנגען אין דער פינצטער מיט יענעם געסל צווישן דער שול און בית־הקברות; אַ צאָן־און־אַ צאָן האָט געקלאַפּט, און דערלויפנדיק צו דער היים האָב איך שוין געקלאַפּט אין פענצטער, מ׳זאָל אַרויסקומען מיך אַרייננעמען...

אַרום יענער צייט, ווען עס האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט דאָס רעדן וועגן דעם יאַפּאָנטשיק און דער מלחמה, האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן אַ „גערידער" וועגן „מינינעס" (מיינענדיק אימיענינעס). קינד און קייט האָבן גערעדט דערפון. עס האָט זיך דעמאָלט גענומען אַנטוויקלען דער מסחרישער פאַרקער מיט וואַרשע. האָט מען פון דאָרט אימפּאָרטירט דעם מנהג פון פייערן בציבור דעם געבורטס־טאָג. יונגוואַרג, בית־המדרשניקעס, און כלה־מיידלעך, וואָס האָבן באַשלאָסן צו ווערן פאָרטגעשריטן, פלעגן בשתיקה זיך צוזאַמענקומען אין אַ היים ווו מ׳איז רואיק געזעסן און געשמועסט, געלייענט די אויפקומענדיקע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור בציבור; אַ מאָל אויך געכאַפּט אַ קערטל און איינגעאָרדנט אַ שטיקל סעודה׳לע, וואָס מ׳האָט גערופן „וועטשערינקע", געשמועסט, געלאַכט, פאַרבראַכט. אויך האָט מען אָנגעפירט פייערונגען פון „אימענינעס". די ערשטע גרויסע אימענינעס האָט די גרופּע געפייערט לכבוד חנה׳לע פויגעס, דאַכט זיך מיר, און דעם פראָמינענטן גבירס זון, דער בית־המדרשניק, יענקעלע אברהם

דוד׳ס איז אויך דאָרטן געווען. צומאָרגנס האָט זיך געטאָן חושך, דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאַדאָראָם. אברהם דוד, אַ גרויסער, שטאַרק „באַליבטער״ שווע־רער ייד, אַ גביר, אַ תקיף, איז אַרויף אויפן בעלעמער און געשריגן אויף אַ קול „אַז נישט אומזיסט שטאַרבן אַזוי פיל קליינע קינדער!... יונגען מיט מיידן... מינינעס גאָר!״... און עס איז געווען אַ סדרה געוואַלד מינינעס! איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ קליינער יאָט פון אַ יאָר 7־8, נאָר אויף וויפל איך געדענק האָט דער טומל מיט מינינעס אַזוי ווי אַ ביסל אָפגעשטעלט דאָס „צולאָזנקייט״: די מלמדים אין די חדרים זענען געוואָרן שטרענגער, און פאָר אַ שטיקל צייט האָבן די תלמידים געהאַט „די זיבעלע ניכפּה״, און אין בית־המדרש האָט זיך שטאַרקער געמערקט דאָס בלעטערן פון ספרים און דער גמרא־ניגון איז געווען העכער און געדיכטער.



מסיבת פרידה לרגל עליתו של מנדלי ארליך לארץ־ישראל (1934)

צום אָבפאָר פון מנדלי ארליך נאָך ארץ־ישראל (1934)

1) עומדים (משמאל לימין): איינשטיין מאשה, גרוס האנט, רייס יהושע, ארליך חימי רייס ישראל־איטשה, ארליך ביילה, ארליך חיה, איינשטיין חיה. 2) (מימין לשמאל): נייזו אברהם, נייזר אַנז׳ה, אחותו של נודל ש., פרידמאן ברוך, פינלס שבע ובעלה, שאָשז אלעזר שלומ׳ס, פרידמאן יוסף, נודל גיטל־שמחה, פרלמוטר חנה־גיטל, ארליך ציבצה ינטשמיאן חנה־גיטל, לובלסקי וועבצה, פרידמאן שיינדלי. 3) (מימין לשמאל): רייכ אלקה׳לי, פרידמאן חנה, פרידמאן פינאלי, ארליך אביש, ארליך מנדלי, איינשטיין פ־יגה אשת אלעזר שלמה׳ס, פרלמוטר ברכה, ארליך רבקה׳לה, ארליך ברוך. 4) (ילדים, מימי לשמאל): אחות מאשה איינשטיין, בת של שאָשה, חיה יוטה, שרה ינטשמיאן, ילד ש שבעלע, חנה־אהרן שמחה נודל׳ס, מרכה׳לה, פנחס רייס

איך בין נאָך גאָר יונג געווען, כמעט נאָך אַ קינד, ביים חורבן פון מיין שטעטל.

ווי אין אַ סך אַנדערע יידישע ישובים האָט אין אונדזער שטעטל דאָמינירט דאָס רעליגיעזע לעבן, אין אָט דעם לעבן זענען געווען איינגעפלאָכטן אַ סך אינסטיטוציעס, און אַנשטאַלטן, קודם־כל: די ערשטע צום דאַווענען און לערנען. אַ שיינע שול און אַ בית־מדרש, וואָס זענען שטענדיק, באַזונדערס אין שבתים און יום־טובים, געווען אָנגעפילט מיט מתפללים, תהילים־זאָגער, „עין יעקב" און משניות־לערנער. פון דאָרט פלעגט זיך כמעט תמיד דערטראָגן אַ ניגון פון יידישער דבקות, פון געזאַנג און השתפכות הנפש, וואָס פלעגט זיך צוזאַמענגיסן ווונדערבאַר מיט די אַרומיקע טענער פון דער נאַטור, מיטן צווישטשערן און געזאַנג פון די פייגל און מיטן פליעסק פון טייכלעך און טייכן, און דער רויש פון דיביימער און ווינט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויך די פייגל, די ביימער און קוסטעס דאַווענען „יידישלעך" און פרום און גיבן אָפּ אַ לויב דעם בורא עולם, וואָס האָלט אויג אויף זיינע באַשעפענישן פון גרויס ביז קליין און שפּייזט יעדן מינדסטן מיט זיין גרויס חסד און רחמים. נאָך דער שול און בית־מדרש, גייען דער אַלטער רב רבי חמיה׳לי, וואָס מחמת זיין טיפער עלטער האָט שוין זיין אייניקל געהאָלפן אים אין פירן די רבנות, דער מורא־הוראה ר׳ ישראל ישעיה, די שוחטים און אַנדערע כלי־קודש, וואָס אַלע צוזאַמען האָבן זיי געבילדעט די גאָלדענע קייט פונעם יידישן קיום. עס זענען געבליבן אין מיין זכרון די זיסע געזאַנגען פון די פאַרשידענע חסידים אין שטעטל, וואָס אַ סך פון זיי זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום דעם רבין רב איציקל, וועלכער האָט אָפּגעשטאַמט פון דורות צדיקים און גאונים. אָט דער רבי רב איציקל איז נפטר געוואָרן אין סאַמע אָנהייב פון דער מלחמה און זוכה געווען צו קומען צו קבורה אויפן אַלטן בית־עולם אין שכנות מיט זיינע הייליקע עלטערן און זיידעס.

נאָך די כלי־קודש גייען די צאָלרייכע חינוך־אינסטיטוציעס: די חדרים, די תלמוד־תורה, די בית־יעקב־שולע (ווו איך האָב געלערנט), זיי אַלע האָבן באַלויכטן דעם ישוב מיטן אייביקן ליכט פון תורה־פלאַם. דערנאָך קומען די פאַרשידענע צדקה־אַנשטאַלטן: דער ביקור־חולים, גמילות־חסדים און אויפן עקאָנאָמישן געביט די יידישע באַנק. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט זיך געניייטיקט אין איבערגעגעבענע עסקנים און טוערס, וואָס האָבן נישט געשפּאָרט קיין צייט און מי די דאָזיקע אינסטיטוציעס צו דערהאַלטן ביים לעבן. צום באַדויערן געדענק איך שוין נישט די נעמען פון אָט די טרייע געזעלשאַפטלעכע טוערס. מיר דערמאָנט זיך אַ נאָמען, דאָס איז דודטשע רייס, וועלכער איז אויך געווען פּרעז־

זידענט פון דער חברה קדישא. פון די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט חינוך, ווי מיט דער „בית־יעקב"־שולע און אַנדערע אַנשטאַלטן, שווימען אויף אין מיין זכרון די נעמען, פון פאַמיליע פינקעלשטיין, מרדכי רייס, אשר שטולמאַן.

סאָציאַל גענומען איז אונדזער שטעטל, ווי דאָס רוב יידישע קהילות, באַשטאַנען פון דריי שיכטן: עטלעכע גבירים, צווישן איינער, אַ גרויסער עשיר, אַ סך מיטל־קלאַס מענטשן, קליינע סוחרים קרעמער, און קלייטניקעס און דאָס איבעריקע בעלי־מלאָכות און סתם אָרעמע לייט. עס איז אָבער געווען אַ צעמענט, וואָס האָט פאַרשמאָלצן די אַלע שיכטן אין איין גאַנצקייט און דאָס איז געווען דאָס קהלישע לעבן, די יום־טובים און שבתים, די אָנגעהעריקייט צום יידישן כלל און די צוגעבונדנקייט צו אַ דורותדיקן לעבנס־שטייגער און מנהגים.

אַזוי איז געפלאָסן שטיל און אָפט מאָל טומלדיק דאָס יידישע לעבן אין מיין שטעטעלע, וואָס איז געווען איינגעפאַסט אין אַ בילד־שיינער, הערלעכער נאַטור־ראַם פון וואַלד, לאָנקע, און טייכן, ווו די יוגנט פלעגט שפּאַצירן, זיך באָדן און זיך פאַרוויילן. אין די שבתים פלעגן עלטערע מענטשן כאַפּן פרישע לופט ערגעץ דאָרט ביי דער לעגענדאַרישער חורבה פון אַן אוראַלטן שלאָס, וואָס אויף זיין שפּיץ האָבן שוין מחמת אַלטקייט זיך צעוואַקסןביימער.

די יוגנט איז געווען איינגעטיילט אין די פאַרשידענע ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע פאַרטייען און קרייזלעך: אַלגעמיינע ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן (בית"ר), פּועלי־ציון און בונדיסטן. די בונדיסטן האָבן אויך געהאַט אַן אייגענע שולע, און די ציוניסטן האָבן אויסגעהאַלטן אַ בית־עם, ווו עס פלעגן אַראָפּקומען רעדנער און רעפערענטן.

אַזוי האָט זיך באַקוועם, לאַנגזאַם, פאַרבנרייך, און ניואַנסירט, פרום און וועלטלעך, רעליגיעז און סאָציאַל געשלענגלט דאָס לעבן אין מיין שטעטעלע בעכיווע, ביז עס איז געקומען דער האַקן־קרייצלישער קארשון, וואָס האָט פאַרשפּרייט זיינע שוואַרצע אימה־פליגלען איבער דעם טייערן ישוב, און מיט זיינע טומאה־נעגל, פאַרצוקערישע, זיך אַריינגעריסן אינעם לייב פון די אומשולדיקע יידישע איינוווינער, און געשטעלט אַ שוואַרצן פּונקט צום עקזיסטענץ פון מ״ין וווּנדערבאַר יידישער היים.

מנשה ערליך ז״ל

# זכרונות

דאָס האַרץ נעמט האַסטיקער קלאַפּן און די האַנט הייבט אָן ציטערן, ווען איך נעם באַשרייבן מיין ליב שטעטעלע ביכאָווע. שטעלן דיר אַ מצבה. אַרעם זענען די אויסדרוקן און שוואַך איז די פען, כדי צו קענען שילדערן די געפילן און זכרונות, וואָס שפּאַרן זיך צום געדאַנק, כדי צו ווערן אויפגעשריבן און פאַרצייכנט. אָה! די זכרונות וואָס וועלן קיין מאָל נישט ווערן אויסגעמעקט פון מיין זכרון, דערמאָנענדיק זיך אין דיר ביכאָווע, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און ווו מיינע עלטערן און זיידעס און עלטער־זיידעס זענען געבוירן געוואָרן און האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן און זייערעביינער רוען זייער אייביקן רו אויפן בית הקברות נעבן דער שול. ביז ס'איז געקומען די האַנט פונעם צורר ישראל, היטלער, ימח שמו וזכרו און אַלץ פאַרטיליקט. איבערגעריסן די קייט פון דורות, וואָס האָט זיך געצויגן פילייכט הונדערטער יאָרן. און דאָס אַלץ האָט ער פאַרוויסט, פאַרניכטעט, אָפּגעמעקט פון דער ערד און קיין זכר נישט געלאָזן.

איך דערמאָן זיך אין מיינע קינדער־יאָרן, ווען איך האָב געלערנט אין חדר. געווען איז עס אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז אַנטלאָפן קיין לובלין, ווייל דער פראָנט מיט די שלאַכטן האָבן זיך געפירט אין ביכאָווע און אַרום דעם שטעטל, די קוילן זענען אַריינגעפלויגן אין די שטובן, די שריפות האָבן געבושעוועט פון אַלע זייטן און האָבן באַלויכטן דאָס שטעטל מיט אַ בייזן גיהנום־פייער. און געהרגעטע און פאַרווּנדעטע זעלנער האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע געסלעך און אויף אַלע וועגן. און אַלס צוגאָב האָט מען מיין פאָטער ר' יצחק לייב ז״ל מיט נאָך אַ גרופּע יידן אַרעסטירט און באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש. מען האָט די אַלע יידן אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, געבראַנגט צו דער שול און באַשולדיקט, אַז זיי זענען שפּיאָנען, האָבן געגעבן צייכנס צום שונא און מ'האָט זיי צוגעשטעלט צו דער וואַנט און

געוואָלט דערשיסן. אין דער לעצטער מינוט האָבן די אָפיצירן באַשלאָסן נישט צו דערשיסן אָט די יידן, נאָר זיי אַרעסטירן, האָט מען זיי געטריבן קיין לובלין און אַ גאַנצן וועג זיי געשלאָגן מכות רצח, און נאָכהער פאַרשפאַרט אין דער לובלינער תפיסה, וואָס האָט געהייסן זאַמעק, אויף לאַנגע חדשים. שפּעטער, ווען די שלאַכטן האָבן זיך איינגעשטילט אַרום ביכאַווע און די עסטרייכער האָבן איינגענומען דאָס שטעטל איז מען צוריק אַהיימגעקומען, און געטראָפן אַלע ווינונגען אַלס... פערד־שטאַלן; די זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען אין ביכאַווע האָבן געהאַלטן די פערד אין די הייזער. ווייזט אויס, אַז ס׳איז זיי געווען באַקוועם אַזוי. איך געדענק, אַז מיר זענען צוריקגעקומען פון לובלין ביי נאַכט, און ווען מיר זענען אַריין אין שטוב האָבן מיר געהערט אַ זשומען ווי אין אַ בינשטאָק, און אַז מ׳האָט אָנגעצינדן אַ ליכט האָבן מיר דערזען, אַז אַלע ווענט זענען שוואַרץ פון פליגן.

קיין צרות האָבן נישט געפעלט. קיין פרנסה איז נישט געווען ביי קיינעם, ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו האַנדלען און אויך נישט מיט וועמען. קיין אַרבעט איז אויך נישט געווען און ס׳איז נישט געווען פאַר וואָס צו קויפן אַ שטיקל ברויט. מ׳פלעגט גיין צו די עסטרייכישע זעלנער און בעטלען עסן און זיי האָבן גערן געגעבן. אַרום שטעטל האָט זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער אַמוניציע: פאַרשידענע קוילן פון ביקסן, שראַפּנעלן, זעלנערישע מונדירן און שינעלן. די יידן האָבן ביסלעכווייז זיך גענומען אויפוועקן פונעם מלחמה־קאָשמאַר, און אָנגעהויבן האַנדלען מיט אָט די אַלע מיליטערישע זאַכן, וואָס מ׳פלעגט אָפקויפן ביי די רוסישע געפאַנגענע, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי דעם עסטרייכישן מיליטער. די געפאַנגענע האָבן צונויפגענומען די געהאַרגעטע זעלנער פון ביידע צדדים, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע פעלדער, געגראָבן גרויסע מאַסן־קברים און געברענגט צו זייער אייביקן רו אָט די אומשולדיקע קרבנות פון ברודער האַס און מלחמות.

ביסלעכווייז האָט דאָס שטעטל זיך אומגעקערט צו זיין פריערדיקן נאָרמאַלן לעבן.

און שפּעטער — די יוגנט־יאָרן, ווען דער „חדר" מיטן בית־המדרש האָבן שוין נישט פאַרענטפערט אַלע פראַגן, וואָס דאָס לעבן האָט געשטעלט. געווען איז עס אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע און דאָס אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פוילן. עס זענען געוואָרן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די פריצים באַהאַלטן זיך, אַז די פאַראָבקעס בונטעווען זיך און ווילן מער נישט אויספירן

די באַפעלן פון די פריצים, אַז יידן מיט איבערגעשראָקענע פנימער האָבן גענומען זיך שושקען אין אויער, ווער ווייסט צי ס׳וועט פון דעם נישט אַרויסקומען נייע פּאָגראָמען אויף יידן...

אין יענע צייטן האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך אין אונדזער פאַרוואָר־פענעם ווינקל אַ שטראַל ליכט, וואָס האָט אָנגעצינדן אַ פונק אין די הערצער פון דער יוגנט, וואָס האָט ביז דעמאָלט זיך אויסגעלעבט אין דעם טראַדיציאָנעלן יידישקייט, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל פון דורי־דורות. מ׳האָט געהערט, אַז אַחוץ חומש מיט רש״י און גמרא איז אויך דאָ אַנדערע לערע, וויכטיקע פאַר דעם מענטשלעכן קיום.

ספּעציעל וועל איך דאָ באַשרייבן דאָס אָרגאַניזירן זיך פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט אין ביכאווע. אַ געוויסן „שטויס״ דערצו האָבן אונדז געגעבן אונדזערע פאָרגענגער ווי: יצחק פייעראייזן, ישראל שפּיראָ, זיסמאַן גארטן און אַנדערע, וועלכע האָבן געשאַפן די ערשטע אַרבעטער־ביבליאָטעק אין ביכאָווע אונטערן נאָמען „בילדונגס־פאַראיין״. זיי האָבן אויך אָרגאַניזירט קורסן אויף וועלכע נחמיה מאַנדלבוים האָט געלערנט שרייבן. אַזוי אַרום האָט דער „בילדונגס־פאַראיין״ מיט נחמיה לערערס הילף גענומען פאַרטרייבן די פינצטערניש פון דער יידישער אַרבעטער גאַס. אָבער לאַנג האָט די דאָזיקע פרוכטבאַרע קולטורעלע טעטיקייט נישט געדויערט. מיטן אויסברוך פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה האָט די פּוילישע מאַכט גענומען רודערן דעם „בונד״, פאַרמאַכט אַלע זיינע אָרגאַניזאַציעס און אַרעסטירט זייערע פירער. זי האָט אויך פאַרמאַכט דעם „בילדונגס־פאַראיין״ אין ביכאווע און אַרעסטירט אַ טייל פון די גרינדער. האָבן מיר געדאַרפט שפּעטער אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי. די הויפּט טרייב־קראַפט צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־יוגנט איז געווען די שווערע מאַטעריעלע לאַגע אין וועלכער עס האָט זיך געפינען דאַן די אַרבעטער־יוגנט אין ביכאווע: אַ לאַנגער אומבאַגרענעצטער אַרבעטס־טאָג, זומער, פון פרימאָרגן ביז אין דער נאַכט אַריין; ווינטער, האָט מען נאָך אַלס צוגאָב נאָך מנחה־מעריב אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און געאַרבעט ביז 11 ביינאַכט, און טייל מאָל נאָך שפּעטער. וועגן אַן אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג האָט מען בלויז געהערט, אַז ערגעץ ווו אַרבעט מען אַזוי, אָבער מ׳האָט אַפילו נישט געחלומט, אַז מ׳וועט דאָס קאָנען דערגרייכן אין ביכאווע. דערפאַר איז דער רוף זיך צו אָרגאַניזירן, כדי אויסצובעסערן עפּעס־וואָס די שווערע לאַגע געפאַלן אויף די הערצער פון דער אַרבעטער־יוגנט ווי אַ רעגן אויף נאַר וואָס פאַראַקערטן באָדן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין לאָקאַלן ווו זיך צו

פאַרזאַמלען האָבן מיר נישט געהאַט, און וואָלט אפשר עמעצער געוועז געגעבן זיין ווינונג אויף איינצואָרדנען אַ פאַרזאַמלונג האָט מען מורא געהאַט פאַר דער פאָליציי. צוליב דעם האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אויף דער לאָנקע, אָדער ביים „פּאַלאַץ״ און אַוועקשטעלן אַ שמירה מ׳זאָל אָנזאָגן צי עס קומט נישט קיין פאָליציי. און דאָס צונאַנדערקומען זיך און אויסהערן רעדעס, אָדער געבן אַ לעקציע וועגן אַרבעטער לעבן אויף דער גרויסער וועלט, וועגן ליטעראַטור און אַנדערע אַקטועלע ענינים, איז נאָר מעגלעך געווען אום זומער, ווען דאָס וועטער איז שיין און מ׳קאָן דאָס איינאָרדנען אונטערן פרייען הימל. אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך אין ווינטער, ווען עס רעגנט און שנייט. און דערפאַר האָט פיל לענגער געדויערט ביז ס׳איז אונדז געלונגען צונויפזאַמלען אַ ביסל געלט כדי צו קאָנען דינגען אַ לאָקאַל, ווי אויך כדי צו באַקומען אַן דערלויבעניש פון דער פוילישער מאַכט אויף צו עפענען אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

נאָר נאָך פאַר דעם האָבן מיר אַ געוויסע צייט געפירט אָוונט־קורסן. די לעקציעס זענען פאָרגעקומען ביי מענדעלע בלייוויס אין שטוב. די דאָזיקע טעטיקייט האָט זיך געפירט אָן בודזשעטן, אָן געלט ממש, ווייל די „לערערס״ זענען געווען מיר אַליין: אברהם צוקער, חיים סאָבעל, און איך. אין אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטער־יוגנט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אין זייערע קינדער־יאָרן זיך צו לערנען, צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פון זייערע עלטערן, האָבן מיר אויסגעלערנט שרייבן יידיש און פויליש. עס האָט דאַן אויך עקזיסטירט די פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך: צדוק זעמעלמאַן, שמואל קליג, חיים שטיין, שמואל ערליך און אַנדערע.

איך געדענק נאָך היינט די גרויסע פרייד, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען ווען מיר האָבן לעגאַל אויפגעעפנט דעם פאַראיין אינעם לאָקאַל, וואָס מיר האָבן געדינגען ביי יידל פּייראַייזן. די פּייערלעכע דערעפענונג האָבן מיר איינגע־אָרדנט אין בית־עם, וועלכן מיר האָבן געדינגען ביי דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע. אויסער די באַגריסונגען און רעדעס האָבן מיר אויך אויפגעפירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אולגינס אַ דערציילונג „דער לעצטער קרבן״, וואָס מיר האָבן סצעניזירט לויט דער איניציאַטיוו פון יעקב קליינמאַן.

שפּעטער מיט דער צייט, האָבן זיך פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אויס־געשיילט „בונד״ און „לינקע פּועלי־ציון״. די „לינקע פּועלי־ציון״ האָבן נאָכהער פאַרלאָזט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און געגרינדעט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע. אין יענער צייט האָט זיך געפירט אין ביכאווע אַ רייך קולטורעל געזעל־

שאַפטלעך לעבן אויף אַלע געביטן. מ׳האָט אַלע מאָל איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס, געבערענגט רעפערענטן פון לובלין, פון וואַרשע. צווישן אַנדערע האָבן אונדז באַזוכט: ז. סעגאַלאָוויטש, אַרטור זיגעלבוים *, זרובבל. ביי אַט די פערזענלעכקייטן האָט אונדזער שטעטל געמאַכט אַ גוטן רושם, און זיי האָבן עס שפּעטער באַשריבן לטובה. אויך דראַמאַטישע קרייזן פלעגן עקזיסטירן ביי אַלע אָרגאַניזאַציעס און מ׳פלעגט פון צייט צו צייט אויפפירן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס פלעגט באַזוכט ווערן דורך דער גאַנצער יוגנט פונעם שטעטל אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי.

מען פלעגט איינאָרדנען עפנטלעכע מיטינגען ווו אַלע פּאַרטייען פלעגן זיך באַטייליקן און דיסקוטירן מיט גרויס התלהבות, ווי אַמאָל אין בית המדרש ביי דער גמרא. אויף אַזעלכע מיטינגען פלעגן מיר מיט פלאַמיקן ענטוזיאַזם אויפ־קלערן און אויסטייטשן די לערע פון מאַרקסן. ס׳איז אונדז דאָן אין ביכאווע נישט געקומען אויפן געדאַנק, און איך גלייב, אַז אפילו די גרעסטע מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער איז נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז אין נאָמען פון מאַרקסן וועט סטאַלין אויסהאַרגענען אַלע זיינע נאָענטסטע חברים, די פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, און מיט יאָרן שפּעטער אין נאָמען פון זעלבן מאַרקס אויסמאָרדן כמעט אַלע יידישע שרייבער און קולטור־טוער פון רוסלאַנד...

דאָס געזעלשאַפטלעך און פּאַרטייאיש לעבן איז זיך געפלאָסן כמעט ווי אויף מי מנוחות, אָבער די יוגנט, וואָס האָט דאָס אַלץ געשאַפן און געפירט מיט גרויס דערפאַלג האָט זיך אַרומגעזען, אַז זי האָט נישט פאַר זיך קיין צוקונפט אין ביכאווע, ספּעציעל אויפן עקאָנאָמישן געביט. ווי עס שטייט אין פרקי אבות: „אם אין קמח אין תורה״. די נעבעכדיקע פרנסות פון די ביכאָווער יידן האָבן נישט אַרויסגערופן קיין שום אילוזיעס אויף צו קאָנען זיך איינאָרדענען אין ביכאווע. כל זמן מען איז געווען יונג, האָט מען אַ ביסל פאַרדינט און דאָס איבעריקע איז מען געווען אָנגעלענט ביים טאַטנס טיש. אָבער אז מען איז עלטער געוואָרן, מ׳האָט באַדאַרפט חתונה האָבן און אַליין בויען אַהיים פאַר זיך, האָט מען נישט געפינען קיין עקאָנאָמישן באַזיס פאַר דער צוקונפט אין ביכאווע. סיי די, וואָס האָבן געאַרבעט און סיי די, וואָס האָבן כלומרשט געהאַנדלט — אַלע זענען געקומען צום אויספיר, אַז נאָר עמיגראַציע קאָן לעזן די פראַגע.

---

* ער האָט זיך שפּעטער, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פוילן, מקריב געווען פאַרן נעפּייניקטן יידישן פאָלק, באַגייענדיק זעלבסטמאָרד אויף די טרעפּ פון ענגלישן פּאַרלאַמענט.

אַזוי אַרום האָבן געגומען ווערן שיטערער די רייען פון דער פראָגרעסיווער יוגנט. עס האָבן גענומען פאַרלאָזן דאָס שטעטל דווקא די טעטיקסטע און אַקטיווסטע חברים, די וואָס האָבן אַזוי פיל מי און אַרבעט אַריינגעלייגט אינעם בויען די אָרגאַניזאַציעס, די וואָס האָבן זייער גאַנצע פרייע צייט געווידמעט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַ טייל איז געפאָרן קיין אַרגענטינע, אַ טייל קיין פראַנקרייך, אָבער די גרעסטע טייל איז אַוועק קיין ארץ־ישראל.

אַפילו אין די שוואַרצסטע חלומות האָט נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס אַלץ וועט מיט אַ מאָל פאַרשניטן ווערן, אַז דאָס אַלץ וועט אַוועקפאַלן ווי זאַנגען אונטער דער קאָסע, אַז איך וועל שוין קיין מאָל מער נישט זען מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, וואָס איך האָב דאָרטן איבערגעלאָזט. אַך, מיין טייער שטעטעלע ביכאווע! כאָטש דו ביסט געווען אָרעם אין מאַטעריעלע גיטער, אָבער רייך אין ראָמאַנטיזם, איינגעהילט אין אַ שלייער פון אידיליע און טייערע נישט פאַרגעסענע יוגנט־זכרונות.

ד״ר חיים דיאַמאָנד

# פון בעכעווע ביז ניו־יאָרק

מיר דוכט זיך, אַז איך געהער צו די ווייניקע (און אפשר בין איך דער איינציקער), וואָס קען דערציילן — פון אייגענער דערפאַרונג — וועגן אונדזער שטעטעלע מיט 70־80 יאָר צוריק. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, איז מער נישט בנמצא נאָך אַ בעכעווער לאַנדסמאַן, וואָס זאָל נאָך האָבן געזען אָט־דאָס שטעטל מיט רייפע אויגן ב״ים סוף פונעם 19טן און אָנהייב פון 20סטן יאָר־הונדערט. שוין צוליב דעם אַליין האָב איך געהאַלטן פאַר מ״ין חוב אַרויסצו־ברענגען מיינע מעמואַריסטישע סקיצן אויפן פאַפיר. נאָך עפּעס: אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, בין איך געווען דער איינציקער וואָס האָט זיך אין יענע צייטן, אויף דער שוועל פונעם 20סטן יאָרהונדערט, אַזוי ווי אַרויסגעריסן פון בעכעווע אין דער „גרויסער און ברייטער וועלט״, כדי צו באַקומען וועלטלעכע בילדונג. דאָס איז אַ פאַקט, וועלכער גייט אַרויס פון די ראַמען פון פריוואַטע זכרונות און באַקומט אַ מין אויסזען פון אַ סאָציאָלאָגיש־געזעלשאַפטלעך פּראָבלעם.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען בעכעווע אין דער צווייטער העלפט פונעם 19טן יאָרהונדערט? איך וואָלט זיך איצט געקענט אַריינלאָזן אין לאַנגע אַנאַליזן, לויט אַלע מאָדערנע דערפאַרונגען וואָס דאָס לעבן האָט מיך געלערנט במשך פון די ווייטערדיקע צענדליקער יאָרן. אָבער דאָס וואָלט געווען אַ פאַלש בילד; ווייל געזען האָב איך בעכעווע (ווו איך בין אין 1884 געקומען אויף דער וועלט) מיט די אויגן פון אַ ייִנגל, וואָס האָט נאָך ווייניק געקענט אַנאַליזירן און מאַכן לאַנג־באַגרינדעטע אָבסערוואַציעס. דערפאַר וועל איך שילדערן דאָס געזעענע מיט די אויגן פונעם דעמאָלטיקן בחורל.

איין זאַך מוז איך — דער „היינטיקער״ — צוגעבן: אויף וויפל מיר דוכט זיך איצט, איז בעכעווע געווען פונקט ווי אַ ריי אַנדערע שטעטלעך אין פוילן; און דאָך זענען געווען אין איר געוויסע אַנדערשקייטן, וואָס איך קען אַפילו

נישט באַשטימען צי זיי זענען פּאָזיטיוו אָדער נישט. בכל־אופן: כ׳וויל זיך באַמיִען צו געבן דאָ, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, אַן אָביעקטיוו בילד פון יענע יאָרן — כאָטש אַלע וועלן סײַווי גוט פאַרשטיין, ווי שווער עס איז צו זײַן „קאַלט" און אָביעקטיוו־שילדעריש, ווען עס קומט צו אַ לעבן, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן פון די נאַציש־רוצחישע הענט.

ווי געזאָגט, בין איך געבוירן געוואָרן — ביי אָרעמע עלטערן — אין יאָר 1884. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער בין איך שוין געווען אַ קליין ייִדעלע, מיטן גאַנצן יאָך אויף די פּלייצעס. כ׳מעג עדות־זאָגן אויף זיך אַליין, אַז כ׳בין געווען צווישן די מער־אַנטוויקלטע קינדער און טאַקע דערנאָך באַקומען אַ שטיקל אויסגערימטן נאָמען. גענוג צו דערמאָנען, אַז אין דער עלטער פון 6 יאָר האָב איך שוין געלערנט גמרא, און דאָס באַווייזט אַ געוויסע רייפקייט. מיינט דאָס, אַז איך קען זיך דערלויבן צו דערציילן וועגן ייִדישן בעכעווע זינט דעם סוף פון די אַכציקער און אָנהייב פון די נײַנציקער יאָרן.

קיין גענויע מאַטעריאַלן — ביי אַנדערע שרייבער — וועגן בעכעווע האָב איך נישט אונטער דער האַנט; און אפשר זענען זיי בכלל נישט בנמצא. בפרט נאָך וועגן איר סאָציאָלאָגישן מצב. גענוג צו דערמאָנען, אַז דאָס ייִדישע שטעטל בכלל האָט ערשט באַקומען די ערשטע וויסנשאַפטלעכע שטודיע אין 1903, דורך דעם סאָציאָלאָג יעקב לעשטשינסקי; און ער האָט זיכער נישט געמיינט אַזעלכע שטעטלעך ווי אונדזערס, אין פּוילן. ער האָט בעיקר געקענט דאָס מער־אַנטוויקלטע שטעטל אין צאַרישן רוסלאַנד. סײַווי: איך וועל דאָ מוזן מאַכן אַ ריי השערות, אַנשטאָט ברענגען שטרענג־פעסטגעשטעלטע פאַקטן. און איך וועל אָנהייבן ביים סאַמע עלעמענטאַרסטן.

וויפל ייִדישע נפשות זענען דאָ געווען אין בעכעווע? דאַן האָב איך נישט צופיל געטראַכט וועגן דעם. עפּעס האָט מיר אויסגעזען, ווי די גאַנצע וועלט באַשטייט נאָר פון ייִדן. טאָ וואָס איז די נפקא־מינה? איך בין זיך אָבער משער, אַז ס׳האָבן דעמאָלט געלעבט אין בעכעווע אַרום 400 ייִדישע משפחות. דערצו האָט כמעט יעדע ייִדישע משפחה געהאַט אַ סך קינדער (טיילמאָל 7 און מער). מ׳קאָן דערפאַר זיך פאָרשטעלן, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג האָט באַטראָפן צווישן 2 טויזנט און 2500 נפשות. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען אויך געווען, ווי אומעטום, רײַכערע און אָרעמערע ייִדן. אָבער ס׳איז פאָרט אַ ביסל שווער צו קוואַליפיצירן

די „קאַטעגאָריעס״ אין מאָדערנערע טערמינען, בפרט אין סאָציאַליסטישן נוסח פון „קלאַסן״. נאָר צום עקאָנאָמישן בילד וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

צי האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט אַן אייגענע „אַריסטאָקראַטיע״, צו וועלכער אַלע פון שטעטל האָבן אַרויפגעקוקט? ווען־נאָר איך טראַכט וועגן דער פראַגע, שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס הויז פון דער חסידישער „דינאַסטיע״ אין בעכעווע. דעם ערשטן רבין, ר׳ נחמיה׳לע ראַבינאָוויטש, האָב איך שוין נישט באַוויזן צו פאַרכאַפּן. דוכט זיך, אַז ער האָט דאָס פאַרלייגט דעם רבישן „הויף״ אין אונדזער שטעטל. ער האָט געשטאַמט פון גרויס יחוס: אַן אייניקל פונעם לעגענדאַרן „ייד הקדוש״, וואָס איז געווען דער תלמיד פונעם נאָך־מער לעגענדאַרן „חוזה״ פון לובלין. אפשר דערפאַר האָט עס געצויגן ר׳ נחמיהלען צו אונדזער מקום, אַ געציילטע פאָר תחום־שבת פון לובלין...

בכל־אופן: איך געדענק שוין די צייטן פון ר׳ נחמיהלעס זון, ר׳ חיימל ראַבינאָוויטש, וואָס אויך ער איז שוין געווען אין מיינע צייטן אַ זקן־מופלג.

דער רבישער הויף איז אייגנטלעך געווען די גרויסע „אַטראַקציע״ פון שטעטל, און איז טאַקע פול געווען מיט לעבן און גלאַנץ. ממש אַ שטיקל אָפּשיין פון יידישער מלכות צווישן די בלאָטיקע און כמעט אומברוקירטע געסלעך. צוליב דעם גוטן שם (און יחוס) פון ר׳ חיימלען, פלעגן קומען צו אים מענטשן פון די אַרומיקע מקומות. בעיקר פלעגן עס זיין עמך־מענטשן, ווייט פון לומדות. אַפילו פון דער גרעסערער לובלין, וואָס האָט פאַרמאָגט אירע אייגענע און מער־באַרימטע רביים, פלעגט מען אָנפאָרן צו ר׳ חיימלען. דאָס זענען געווען ברייט־פלייציקע און געזונטע פישערס, דאָרפס־לייפער און בעלי־מלאכות, וואָס פלעגן זיך ביי אים פילן היימישער ווי ביי די שאַרפע גדולים אין דער אייגענער היים.

אין ר׳ חיימלס צייטן פלעגט מען אַמאָל זען אַן אָנגעפּאָרענעם עולם (בעיקר אין די טעג פון שבועות) פון עטלעכע הונדערט מענטשן. דאָס פלעגט במילא אויפרודערן און אַריינברענגען אויפלעבונג אין גאַנצן שטעטל: מען האָט געזען נייע פּנימער, מען האָט געהערט אַ ביסל נייעס פון דרויסן און טאַקע געשלאָסן אַלערליי קאָנטשאַפטן. אָבער אָט־דער גלאַנץ האָט נאָר אָנגעהאַלטן אין ר׳ חיימלס צייטן. שפּעטער, ווען דאָס רביסטווע איז איבערגענומען געוואָרן פון זיין זון, ר׳ איציק ראַבינאָוויטש, האָט דער הויף פאַרלוירן גאָר אַ סך פון זיין גלאַנץ. אָבער דאָס איז שוין אַ שפּעטערדיק קאַפּיטל. איך בין דאָ בלויז פאַרלאָפן דעם וועג צוליב גאָר אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג, וואָס האָט אויך געהאַט

אַ דעצידירנדיקע השפעה אויף מיין אייגן לעבן, מיט וועלכער ס׳איז פֿאַרבונדן ר׳ איציקלס נאָמען.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז אין שטעטל זענען געווען אָרעמע און רייכע. כ׳בין אָבער זיכער — אויף וויפֿל דער זכרון דינט מיר — אַז ס׳איז נישט געווען ביי אונדז קיין שום קלאַסן־באַוועגונג, אָדער אַ שפּור פֿון די וועלטלעכע פּאַרטייען, וואָס האָבן שוין גענומען אויפשפּראָצן אין אַנדערע שטעט. ס׳איז אויך נישט געווען, ווי ווייס איך געדענק, קיין שום נייגונג צו וועלטלעכער בילדונג. די קריטעריע איז באַשטאַנען אין לערנען תורה: ווער עס קען מער און ווער — ווייניקער.

ס׳איז אָבער אינטערעסאַנט: דאָס איינציקע אָרט, ווו מ׳האָט געקענט דער־שפּירן אַן אָנזאָג פֿון „וועלטלעכקייט" איז געווען דעם רבינס הויז. דאָס איז געווען די איינציקע שטוב אין שטעטל, וווהין ס׳פֿלעגט אָנקומען — מיט דער פּאָסט — די „הצפירה" און נאָך עפּעס אַ צייטונג. דאָרט זענען אויך געווען אַלערליי השכלה־ביכער און „אויפגעקלערטע" ספרים. דעם רבינס זון, טאַקע איציק — וואָס איז שפּעטער געוואָרן דעם רבינס ממלא־מקום — האָט געהאַט אַן אייזערנעם קאָפּ און „פֿון זיך אַליין" (ווי אַן אויטאָדידאַקט) האָט ער זיך אויסגעלערנט רוסיש, דייטש און אַנדערע לשונות. טאַקע ער האָט דאָס אויסגעשריבן די צייטונגען און אויך געוויסע ביכער. מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ׳בין געוואָרן היימישער אין רבינס שטוב, האָב איך דאָרט באַקומען די ערשטע אָנרעגונג צו השכלה. מ׳ין נייגער צו וויסן איז דאָרט טיילווייז געשטילט געוואָרן. כ׳דערמאָן זיך, אַז דאָרט האָב איך באַקומען צום לייענען דעם „ציוניסטישן" ראָמאַן פֿון ענגלאַנד „דניאל דיראָנדאָ" אין פֿרישמאַנס העברעאישער איבערזעצונג, ווי אויך די שריפֿטן פֿון אַנדערע משכילים. טאַקע איציק האָט מיך שפּעטער דערמוטיקט צו אַנטלויפֿן אין דער וועלט אַריין... כאָטש ער אַליין איז דערנאָך געוואָרן אַ רבי, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, און געהאַלטן דעם עולם אין פֿרומען צוים.

היות ווי איך בין געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער שטוב, האָב איך אפשר נישט געהאַט קיין שאַנסן אַרויסצורייסן זיך פֿון מיין באַשטימטן גורל: ווערן אַ שניידער, ווי מיין פֿאָטער, אָדער אַן אַנדער בעל־מלאכה; און די בעלי־מלאכה זענען געשטאַנען אין שטעטל אויף גאָר אַ נידעריקן שטאַפּל — וואָס שייך „געזעלשאַפֿטלעכן אָנזען". הגם מיין פֿאָטער איז געווען אַ חסידישער ייד און אָפּגעהיטן פֿרום (ביים נייען מלבושים פֿאַר יידן פֿון שטעטל, איז ער געזעסן און געזאָגט תהילים פֿון אויסנווייניק ביי יעדן ניי און שטאָך), האָט ער זיך

נישט געקענט דערלויבן צו צאָלן שכר־לימוד פאַר מיר. בפרט ווען עס זענען געווען נאָך קינדער אין שטוב. פאַר קינדער, פון מיינס גלייכן, וואָס מ׳האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן צו מלאכה און אויך נישט געהאַט קיין געלט פאַר אַ מלמד, איז נאָר געווען איין וועג: אין בית־המדרש, ווו יעדער איז געווען פריי צו טאָן וואָס אים געפעלט. אויב אַ יינגל האָט אַליין באַגערט צו לערנען און זיך טאַקע באַמיט, האָט ער געהאַט ביי וועמען צו פרעגן און ווער ס׳זאָל אים העלפן. טאָמער אָבער איינער האָט נישט באַגערט צו לערנען, האָט ער זיך דאָרט געקענט אָפּדרייען דאָס ביסל יאָרן און ס׳זאָל פון אים גאָרנישט ווערן. דאָס שטעטל האָט טאַקע פאַרמאָגט אַ היפּש ביסל אַזעלכע בית־המדרשניקעס, וואָס קיין מלאכה האָבן זיי נישט געלערנט, אָבער ביים „אָפּדרייען" זיך אַזוי פיל יאָרן אין בית־המדרש איז זיי פאָרט געבליבן עפּעס פון ריח־התורה, אָבער קיין לומדים זענען זיי נישט געוואָרן; און אַוודאי האָבן זיי נישט געקענט האָבן קיין פּרנסה פון זייער ביסל וויסן. דאָס איז, שוין צו יענער צייט, געווען דער בעל־הבתישער „לומפּן־פּראָלעטאַריאַט", וועלכער האָט — נאָך דער חתונה — זיך געמוזט וואַרפן אויף אַלע זייטן, כדי אַרויסצושלאָגן דאָס ביסל פּרנסה און חיונה, ווי פון דער לופט.

דאָס מזל האָט מיר געדינט דערמיט, וואָס כ׳האָב גאָר יונג נושא־חן געווען ביים עולם מיט מיין באַגער צו לערנען. דערצו האָב איך פאַרמאָגט אַ זיס קול און ביי דער גמרא פלעג איך אויסטרילערן אַלע נייעסטע ניגונים. דאָס האָט מיך שנעל „פּאָפּולער" געמאַכט אין בית־המדרש, וווהין כ׳בין אָנגעקומען לערנען פאַר זיך אין דער עלטער פון צען יאָר. ווען עס איז געקומען צום לערנען, האָב איך ווי געבראָכן אַלע צוימען. כ׳דערמאָן זיך: געווען ביי אונדז אַ מלמד, מענדל בראַוער, וואָס האָט געלערנט גמרא מיט דערוואַקסענע בחורים (אגב: זיינס אַן אייניקל איז אַ באַקאַנטער פּראָפעסאָר אין ניו־יאָרק). בעיקר האָט ער מיט זיי געלערנט אין די פאַרטאָגן. נו, האָב איך געוווּסט ווו ער לערנט מיט זיי און זיך פאַרגנבעט אַהין, פּונקט ווי דער אָרעמער „האָלץ־העקער" הלל האָט עס געטאָן מיט אַזויפיל דורות צוריק, ביים וועלן הערן תורה פון שמעיה ואבטליון (כאָטש איך פאַרגלייך זיך גאָרנישט, חס־ושלום, צום תנא פון דער גמרא). ר׳ מענדל האָט געוווּסט, אַז איך הער זיך אונטער „אומזיסט" און עס האָט אים אַפילו הנאה־געטאָן.

ערשט דערנאָך, ווען איך האָב זיך געוואָלט איינקויפן ביים רבין — דווקא ווייל איך בין אַן איינגעבעטענער — און גענומען באַווייזן ווי גוט איך נעם אויף

זיין תורה, האָבן מיך די אַנדערע תלמידים געוואָרנט: טאָמער איך וועל אָנהייבן מיט אַזעלכע „שטיק" וועלן אַלע מיט מיר ברוגז־ווערן און ס׳וועט פאַר מיר נישט טויגן.

אין שטעטל, כאָטש מיט אַזוי ווייניק משפחות, זענען געווען אַ סך חסידישע „שטיבלעך": גערער, פּאַריסאָווער, טריסקער, בעלזער, ראַדזינער — און איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַלע אויסגעהאַלטן. מיין טאַטע איז, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען דאַווענען צום רבין. אָבער מיך האָט כסדר געצויגן צום בית־המדרש. אָבער דער שם פון מיין שיין זינגען האָט אויך דערגרייכט צום אַלטן רבין, האָט ער געבעטן דעם טאַטן, אַז ער זאָל מיך ברענגען צו אים. דאָס איז נאָך געווען פאַר מיין בר־מצווה. איך האָב געמוזט צוליב טאָן דעם טאַטן און זינט דעמאָלט פלעגט דער רבי נישט גיין „צום טיש", ביז איך בין נישט געקומען און באַגלייט אים מיט זמירות. ס׳איז גאָרנישט צו באַשרייבן דעם נחת און שטאָלץ פון מיין אָרעמען טאַטן צוליב אַזאַ זאַך. ער האָט דעמאָלט געהערט צו די גליקלעכסטע פונעם שטעטל. דערפאַר בין איך געוואָרן אַ בן־בית ביים רבין, און טאַקע אויך אָנגעהויבן געניסן פון דער צייטונג און השכלה־ספרים, וואָס זענען געווען ביי אים אין הויז. דאָרט האָב איך זיך טאַקע אויך, צום ערשטן מאָל, „טראַגיש פאַרליבט" אין איינער פון די משפחה־מיידלעך (דעם רבינס הויז, וואָס האָט געהאַלטן אַרום זיך אַלע זין, טעכטער, איידעמס און אייניקלעך, האָט שטאַרק געשמט מיט די שיינהייטן פון ווייבערשן מין, וואָס זענען דאָרט געווען; מ׳האָט אַפילו געשמועסט, אַז טייל קומען צו פאָרן צוליב דעם מער ווי צוליב דעם רבין). דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ ליבע „אָן שום שאַנסן" און האָפענונגען פאַר מיינס־גלייכן... כאָטש מ׳האָט מיך אַזוי ליב געהאַט אין רבינס הויז.

מחוץ דעם היימישן רבין פלעגן אויך קומען — פון צייט צו צייט — אויף אַ שבת אַלערליי רביים (און דער עיקר: רביישע „אייניקלעך") פון אַנדערע מקומות. דעמאָלט פלעגט דאָס שטעטל אויף ס׳ניי גיין אויף רעדלעך. דאָס איז געווען אַן אמתע סענסאַציע. איך דערמאָן זיך, אַז איין מאָל איז געקומען צו פאָרן דער פּאַריסאָווער רבי, אַ קרוב פון „אונדזער" רבין. ער איז איינגעשטאַנען ביים גביר יעקב פייעראייזן, ווו עס איז געווען אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. ביים שפּיץ טיש, מיטן רבין, איז אויך געזעסן דער איידעם פון אונדזער היימישן רבין. מ׳האָט אים, ישראל־הערשן, מכבד־געווען מיט זינגען זמירות (זיין אייניקל, אגב, איז געווען אַ באַקאַנטער קאָמפּאָזיטאָר) און ער האָט מיך גענומען פאַר זיין צוהעלפער. דער פּאַריסאָווער רבי איז שטאַרק באַנומען געוואָרן פון מיין נגינה

און געפרעגט, צי „דאָס יינגעלע קען אויך לערנען, פונקט ווי זינגען". ווען מ'האָט אים פאַרזיכערט, אַז לערנען קען איך נאָך בעסער איז ער געווען שטאַרק צו־פרידן — און פון מיין טאַטן איז אָפּגעשמועסט. ער איז געווען אין זיבעטן הימל.

אין בית־המדרש, ווען איך בין אַהין אָנגעקומען (אין די ערשטע ניינציקער יאָרן), האָבן געלערנט ביי אַ הונדערט בחורים. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע האָבן טאַקע געלערנט אויף אַן אמת. אין יענע יאָרן האָט דער באַגער צו האָבן אַ למדן אין דער משפחה איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע באַגערן. דאָס האָט מיך דערמאָנט, אין די שפּעטערדיקע יאָרן — אין אַמעריקע — די באַזונדערע ליידנ־שאַפט אין יידיש־עמיגראַנטישע משפחות צו האָבן אַ „דאָקטאָר" אין דער פאַ־מיליע. אין ביידע פאַלן האָבן אַזעלכע באַגערן טייל מאָל איבערגעשטיגן די רעאַלע כוחות... און מעגלעכקייטן. אַוודאי זענען צווישן די לערער געווען אַ צאָל מתמידים, פון וועלכע ס'זענען דערנאָך אַרויסגעקומען לומדים. אָבער נישט ווייניק זענען אַהין געקומען יעדן טאָג בלויז דערפאַר, וואָס די עלטערן — בעלי־בתּישע יידן — האָבן אַזוי געוואָלט. אַזעלכע בחורים האָבן אָפּגעגעבן יאָרן, אַזוי ווי אויף גאָרנישט; און מיט זייער אַרומדרייען זיך האָבן זיי אַפילו געשטערט אַנדערע צום לערנען.

כמעט אַלע, וואָס האָבן אין מיין צייט געלערנט אין בית־המדרש, האָבן זיך גאָרנישט אָריענטירט אין וועלט־זאַכן. די אַרומקייט אין שטאָט האָט אַרומגענומען גאָר אַ קאָנטיקע צאָל משפחות, בעיקר די בעלי־מלאכה. טאַקע אַ טייל פון זייערע קינדער האָבן נישט געזען קיין תכלית פאַר זיך אין שטעטל און זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַרבעט אין גרעסערע שטעט: לובלין, וואַרשע, און דעם נאָך־יונגן לאָדזש. אָבער די גרעסטע טייל, אויך פון די בעלי־מלאכה, זענען געווען פרום און גע־חלומט וועגן אַ לומדישער „קאַריערע" פאַר זייערע קינדער. דאָס האָט געמיינט: לערנען, ביז עס וועט אונטערקומען עפּעס אַ רייכער און יחוסדיקער שידוך. מען מוז זאָגן, אַז אַ טייל פון די בחורים אין בית־המדרש זענען נישט געצוווּנגען געוואָרן צו דעם, און אויך זיי אַליין האָבן נישט געהאַט קיין חשק צו לערנען; אָבער די אַלגעמיינע אַטמאָספערע, ווו דער למדן איז געווען דאָס דערהויבנסטע, האָט עס פון זיי סיי־ווי „געפאָדערט".

אין שטעטל זענען אויך געווען אַ צאָל פאַרמעגלעכע מענטשן, און אַפילו עטלעכע גרויסע גבירים. געווען, למשל, אַן עושר חיים־שאול גאָלדשטיין, וואָס מען האָט אים געשאַצט אויף 50 טויזנט רובל, אַ גאָר־גרויסע מטבע אין יענע

צייטן. בערך אַ מנין יידן האָבן פאַרמאָגט צווישן 10 און 20 טויזנט רובל; און נאָך עטלעכע מנינים האָבן פאַרמאָגט צו 5 טויזנט רובל און אויך זיי האָט מען גערעכנט צום פאַרמעגלעכן קלאַס. אָבער די מערהייט איז באַשטאַנען פון אָרעמעלייט און די נויט האָט מען געקענט באַמערקן אויף אַלע געסלעך.

אָבער די קרוין פון רייכקייט אין שטעטל האָט געטראָגן אברהם־וואָלף שטערנפעלד, אַ טריסקער חסיד. ער האָט פאַרמאָגט הייזער, וועלדער און אַפילו אַ פאַלוואַרק. די געשעפטן האָט דער עיקר געפירט זיין ווייב, ביילע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער און דאָס האָט זיי נישט ווייניק ווי געטאָן. כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער אין זייער משפחה זענען געווען אַ סך יתומים. האָבן די שטערנפעלדס גענומען די קינדער צו זיך, געזאָרגט פאַר זיי, זיי דערצויגן און אַפילו חתונה־געמאַכט. אין דער גרויסער צאָל געשעפטן האָבן זיי דער עיקר אַנגעשטעלט אייגענע משפחה־לייט, כדי אַלע זאָלן האָבן פרנסה. בדרך כלל וואָלט אַ קינד פון מיין פּאָזיציע קיינמאָל נישט „זוכה־געווען" אַריינצושמעקן אין אַזאַ נגידיש הויז. אָבער אַ צופאַל האָט דערצו גורם־געווען — און במילא איז מיר אויסגעקומען, שוין דעמאָלט, צו באַגעגענען זיך פון דער נאָענט מיט דער סאָציאַלער פראַגע. דוכט זיך, אַז יענע אָבסערוואַציעס האָבן מיך דערנאָך — כאָטש הינטערבאַוווסטזיניק — דערפירט צו די יידיש־סאָציאַליסטישע קרייזן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין איינעם פון די שטערנפעלדס הייזער. האָט זיך געמאַכט, אַז דעם רבינס איידעם האָט פון ערגעץ געבערענגט „אויף סוכות" עטלעכע נייע ניגונים, וואָס איך האָב ביי אים אויפגעכאַפּט. בין איך טאַקע אין איינעם פון די סוכות־טעג געזעסן אין סוכה און זיי איבערגעזונגען פאַר זיך. דער אַלטער שטערנפעלד איז געזעסן אין זיין סוכה, נישט ווייט און געהערט. איז אים געפעלן מיין זינגען און ער האָט געשיקט, מ׳זאָל מיך ברענגען צו אים און איך זאָל אים מהנה־זיין מיט מיין קול. דער סוף איז געווען, אַז כ׳האָב אים געדאַרפט פאַרזיסן די ימים־טובים מיט מיין נגינה. דערביי האָב איך געמאַכט עטלעכע פיינלעכע אָבסערוואַציעס, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון.

קודם־כל האָב איך באַמערקט, אַז ביים נגיד אין שטוב איז מען מיך גרייט מכבד צו זיין מיט אַ ביסל עסן פאַרן זינגען. אָבער ס׳איז קיינמאָל נישט איינגע־פאַלן דעם נגיד מיט זיין אשת־חיל (כאָטש, ווי געזאָגט, פאַר דער אייגענער משפחה האָבן זיי שטאַרק געזאָרגט), אַז מ׳דאַרף אַ מאָל דעם יינגל מאַכן, צי קויפן, אַ שטיקל ניי מלבוש... אויף אזוי ווייט האָבן זייערע השגות נישט גע־

טראָגן. דערפאַר האָב איך זיך אָפּט געבונטעוועט; נישט געוואָלט גיין זינגען צום גביר. נאָר ווי האָב איך געקענט האָבן אַ האַרץ צו צעשטערן דאָס גרויסע נחת ביי מיין פאָטער, דערפון וואָס איך בין אַ מקורב צו ר׳ אברהם־וואָלף שטערנפעלד?

קלייניקייטן געדענקען זיך: יום־טוב פלעגט מען דאָרט פאַרבעטן חשובע יידן פון קהל. געדענק איך ווי מהאָט יעדן איינעם מכבד־געווען מיט איין ווינשל. בלויז יחידי־סגולה האָבן זוכה־געווען צו אַ טאָפּלטער „פּאָרציע". איז דאָס געווען קאַרגשאַפט אַליין? מיר דוכט זיך, אַז נישט. סוף־כל־סוף זיינען זיי דאָך נישט געווען קאַרג פאַר דער אייגענער משפחה; און טאָקע פאַר די צאָלרייכע יתומים. נישט מער: די השגות זענען געווען קנאַפּ, אומאַנטוויקלט. איך האָב דאָס געשפּירט מיטן קינדערישן געמיט און עטלעכע מאָל זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אַהין. אָבער ס׳האָט מיר ווייניק געהאָלפן. מ׳האָט מיך אַוועקגעפירט ווי מיט געוואַלד: עפּעס אַ קלייניקייט? אַזאַ כבוד!

און נאָך עפּעס: דאָס הויז פון די שטערנפעלדס איז געווען ווי אַ מין מלכות אינעם פּיצל אָרט ווי אונדזערס (זיי האָבן זיך שפּעטער אַריבערגעצויגן קיין לובלין). אַזוי ווי אַ מלך וואָלט געלעבט צווישן אונדז. דערביי איז געווען אין שטאָט, ווי דערמאָנט, אַ גרויסע אָרעמקייט. געווען דאָרפס־לייפערס, וואָס פלעגן זיך דרייען אַ גאַנצע וואָך איבער די דערפער כדי אויסצושלאָגן דאָס ביסל חיונה. דאָס זענען טאָקע געווען יענע, וואָס קליינערהייט איז די עלטערן נישט אָנגעשטאַנען צו לערנען זיי עפּעס אַ מלאכה, און נאָך דער חתונה האָבן זיי נעבעך געמוזט אַרומלויפן פון אָרט צו אָרט, איינקויפן אַ פּעלעכל, אַ זעקל תבואה, אַ קעלבל... און די אַלע יידן האָבן נעבעך, טיילמאָל, נישט געהאַט די פאָר נייטיקע רובל פאַר זייער „האַנדל". מיט אַ הלוואה פון 25 קערבלעך — אָן פּראָצענט, אויף אַ שטיקל צייט — האָט מען אַזעלכע געקענט ממש שטעלן אויף די פיס און זיי פאַרלייכטערן די פּרנסה. לויט מיין חשבון האָט מען אַלע אָרעמעלייט פון דעם טיפּ געקענט העלפן, דורכן באַשטימען אַ טויזנט רובל אָדער צוויי טויזנט פאַר גמילות־חסדים... וואָס האָט אַזאַ סומע געשפּילט אַ ראָלע ביי די שטערנפעלדס? אָבער דאָס איז זיי קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו טאָן; און קיינער האָט עס זיי, דוכט זיך, אַפילו נישט געוואַגט פאַרצולייגן, כאָטש צענדליקער יידן האָבן זיך צוליב דעם אָפּגעמאַטערט אַ לעבן.

איך געדענק ביי אונדז אַ חברה „לינת הצדק", וואָס האָט געשיקט מענטשן צו אַ חולה — אויב מ׳האָט געדאַרפט ביי אים וואַך־האַלטן. ס׳איז אויך געווען

אַ חברה „הכנסת כלה“, וואָס האָט געהאָלפן אויף אָרעמע חתונות. אָבער אַ לייַ־קאַסע, ווי „גמילות־חסדים“ אין אַנדערע ערטער, איז ביי אונדז נישט געווען. וואָס שייך די דערמאָנטע חברות, זענען אין זיי בעיקר געווען טעטיק אָרנטלעכע און גוט־האַרציקע בעלי־מלאכה. אָבער צו אַ לייַ־קאַסע אָן פּראָצענט האָט מען שוין געדאַרפט האָבן גבירים; און די פּאָר עשירים, כאָטש זיי זענען געווען חסידישע יידן, האָבן דערויף נישט געהאַט דעם חשק און נישט די השגה. כ׳וויל, דרך־אגב, אויך דערמאָנען די „חברה קדישא“: צו אירע סעודות, איינמאָל אין יאָר, פלעגן קומען די „פּני“ פון שטאָט; אָבער די טעגלעכע אַרבעט ביים „רייניקן“ די מתים און אַדורכפירן די קבורה, איז געטאָן געוואָרן דורך עמך, די בעלי־מלאכה (אַ שטיק צייט איז מיין זיידע יצחק־אייזיק ליצנבלאַט געווען דער אָנפירער פון דער חברה קדישא אין שטעטל. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 106 יאָר).

כ׳וויל זיך אָפּשטעלן אויף נאָך איין געזעלשאַפטלעך־סאָציאָלאָגישן עפּיזאָד, וואָס איז פאַר מיר באַזונדערסט בולט געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער, אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. איך האָב אין בית־המדרש געשלאָסן נאָענטע חברשאַפט מיט אַן אייניקל פון אַ צווייטן גביר אין שטאָט, טאַקע פון די אמת־רייכע. יענער האָט פּשוט „געקלעפּט“ אין מיר. אָבער איינמאָל, ווען כ׳האָב געהאַט נייטיק 25 קאָפּיקעס און געבעטן אים, אַז ער זאָל זיי מיר באָרגן, האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם... עפּעס האָט זיך אים אַזוינס גאָרנישט געלייגט אויפן שכל. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, איז דער זעלביקער געקומען קיין אַמעריקע און טאַקע דאָ שווער געהאָרעוועט אין אַ שאַפּ, כאָטש ער האָט ווייניק פאַרדינט; און אין פאַרגלייך מיט זיין מצב אין אַמעריקע איז ער געווען אין בעכעווע אַ קייסער. איך האָב דאַן אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָט געשיקט אַהיים גרע־סערע סומעס. איז אויך יענער (ש. פּ.) געקומען צו מיר און געבאָרגט 15 דאָלער, כדי צו שיקן זיין ברודער... איך האָב געוווּסט וועגן זיין מצב און אים געזאָגט: דו ביסט עס נישט מחויב, אין דיין לאַגע! אָבער ער האָט זיך פאַרעקשנט. האָב איך דאַן אויסגערופן אין האַרץ: געבענטשט זאָל זיין אַמעריקע, זי האָט צעעפנט די הערצער ביי יידן און זיי אויסגעלערנט געבן, העלפן. כ׳האָב זיך דערמאָנט ווי אַזוי דער זעלביקער האָט נישט געהאַט קיין השגה — אין זיינע גוטע טעג — צו באָרגן 25 קאָפּיקעס אַמאָל; אָבער דאָ גייט ער שיקן אַהיים אַ סומע, וואָס ער פאַרמאָגט רעכט נישט און דאַרף אויף איר אַרבעטן אַ שפּאָר שטיקל צייט.

אין די נײַנציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט האָט מען בײַ אונדז אין שטעטל נישט געוווּסט פון אַלע „מאָדערנע״ פאַרווײַלונגען אָדער צײַט־פאַרברענג. איך דערמאָן זיך נישט קיין איין פאָרשטעלונג פון טעאַטער־כאַראַק־טער, אָדער גאָר פון אַן אַמאַטאָרן־טרופּע אָדער ביבליאָטעק. מען קען אָבער נישט זאָגן, אַז עס האָט געפעלט „קולטור״. קודם־כל האָבן יידן אַ סך געגאָסן פון רבײַשן הויף, ווען אַלץ איז דאָרט געווען נאָרמאַל. די צאָלרײַכע קינדער און אייניקלעך פון דער רבישער משפחה זענען על־פּי־רוב געווען באַגאַבטע מענטשן און ס׳איז געווען אַ תענוג צו הערן פון זיי אַ וואָרט, אַ שמועס. אגב: נאָך דעם ווי דעם רבינס הויז איז זיך צעפאַלן (וועגן דעם שפּעטער) איז זיך די משפחה צעלאָפן אין אַלע עקן וועלט; און טייל פונעם רבינס משפחה איז דערנאָך באַרימט געוואָרן אין די אינטעלעקטועלע קרײַזן. איין אייניקל, למשל, איז באַקאַנט אין אַמעריקע ווי אַ גרויסער מעדיצינער. נאָך אַנדערע האָבן זיך אויס־געצייכנט דאָ אויף אַ רײַי געביטן.

דער צענטער פון קולטורעלן אויסלעבן זיך איז געווען דאָס בית־המדרש, ווו איך האָב אָפּגעלערנט אַרום אַכט יאָר. די הויפּט־פיגור איז דאָרט געווען דער שטאָט־רב, ר׳ ירחמיאל גרינבוים, וואָס איז אויך געווען דער אָפיציעלער „קאַ־זיאָנע ראַבינער״. דאָס איז געווען אַ הערלעכער מענטש, אַ צוגעלאָזטער און פרײַנטלעכער צו אַלעמען. ער האָט געוווינט אין אַ דירה, וואָס איז געווען צו־געבויט צום בית־המדרש. איך געדענק ווי אין די אָוונטן — בעיקר אין די לאַנג־ווינטערדיקע — פלעגט ער קומען און זיך אַוועקזעצן בײַם וואַרעמען אויוון. באַלד איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון די שטאָטישע חשובים און עס פלעגט זיך פאַרציען אַ האַרציקער שמועס ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. טיילמאָל פלעגן מיר פאַרגעסן ווו מיר געפינען זיך אין דער וועלט, ווייל די „טעמעס״ פלעגן פשוט באַצויבערן. ביז איצט בענקט זיך מער נאָך יענער היימיש־אידילישער אַטמאָספערע.

אין די שבתים פלעגט דאָס בית־המדרש זײַן איבערגעפּולט סײַ אין די פרימאָרגנס — ווען יעדער איינער איז געקומען עפּעס לערנען, בײַ די געדיכט־באַזעצטע טישן — און סײַ נאָכן עסן. יעדער איינער האָט געלערנט לויט זײַנע מעגלעכקייטן, פון אַ בלאַט גמרא און אַ פּרק משניות ביז צו אַ שטיקל עין־יעקב און אַ קאַפּיטל תהילים... און ס איז נישט געווען אַזוי דאָס לערנען, ווי די אַטמאָס־פערע; דאָס פילן זיך איינס מיטן גאַנצן קהל.

אָבער די ווירקלעכקייט האָט געטאָן דאָס איריקע. נאָכן אָפּלערנען אַזוי פיל

יאָרן אין בית־המדרש, האָב איך געפילט: מען מוז טראַכטן וועגן תכלית — און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט פאַר מיר זיין שווער. ווי געזאָגט, האָט דעם רבינס זון אַליין מיך דערמוטיקט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועק שטודירן אין דער גרויסער וועלט. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען עס אַליין, מיט ליידיקע הענט? אַ לאַנגע צייט האָב איך פלאַנירט דעם שריט און זיך אויך פאַרטרויט פאַר דעם נאָענסטן חבר מיינעם, יאָסעלע יהושע־הדס׳עס. נאָכן אָפּחלומען אַ שטיק צייט האָבן מיר באַשלאָסן צו דערציילן, אַז מיר האָבן חשק צו פאָרן לערנען אין דער באַרימטער ישיבה פון דאמיר (אין פוילן זענען דעמאָלט קיין ישיבות נישט געווען און די בחורים האָבן בלויז געלערנט נישט־סיסטעמאַטיש אין די בתי־מדרשים) דאָס האָט מען פאַרשטאַנען. אָבער שטילערהייט האָבן מיר גענומען קנעלן דקדוק און זיך גרייטן צום שטודיום. מיר האָבן פלאַנירט צו פאַרקירעווען דעם וועג קיין אָדעס — די שטאָט פון השכלה.

אָבער פונקט ווי די ווייטקייטן האָבן געררייצט און געצויגן, אַזוי איז אונדז מיט אַ מאָל שווער געווען צו פאַרלאָזן די אָרעמע היים. וואָס נענטער ס׳האָט זיך דערנענטערט דער טערמין פון אַוועקפאָרן, אַלץ שטאַרקער האָט דאָס שטעטל אונדז גענומען צוהאַלטן: דאָ האָבן מיר אַלעמען, יעדער איינער קען אונדז — און וועמען האָבן מיר אין דער קאַלטער פרעמד?

איך דערמאָן זיך אָן עפּיזאָד, וואָס קען היינט קלינגען ווי נאַאיוו, אָבער דאַן האָט עס דעצידירט וועגן מיין גורל. ס׳איז געווען אַ ווינטערדיקער שבת, פּרשת לך־לך, ווען איך בין אַריינגעקומען אין בית־המדרש און באַשלאָסן „צו פרעגן אַ עצה" ביי... דעם חומשל אויפן טיש. כ׳האָב געעפנט בלינדערהייט דאָס ספר כדי צו זען, וועלכער פּסוק עס וועט מיר דער ערשטער פאַלן אין אויג. ביז היינט גייט מיר נאָך אַדורך יענער ציטער, וואָס כ׳האָב דערפילט אין יענער מינוט: דער ערשטער פּסוק, ביי וועלכן מיין פינגער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז טאַקע געווען לך לך מארצך... און איך האָב באַשלאָסן צו פאָלגן דעם „ענטפער" פון הימל. ס׳איז געווען 1903. טרערן פון שרעק און איבעראַשונג האָבן מיך דערביי באַגאָסן.

כ׳וועל איצט נישט שילדערן די סענטימענטאַלע סצענעס פון געזעגענען זיך מיט דער משפחה און מיט פריינד, כאָטש ביז איצט גייט מיר אַדורך אַ סקרוך איבערן לייב און די געוויינען פון נאָענטע קלינגען מיר נאָך עד־היום אין די אויערן. מיר זענען געפאָרן מיט אַ בעל־עגלה ביז לובלין און דאָרט האָבן מ׳יר געוואַרט לאַנגע טעג, ביז עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פאָרן ווייטער.

הגם איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור (און געהאַט מיין חבר יאָסעלע מיט זיך) האָט דער וועג געריסן פון מיר שטיקער און גאַנץ אָפט האָב איך געוויינט ווי אַ קינד פון גרויס בענקשאַפט און צער. עס האָט מיך אויך פאַר־דראָסן, וואָס איך האָב אויך אָפּגענאַרט מיינע אייגענע עלטערן: כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז איך פאָר אין אַ ישיבה בעת אין דער אמתן לאָז איך זיך גאָר קיין אָדעס, וואָס אין שטעטל ביי אונדז איז זי געווען פאַררעכנט ווי אַ „טריפהנע״ שטאָט פון בלויז אַפּיקורסים.

געגוג צו זאָגן, אַז שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט דעם אמת (מיין חבר איז געוואָרן קראַנק אין אָדעס און זיך געמוזט אומקערן אַהיים, ווו ער איז שוין פאַרבליבן ביז נאָך דער חתונה. טאַקע ער האָט געמוזט אויסזאָגן דעם אמת) און די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך: חיים פייגע־רחלס — אַן „אָדעסער״! מיין מאַמע איז אַזש געוואָרן קראַנק פון צער און פאַרדרוס. אָבער מיין טרייסט איז געווען, אַז איך האָב זיי פאָרט נישט לגמרי אָפּגענאַרט. אין אָדעס האָב איך זיך טאַקע גענומען לערנען רוסיש מיט גרויס ברען, אָבער כ׳האָב זיך דאָרט אויך באַקענט מיט אַ שוחט וואָס האָט גענומען לערנען מיט מיר „יורה דעה״. דערנערט האָב איך זיך פון געבן „אוראָקן״ אין העברעאיש, ווייל אין אָדעס זענען געווען ווייניק מלמדים. שפּעטער־צו האָב איך אויך געלערנט מיט די קינדער אַ ביסל רוסיש.

און דאָ מוז איך ווידער דערמאָנען אַ רירנדיקן עפּיזאָד: די חברים, מיט וועלכע איך האָב זיך אָנגעטראָפן אין אָדעס, זענען שוין געווען פּרייע. זענען זיי טאַקע געקומען צו מיר איינמאָל — דעם ערשטן יום־כיפור, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אָדעס — און מיך גענומען מיט זיי. אין מײַן עלנט האָב איך מורא געהאַט צו פאַרלירן זייער פריינדשאַפט און דערפאַר מיטגעגאַנגען. זיי זענען אַוועק אין אַ מין קנייפּע, ווו זיי האָבן געגעסן און געטרונקען. דערנאָך זענען זיי אַוועק אויף אַ צווייט אָרט, ווו מ׳האָט געקענט געבן אַ הוליע — און איך בין נאָכגעגאַנגען... כאָטש די טרערן פון חרטה האָבן מיך געשטיקט. אָבער פאַרנאַכט האָב איך מער נישט געקענט אויסהאַלטן און געגעבן אַ געשריי צו זיי: אָדער מיר גייען אַריין אין אַ בית־המדרש, דאַווענען נעילה, אָדער איר וועט מיך מער נישט אָנזען פאַר די אויגן... מיין פאַרצווייפלטער אויסגעשריי האָט געווירקט. מיר זענען אַריין אין אַ שול („יבנה״), ווו עס איז געווען געפּאַקט מיט מתפללים און איך בין צוגעפאַלן צו אַ מחזור מיט אַ יאָמערלעך געוויין. נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזויפיל נישט געוויינט און אַזוי שטאַרק

נישט געצערטלט יעדעס וואָרט פון דאַווענען... דאָס האָט מיך אַזוי ווי אומגעקערט צו דער וועלט, פון וועלכער כ'האָב זיך נאָר־וואָס געהאַט אָפּגעריסן.

(מיט יאָרן שפּעטער, אין אַמעריקע, איז מיר אויסגעקומען צו זען אַ יידישן פילם „דאָס ווילנער בעל־הביתל", מיט משה אושר אין דער הויפּט־ראָלע. איז דאָרט, אין יענעם פאַלקסטימלעכן פילם, פאַראַן אַן ענלעכע סצענע: דאָס חזנדל, וואָס איז אַוועק פון דער היים, געבן קאָנצערטן פאַר די גויים, גייט פאַרביי אַ שולעכל און ער פאַלט־צו צום „עמוד" מיט אַ שרעקלעך געוויין און גיסט אויס זיין האַרץ... אָט די סצענע האָט אַזוי שטאַרק דערמאָנט מיך אין מיין אַדעסער איבערלעבונג, אַז איך האָב זיך נישט געקענט באַפרייען פון זיין איינ־דרוק. איך בין אים געלאָפן זען 41 מאָל נאָכאַנאַנד; און יעדעס מאָל אויף ס'ניי געגאָסן מיט ביטערע טרערן, כאָטש כ'בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער מאַן מיט אַ משפחה און אַ גוטער פּראָפעסיע אין אַמעריקע).

נאָך דעם ווי מיין חבר האָט זיך אומגעקערט אַהיים און די שטאָט־לייט האָבן מיך ווי באַוויינט, איז מיר געוואָרן נאָך עלנטער. אָבער איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן די סענטימענטן. כ'האָב באַשלאָסן צו בלייבן אין אַדעס און ווייטער שטודירן, כאָטש אַפילו אין די חלומות האָב איך כסדר געזען די היימישע, דאָס בית־המדרש, דאָס מיידל אין וועלכער כ'בין שטילערהייט געווען פאַרליבט — און דאָס האַרץ איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. די פּאָר יאָר מיינע אין אַדעס וואָלטן געקענט זיין אַן עפּאָפּיי פאַר זיך אַליין, אָבער איך וויל זיך האַלטן ביי די זכרונות פון שטעטל. בסך־הכל בין איך דאָרט געווען העכער צוויי יאָר און דערנאָך זיך געמוזט אומקערן — שטעלן צום פּריזיוו.

וואָס שפּילן אַ ראָלע צוויי אָדער אַפילו דריי יאָר אין נאָרמאַלע צייטן? גאָר ווייניק. אָבער נאָכדעם ווי איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים, דורך אַלערליי אומוועגן, האָב איך כמעט ווי נישט דערקענט דאָס שטעטל, דוכט זיך, אַז אַלצ־דינג שטייט אויפן אָרט און עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט — אָבער ס'איז שוין מער נישט געווען דאָס זעלביקע. קודם־כל — דעם רבינס הויז: דער אַלטער רבי איז נפטר געוואָרן און די רביצין האָט געוואָלט איינהאַלטן דעם עולם מיט אַלע כוחות. דערפאַר האָט זי באַשלאָסן, אַז נישט דער עלטסטער זון, נאָר ר' איציק זאָל ווערן רבי (ווייל ער האָט נישט געהאַט צופיל חשק צו פאַרווערן רביסטווע) און זי וועט במילא ווייטער אָנפירן מיט אַלצדינג. האָט זי אויסגעפירט אירס, אָבער אַ סך פונעם פריערדיקן עולם האָבן אויפגעהערט צו קומען. און דער רבי? מיט אים האָב איך זיך כמעט ווי נישט געזען. איז

ער דאָך געווען פון די, וואָס האָבן מיך דערמוטיקט אַוועקצופאָרן און ס'איז מיר געווען אומבאַקוועם אים אָפּצוגעבן אַ חשבון, אין זיין איצטיקן מצב. די משפחה־מיטגלידער פון רבינס הויף, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן צוזאַמען, זענען אַוועק אין פאַרשידענע זייטן און דער פריילעכער הויף האָט גענומען פוסטעווען. עפּעס איז דער צויבער אַוועק... און מעגלעך, אַז דאָ האָט זיך אויך אויסגעווירקט מיין עלטער — נאָך עטלעכע יאָר אין אָדעס: כ'האָב גענומען באַטראַכטן דעם אַרום מיט מער־ניכטערע אויגן.

איך בין ביים אומקערן זיך געוואָרן אַ מין „העלד פון טאָג": עפּעס אַ קלייניקייט? געווען אַזאַ לאַנגע צייט אין אָדעס... בעיקר בין איך געווען דער ליבלינג פון דער יוגנט. טייל בחורים פון בית־המדרש, פון די רייכערע היימען, האָבן מיך אַפילו געוואָלט אימפּאָנירן מיט זייער אויפגעקלערטקייט. שבת בייטאָג, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין אַ זייטיק ווינקל, האָבן זיי אַרויסגענומען פּאַפּיראָסן און זיי אָנגעצונדן. איך האָב זיי געמוזט אויסמוסרן און דערקלערן, אַז נישט דאָס איז דער סימן פון מאָדערנקייט. באַליידיקן די געפילן פון אַרומיקע איז גאָר אַנטי־קולטור. וואָס שייך מיר גופא האָב איך, ביים קומען אַהיים, ווידער געטראָגן די חסידישע מלבושים, געגאַנגען דאַווענען און זיך געפירט ווי אַלע. פון „להכעיס" האָב איך ווייניק געהאַלטן.

איך מוז דאָ דערמאָנען נאָך אַן אָנגעזען הויז אין שטעטל, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אַ שנעלע ענדערונג. איך האָב פריער שוין דערמאָנט דעם גביר חיים־שאול גאָלדשטיין — אַ טריסקער חסיד. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויס געשעפט, וווהין מען פלעגט קומען פון גאַנצן אַרום. ער אַליין, ר' חיים־שאול, איז געווען אַ גרויסער שווייגער. אַפילו אין געוועלב איז ער געזעסן און געלערנט. טייל מאָל האָט אים אַפילו פאַרדראָסן, וואָס די קונים קומען אים שטערן און „שלאָגן אים פון די געדאַנקען אַרויס", ווי עס האָט געזונגען וועגן אַן אַנדער יידישן קרעמער דער פּאָעט אברהם לעסין. דערפאַר האָבן די קונים גיכער געוואָלט האַנדלען מיט זיין פרוי, וואָס איז טאַקע געווען דער לעבעדיקער גייסט פון זייערע אַלע מסחרים. ר' חיים־שאול אַליין, האָט מען געשמועסט, האָט עטלעכע מאָל פאַרענדיקט ש"ס און ער האָט אויך איינגעקויפט גאָר אַ סך ספרים פאַר זיך (מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָט זיין טאָכטער מיר איבערגעשיקט אַ טייל פון זיינע ספרים קיין אַמעריקע און איך האָב זיי דאָ פאַרקויפט, בעת זי האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין די פּאָר טאָלער).

טאַקע אינעם הויז פון די גאָלדשטיינס איז געקומען אַרבעטן מיין שוועס־

טער — ווי אַ ניאַנקע פאַר אַ קינד, כאָטש זי אַליין איז נאָך געווען אַ קינד — און דאָס האָט מיר געגעבן אַ געלעגנהייט אַריינצוקומען טיילמאָל דאָרט. די טאָכטער, חנה׳לע, האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ אויף די פּלייצעס און איז בכלל געווען גאָר געראָטן. ווען חנה׳לע איז געווען אַרום 12 יאָר אַלט, האָט מען זי שוין פאַרשדכנט: ס׳האָט זיך געמאַכט גאָר אַ יחוסדיקער שידוך, מיט אַ קינד פון לובלינער רבין (די אייגערס האָבן געשטאַמט פון גאון ר׳ עקיבא אייגער, וואָס אויך זיין זון, ר׳ שלמה, איז געווען אַ הייליקע לעגענדע אין דער פרומער וועלט). געדענק איך נאָך ביז היינט די געוואַלטיקע חתונה, וואָס האָט אָפּגע־קאָסט, לויט שאַצונגען, אַרום 25 טויזנט רובל (לויט היינטיקע באַגריפן, ווערליק דער אָרעמקייט אין שטעטל, וואָלט מען געמעגט זאָגן: ווי אַ מיליאָן דאָלאַר). מען האָט אַפילו אויפגעבויט אַ ספּעציעלן „שאַלאַש״, וואָס זאָל אַריינגעמען אַלע געסט, און דער לובלינער רב אַליין, ר׳ אברהמ׳לע אייגער, איז געקומען צו פאָרן אויף דער חתונה. צוליב מיין אָנזען אין בית־המדרש, בין איך געווען איינער פון חתנס אונטערפירער און ער איז געבליבן ביים שווער אויף קעסט. חנה׳לע, וועלכע איך האָב שטאַרק גערן געהאַט, האָט זיך געפּאָרעט אין געשעפט צוזאַמען מיט דער מוטער און טאַקע אויך געוואָרן אַ גענייטע סוחרטע ווי די מוטער. ביידע פרויען האָבן געטאַנצט אַרום דעם יחוסדיקן איידעם, ווי אַרום אַ זעלטענעם הדר און אים געבלאָזן די טריט. כדי עס זאָל אים זיין היימלעכער, האָט ר׳ חיים־שאול געזוכט אַ גוטע חברותא פאַר אים — אין לערנען — צווישן די בחורים פון בית־המדרש און דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף מיר. דאָס איז באַלד געוואָרן די סענסאַציע פון שטעטל: אַזאַ כבוד... ווי איך וואָלט פאַרבעטן געוואָרן צום קייסער. פאַר מיין פאָטער האָט עס געמיינט די גאַנצע וועלט (זיינע השגות זענען בכלל געווען אַנדערש, ווי ביי „געוויינטלעכע״ אָרעמעלייט: ער האָט, למשל, נישט מקנא געווען קיין גבירים מיט זייער געלט — נאָר דערפאָר, וואָס זיי קענען זיך דערלויבן צו גיין אין מקווה אַפילו יעדן טאָג און פאָרן צו וועלכן רבין זיי ווילן, אַפילו אין די מרחקים). אַ ביסל אומצופרידן זענען דערפון געווען די „ווייבער״ אין הויז: עפּעס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, אַז דער ברודער פון זייער ניאַנקע און שיק־מיידל זאָל גאָר ווערן חבר־לעב מיטן צירונג פון גאַנצן הויז. אין מיין משפחה האָט מען זיך דערמיט געגרויסט, אַזוי ווי מ׳וואָלט דערמיט געווינען דאָס גרויסע געווינס.

איך געדענק, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן צו לערנען צוזאַמען די מסכת שבת און האָב זיך באַלד אַנטוישט. דאָס קעסט־איידעמל האָט זיך געאיילט, גע־

שפּרונגען שנעל איבער די בלעטער, און צו פאַרטראַכטן זיך ווי געהעריק איבער דעם ענין. איז מיר נמאס געוואָרן דאָס „שותפות”, אָבער כ׳האָב נישט געוואַגט צו צעשטערן דעם נחת ביי מיין משפחה. ווער האָט אונדז דען נישט מקנא־געווען? יאָ, פאַרן הוילן כבוד... ווייל מער דערפון האָב איך נישט געהאַט פון לויפן יעדן טאָג אַהין. עס איז אויך געווען אַ קנאה צום איידעם, ווייל חנה׳לע איז באַגערט געוואָרן פון גאָר אַ סך בחורים. אַפילו דער רב פון שטאָט האָט זי געוואָלט פאַר אַ שנור. נאָר דער יחוס פון לובלין האָט איבערגעוויגן.

אָבער ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון אָדעס האָט שוין חנה׳לע געשוואַנגערט מיט איר צווייטן זון און איר מאַן איז שוין געווען חרוב־קראַנק און באַלד איז זי טאַקע געוואָרן אַן אַלמנה (דער צווייטער זון האָט זיך דערנאָך געשניטן אויף אַ גאון). ס׳איז געווען אַ צער צו קוקן אויף דער יונגער שיינער און גערבאָטענער חנה׳לע, וואָס איר לעבן איז אַזוי שנעל צעריבן געוואָרן. זי האָט פאַרמאָגט אַ גוט האַרץ און אויך מיר אַרויסגעהאָלפן אין יענע שווערע צייטן, ווען כ׳בין געשטאַנען על פרשת דרכים און דאָס האָט מיך געוואַרעמט אַ סך יאָרן, אין דער פרעמד. דערנאָך זענען מיר געשטאַנען לאַנגע יאָרן אין קאָנטאַקט — ווייל זי איז געווען די סעקרעטאַרין פונעם הילפס־קאָמיטעט אין בעכעווע און אָפּגעגעבן אַ סך כוח און צייט אָנצופירן מיט דער געלט־צעטיילונג, בעת מיר האָבן באַזאָרגט די פאָנדן פון אַמעריקע.

וואָס אַן אמת, האָט מען אפילו גענומען שמועסן, אַז איך וועל מיט דער צייט נעמען חנהלען מיט די קינדער און אַוועק קיין אַמעריקע. מעגלעך, אַז דאָס וואָלט רעאַליזירט געוואָרן, ווייל נאָכן אומגליק האָט מען שוין אין הויז פון די גאָלדשטיינס גענומען קוקן מיט אַנדערע אויגן אויפן לעבן און יחוס. דערצו בין איך געווען דער וועלט־מענטש פון שטעטל, צו וועלכן די גאַנצע יוגנט האָט אַרויפגעקוקט (איך האָב געגעבן לעקציעס פאַר יונגע מיידלעך, אין רוסיש). אָבער דער גאַנצער צויבער פון אַזויפיל זאַכן, וועלכע איך האָב פאַרהערלעכט אין די פריערדיקע יאָרן, האָט זיך אויסגעוועפּט. כ׳האָב נאָר געפילט איין באַדערפעניש: איבערקומען דעם פריזיוו — און זיך אַוועקלאָזן ווייטער, אין דער גרויסער וועלט, וווּ איך קען „עפּעס” ווערן...נאָך די פּאַגראָמען אין אָדעס, וווּ אויך איך בין געווען אין סכנה (דאָן האָב איך באַקענט די נאַטור פונעם „רוסישן מענטש”: בעת ער איז גוט, קען ער אָפּגעבן דאָס לעצטע העמד און אַפילו די נשמה פאַר אַנדערע; אָבער ווען ער צעבושעוועט זיך, זאָל זיך שוין דער רבונו־של־עולם דערבאַרעמען!), האָב איך מער נישט גע־

טראַכט וועגן די מרחקים פון רוסלאַנד. מיך האָט שוין געצויגן נאָך ווייטער, אויף יענער זייט ים. האָב איך נישט געוואָלט האָבן אויף זיך קיין עול און נישט געטראַכט פון קיין שום פאַרבינדונג. סייווי האָט זיך דאָ אַלץ ווי איינגעבראָכן פאַר מיינע אויגן און איך האָב בלויז געקענט טראַכטן וועגן אַ נייעם אָנהייב, וואָס זאָל מיט דער צייט אויך העלפן אַלע נאָענטע מיינע.

קעגן אַלע חשבונות, אַז מ׳וועט מיך זיכער נישט „נעמען" צום מיליטער — האָט מען מיך דווקא יאָ צוגענומען. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען 1906, גלייך נאָך דער מלחמה מיט יאַפּאַן; און רוסלאַנד האָט זיך גענייטיקט אין וואָס־מער פרישע זעלנער. צו מאַכן די זאַך בקיצור: ס׳איז מיר ווידער געווען באַשערט אַדורכצומאַכן אַ גלגול, וואָס ווייניק בעכעווער האָבן דערפון געוווּסט. אַנשטאָט אָנגיין מיט מיינע פּלענער, בין איך גאָר אַריין אין אַ צאַרישן שינעל און פון לובלין האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אַזש קיין קישענעוו (געציילטע יאָרן נאָכן מוראדיקן פּאָגראָם, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען! שוין דער נאָמען פון דער שטאָט אַליין האָט אַרויסגערופן אַ ציטער ביי הײמישע יידן). נאָך גוט, וואָס צוזאַמען מיט מיר זענען אַהין געשיקט געוואָרן נאָך עטלעכע בחורים פון בעכעווע און מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען.

מיר זענען אַריינגעפאַלן צווישן אַ חברה כאַכאַלן און ווער ווייסט, ווי אַזוי מיר וואָלטן אָפּגעביידעוועט די פּאָר יאָר. אָבער ווייניק זעלנער האָבן דאַן געקענט לייענען און שרייבן. דערפאַר האָט מען מיך באַלד אויסגעזוכט פון דער „קאָמענדע" און צוליב מיין רוסיש־קענען האָט מען מיך אַפילו באַשטימט ווי אַ דיזשורנע ביים טעלעפאָן — אַ „כּלי", וואָס האָט דעמאָלט געקלונגען גאָר אויסטערליש אין די קאַזאַרמע־באַדינגונגען. ס׳איז מיר דווקא געווען נישט שלעכט און כ׳האָב זיך גוט פאַרטראָגן מיט די סער־זשאַנטן און אַנדערע דעה־זאָגער ביים מיליטער. איבער נאָך עטלעכע חדשים זיין אין מיליטער האָט זיך אָנגערוקט דער טערמין, ווען מיין שוועסטער האָט געדאַרפט חתונה־האָבן; און איך האָב שטאַרק געוואָלט זיין אויף דער שמחה. וואָס־זשע טוט מען אָבער, אַז דאָס ערשטע יאָר קען מען בכלל נישט חלומען פון באַקומען אַ שטיקל אורלויב? דאָ האָב איך ווידער געלאָזט אין גאַנג מיין גאַנצע איינפאַלערישקייט און אויך באַליבטקייט ביי די דעה־זאָגער (כ׳בין גלייכצייטיק געווען סאָליסט אינעם זעלנער־כאָר) און נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָב איך געפועלט אַן אורלויב אויף 10 טעג.

ווידער האָב איך זיך אומגעקערט אין שטעטל מיט פרישע דערפאַרונגען, ווי נאָך אַ מאָל פון אַן אַנדער וועלט. ווען די שמחה מיט דער חתונה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט זיך מיר בשום־אופן נישט געגלוסט אומצוקערן אין קאַזאַרמע: וואָס וועל איך דען טאָן נאָכן אָפּדינען די פאָר יאָר? דעמאָלט וועל איך שוין זיין אין דער עלטער, וואָס דערמעגלעכט נישט קיין שום נייעם אָנהייב. וועל איך מוזן זיך אומקערן אַהיים, אַריין אין דער אַלט־איינגעגעסעטער אָרעמקייט, פאַרגעסן אין אַלע גוטע חלומות? וואָס מער כ׳האָב געטראַכט, אַלץ מער איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז עס בלייבט נאָך איין אויסוועג פאַר מיר: מאַכן ויברח קיין אַמעריקע...

און ווידער די אייגענע מעשה: כ׳האָב ווידער געדאַרפט מאַכן אַ געוואַגטן שריט איינער־אַליין, פונקט ווי דאָס פאָרן פריער קיין אָדעס. דערביי האָבן זיך אָנגעהויבן די פריערדיקע וואַקלענישן: „לייטישע" יידן האָבן זיך דעמאָלט זעלטן־וועג אַרויסגעריסן פון שטעטל, נאָר געבליבן אויפן אָרט מיט קינדער און קינדס־קינדער. ס׳איז געווען אַ חרפּה צו פאָרן קיין אַמעריקע; און דאָס ווייטע אָרט האָט אָפּגעשראָקן נישט־ווייניקער ווי דאָס טריפהנע אָדעס... דערצו זענען שוין, ווי מ׳האָט מיר דערציילט, עטלעכע לאַנדסלייט (פרומע יידן) געווען אין אַמעריקע, אָבער זיך אומגעקערט קיין פוילן.

נאָר איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון־הנפש, אַז ס׳איז נישטאָ קיין צייט צו שפּעקולירן. מען מוז ווידער וואָגן, איינשטעלן, פּרובירן. אַנדערש וועל איך שוין דאָ בלייבן שטעקן אין דער דורותדיקער אָרעמקייט פון דער משפּחה און אָפּילו מער נישט קענען חלומען פון ענדערן מיין לעבן צום בעסערן. האָב איך ריזיקירט, געוואַנדערט דורך אַלע וועגן און אומוועגן ביז כ׳האָב זיך דערשלאָגן צו די אַמעריקאַנישע ברעגעס.

וויפל שווערריקייטן מיר איז אויסגעקומען אַדורכצומאַכן אין נייעם לאַנד, ביז כ׳האָב זיך דערשלאָגן צו שטודיום, צו אַן אוניווערסיטעט און צו אַ שטיקל פּערזענלעכן ברעג — קען מען זיך קוים פאָרשטעלן. אָבער כ׳בין דווקא דאָ מער צוגעבונדן געוואָרן צו דער היים, און איר אָנגעהויבן ווידמען וואָס־מער צייט און ענערגיע. ווי נאָר ס׳האָבן אָנגעהויבן צו קומען אַהער נאָך עטלעכע לאַנדסלייט — טאָקע ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָב איך זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן ווי אַזוי מ׳קאָן עפּעס אָרגאַניזירן; מיט עפּעס העלפן די נויטבאַדערפטיקע. דאָס האָט מיך דערפירט צו אַן ענגן קאָנטאַקט מיט גאָר אַ סך מענטשן פון שטעטל און צו אַ סך מעשים, וואָס ביז היינט — ביים דערמאָנען זיך אין זיי — גייט מיר אַדורך אַ וואַרעמקייט איבער דער

נשמה. נאָר ווענן יענער טעטיקייט, בעיקר אויפן הילפס־געביט, מוז דערציילט ווערן באַזונדער.

* * *

איך גלויב, אַז ס׳איז כדאי צו געבן אַן איבערבליק איבערן יידישן אַמעריקעביים אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט — און בעיקר טאַקע וויאַזוי עס האָבן זיך אויסגעלעבט אונדזערע לאַנדסלייט. פאַרשטייט זיך, אַז איך וויל דאָ נאָר שילדערן די סביבה לויט מיינע פערזענלעכע אָבסערוואַציעס — פונקט ווי אין די פריערדיקע קאַפּיטלען.

„מיין" שיף איז אָנגעקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגן דינסטיק, דעם 16־טן מאַי 1907. אָבער ערשט דאָנערשטיק — מיט דריי טעג שפּעטער — האָבן מיר געקענט אַרויסגיין אויף דער יבשה. פּשוט דערפאַר, וואָס דער „קעסל גאַרדן" — ווו מען האָט דערליידיקט אַלע פאָרמאַליטעטן — איז געווען איבערגעפּולט מיט עמיגראַנטן און די באַאַמטע האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן אַזוי שנעל מיט אַלעמען.

ס׳איז געווען די צייט פון מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע און איך בין נאָר געווען אַ שטויבעלע אינעם מעכטיקן שטראָם. פונקט ווי אַ ריי אַנדערע יידישע עמיגראַנטן, בין איך געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דער יידישער עמיגראַציע־ביוראָ „האַיאַס", וואָס עקזיסטירט נאָך ביזן היינטיקן טאָג (צופעליק: אינעם זעלביקן הויז, ווו איך האָב מיין דאָקטאָר־ביוראָ). וואָס שייך דער שיפס־קאַרטע, איז זי מיר געשיקט געוואָרן פון מיין פעטער — מיין מוטערס אַ ברודער — וואָס האָט געהאַט עמיגרירט מיט עטלעכע יאָר פריער. ס׳איז דערפאַר געווען נאַטירלעך, אַז איך זאָל ראשית־כל גיין צום פעטער אין הויז. אָבער איך האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז איך טאָר אפילו נישט דערוואַרטן פון אים קיין צו גרויסע הילף ביים ווערן זיך איינאָרדענען.

דער פעטער האָט געהאַט זיינע אייגענע פינף קינדער און דאָך האָט ער געוווינט ביי עמעצן אַנדערש ווי אַ סוב־לאָקאַטאָר („באָרדער", אויפן אַמעריקאַנישן לשון, וואָס איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידיש וואָרט במשך פון דער צייט). איך האָב דאָרט בלויז געקענט באַקומען אַ פּיצל ווינקל און טיילן דאָס בעט מיט נאָך עמעצן. אין יענע יאָרן איז געווען אַ נאָרמאַלע זאַך אין אַמעריקע: צוויי מענטשן האָבן אָפּגעדונגען איין בעט, ווייל איינער האָט געאַרבעט ביינאַכט און דער צווייטער בייטאָג. אַזוי האָט מען טיילמאָל אָפּגעלעבט

יאָרן, בכדי אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר דאָלאַר אויף שיקן אַהיים אָדער אַראָפּברענגען די משפחות פון „יוראָפּ״.

טאַקע אויפן וועג פון דער שיף צום פעטער אין שטוב אַריין האָט פּאַסירט אַן „אויסטערלישע״ זאַך, וואָס האָט אומדירעקט באַווירקט מיין ווייטערדיקן לעבנס־וועג. ס׳איז זיך גאָרנישט פאַרצושטעלן, ווי שטאַרק איך בין געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ געדרוקט יידיש וואָרט נאָך אַזאַ לאַנגע נסיעה. דערפאַר בין איך פשוט אויפגערודערט געוואָרן, ווען כ׳האָב באַמערקט אויפן וועק צום פעטער אין שטוב (אויף „איסט בראָדוויי״, דער דעמאָלטיקער צענטער פונעם יידישן ניו־יאָרק) וויאַזוי מ׳פאַרקויפט יידישע צייטונגען אין גאַס. כאָטש איך בין געגאַנגען מיט די קרובים — אויך מיינס אַ מומע איז געווען צוזאַמען מיטן פעטער — און מ׳האָט זיך נאָכנישט באַוויזן אָדורכצושמועסן ווי געהעריק, האָב איך געבעטן מ׳זאָל זיך אָפּשטעלן אַ ווייל. פון אַ גרויסן קאָפּ אין צייטונג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט געוואָלט דערהרגענען דעם צאַר פון רוסלאַנד. דאָס האָט מיך אינטריגירט און כ׳האָב געוואָלט קויפן די צייטונג. אָבער דער פעטער האָט זיך געאײַלט אַהיים, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד נאָך אַ צאָל היימישע לאַנדסלייט.

היות ווי קיינער פון זיי האָט זיך נישט אינטערעסירט מיט פּאָליטיק, איז מיין נייגער פאַר זיי געווען אומפאַרשטענדלעך און זיי האָבן זיך טאַקע נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן: „גיטס נאָר אַ קוק! ער איז נאָר־וואָס אַראָפּ פון שיף — און שוין פאַרגלוסטן זיך אים בלעטער״. אָט דער פאַקט האָט זיך מיר באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון, ווייל ער האָט אָפּגעשפּיגלט דעם ספּעציפישן צוגאַנג פון אַ געוויסן סאָרט עמיגראַנטן אין יענער צייט — בפרט אין די קרייזן, מיט וועלכע כ׳בין געקומען אין קאָנטאַקט תיכף אין די ערשטע טעג: זיי האָבן זיך אַבסאָלוט נישט אינטערעסירט מיט די געשעענישן אין דער גרויסער וועלט; נישט מיט קולטור, ביכער, צייטונגען, טעאַטער... די איינציקע באַדערפעניש — מחוץ פרנסה — איז ביי זיי געווען: צו געפינען אַ בית־המדרש, ווו מ׳קען גיין דאַווענען...

עס איז מיר באַלד קלאָר געוואָרן, אַז איך וועל זיך מוזן אַרויסרייסן פון אָט דעם קרייז, אויב איך וויל „עפּעס״ ווערן; און טאַקע וועגן דעם האָב איך געהאַט אַ סך געוואַגטע פּלענער און פאַנטאַזיעס. תיכף אויף דער צווייטער וואָך האָב איך אָפּגעזוכט אַ ביבליאָטעק (און אויף דער יידישער איסט בראָדווי זענען געווען עטלעכע ביבליאָטעקן) און איך האָב דאָרט אָנגעהויבן אַריינקומען

אָפּט. מחוץ דעם, וואָס איך האָב דאָרט באַקומען ביכער, זענען דאָרט געקומען מענטשן פון אַן אַנדער געזעלשאַפט און מיט העכערע אינטערעסן. וואָס שייך מיין ווייטערדיקן וועג, האָב איך באַלד געוווּסט צו וואָס איך ציל. כ׳האָב זיך באַלד דערוווּסט, אַז אין אַמעריקע זענען פאַראַן אַ סך פרייע מעגלעכקייטן צו שטודירן — פאַר אַזעלכע וויסנס־באַגיריקע יונגעלייט ווי איך. מ׳דאַרף נאָר וועלן און האָבן עקשנות. האָב איך געחלומט וועגן שטודירן אויף אַ סיסטע־מאַטישן אופן, בכדי צו באַקומען דעם טאָפּלטן טיטול פון דאָקטאָר־ראַבינער.

אָבער וויאַזוי דערגרייכט מען דאָס? אויך די אינפאָרמאַציע וועגן דעם האָב איך באַלד באַקומען. עמעצער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר — וואָס האָט זיך געפינען (און געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג) אויף בראָדוויי און 122טע גאַס. דאָרט האָט מען געלערנט סיי יידישע און סיי אַלגע־מיינע לימודים. דאָס איז געווען אַ מהלך־רב פון מיין פּעטערס היים, לויט מיינע דעמאָלטיקע באַגריפן — און אַ לאַנדסמאַן האָט זיך אָנגעבאָטן פרייוויליק מיך צו פירן אַהין מיטן עלעווייטער (אַ באַן, וואָס איז געלאָפן איבער די הייזער אויף אַן אייזערנער בריק). באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך מיין לאַנדסמאַן איז נישט קיין גרויסער מומחה איבער די וועגן פון גרויסן אַמעריקע און מיר האָבן זיך גוט אָנגעשוויצט, ביז מיר זענען אָנגעקומען אויפן ריכטיקן אָרט...

און דאָ האָב איך איבערגעלעבט נאָך עפּעס, וואָס איז מיר געבליבן איינגע־קריצט אינעם זכרון. דאַן האָט נאָך געלעבט דער לעגענדאַרער געלערנטער, ד״ר שלמה שעכטער — וואָס איז באַרימט אין דער וועלט פון תורה און וויסנשאַפט, צוליב זיין אַנטדעקן די „גניזה״ פון קאַאיראָ. ער איז דעמאָלט געווען דער גייסטיקער פירער פונעם טעאָלאָגישן סעמינאַר און איך האָב געהאַט די זכיה, אַז ער זאָל מיך אויפנעמען פערזענלעך. דאָס אַליין איז געווען גאָר אַ שטאַרקע איבערלעבונג פאַר אַ יונגן בחור, וואָס „באַגערט צו לערנען״. דערצו האָט ער פאַרפירט מיט מיר אַ לענגערן שמועס, זיך אינטערעסירט מיט מיינע פּלענער און ס׳האָט אויסגעזען, אַז כ׳האָב ביי אים נושא־חן געווען. אָבער ער האָט מיר באַלד אויך אויפגעקלערט, אויף אַ האַרציקן אופן, אַז בכדי צו שטודירן אין זיין סעמינאַר — פאָדערט זיך אַ געוויסע מאָס סיסטעמאַטישע פאָר־בילדונג. דערפאַר האָט ער מיר געגעבן אַן עצה, אַז איך זאָל קודם קיין אַרבעטן בייטאָג און אין די אָוונטן באַזוכן צוגרייטונגס־קורסן. ערשט דערנאָך וועלן די טירן פונעם סעמינאַר געעפנט ווערן פאַר מיר...

איך בין שוין געווען אין דער עלטער, ווען אַנדערע טראַכטן פון באַלדיקן תכלית; פון חתונה האָבן, זוכן אַ פרנסה, אויפשטעלן אַ משפחה און טאַקע אויך שפּאָרן אַ טאָלער סיי פאַר דער אייגענער צוקונפט און סיי אויף צו שיקן אַהיים. אָבער דער באַגער צו לערנען און וויסן האָט מיך פשוט נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין רגע — כאָטש סיי מיין פעטער און מומע, סיי אַלע היימישע האָבן דאָס נישט געקענט פאַרשטיין.

איך האָב אָבער געפאָלגט די עצה פונעם גרויסן געלערנטן, פּראָפעסאָר שעכטער, און מ׳האָט פאַר מיר אויסגעזוכט אַ „שאָפּ" (וואַרשטאַט) ווו כ׳זאָל זיך אויסלערנען די מלאכה פון „קאָטער" (צושניידער). פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב אָנגעהויבן ווי אַ שיק־יונגל און דערנאָך אַריבער צום סאָרטירן די פּאַרטיקע פּעקלעך („באָנדלעך") וואָס אַנדערע האָבן אויסגעפּערטיקט. עפּעס האָט דאָס נישט געשטימט מיט מיינע הויכע אַמביציעס און כ׳האָב זיך נאָר געקענט טרייסטן מיטן אַלטן מאמר פון פרק „אהוב את המלאכה"... בפרט נאָך, ווען איך האָב טיף אין זיך געהאַט די זיכערקייט, אַז דאָס איז נאָר צייטווייליק. דאָס וויכטיקסטע דערביי איז געווען, וואָס כ׳האָב שוין פאַרדינט פיר דאָלאַר אַ וואָך און מיט דער צייט האָט דער „פאָרמאַן" (אָנפירער פון דער אַרבעט) געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און כ׳בין אים געפעלן. האָט ער מיך צוגעלאָזט צו דער מלאכה אַליין, ביי וועלכער כ׳האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען מער.

אַזוי האָבן אָנגעהויבן אַ סך טויזנטער געקומענע פון יענער זייט ים — און געווען צופרידן, אויב זיי האָבן נאָר געהאַט אַרבעט. ווי געזאָגט, האָב איך זיך אָבער באַגעגנט מיט אַן אַנדער סאָרט מענטשן און פון אַלע זייטן האָב איך געהערט: „אַ שאָד, אַ שאָד... איר דאַרפט זיך נעמען צום שטודירן". האָב איך זיך דערוווסט, אַז טאַקע אויף איסט בראָדוויי עקזיסטירט אַ יידישע אינסטיטוציע, ווו מ׳קען זיך לערנען אויף נאַכט קורסן („עדיוקיישאָנעל עלייענס", וואָס עקזיס־טירט ביזן היינטיקן טאָג אויפן זעלביקן אַדרעס). בקיצור: איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן די גוטע געלעגנהייט, כאָטש מיינע נאָענטע האָבן נישט פאַרשטאַנען אַזעלכע קאַפּריזן. כ׳האָב דאָרט גענומען קורסן אין ענגלישן לשון, וואָס איז מיר אָנגעקומען שווערלעך. אָבער באַלד דערנאָך זענען געקומען נייע שוועריקייטן: ווען איך האָב שוין פאַרדינט פינף דאָלאַר אַ וואָך און געפילט זיך אַזוי ווי פריי און זעלבסטשטענדיק — האָט זיך געמאַכט אַ קריזיס אין פאַך („סלעק") און איך בין אָפּגעזאָגט געוואָרן צווישן די סאַמע ערשטע.

צו וועמען גייט מען? וואָס טוט מען ווייטער? פון מיין פעטער האָב איך

גאָרנישט געקענט פאַרלאַנגען. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע דאגות: דאָס ווייב איז שוין זעקס יאָר געווען אין בעכעווע און אפילו איך האָב אים געזאָגט מוסר. איינס פון די ביידע — אָדער ער זאָל זיך אומקערן צו איר אַהיים, אָדער ער זאָל זי אַראָפּברענגען. דער סוף איז געווען, אַז האָט זיך טאַקע אומגעקערט אַהיים אויף עטלעכע יאָר. אויך מיט דער מומע איז נישט צוגעגאַנגען גלאַטיק. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגן בחור און ס׳איז דערנאָך אַרויסגעקומען אַ טראַגעדיע. דערפאַר האָב איך געמוזט זוכן די הילף אויף אַנדערע וועגן — און דאָ האָט מיר טאַקע געהאָלפן מיינס אַ חבר פון דער היים, דעם רבינס אַן אייניקל וואָס האָט דאָ געאַרבעט ביי קראַוואַטן. ער האָט אַדורכגעפירט, אַז פאַר 10 דאָלאַר זאָל מען מיך צונעמען אַהין. אָבער די ערשטע צוויי וואָכן האָב איך געדאַרפט אַרבעטן אומזיסט. ערשט דערנאָך האָב איך ווידער גענומען פאַרדינען געלט און זיך טאַקע אויך אומגעקערט צו מיינע אָוונט־קורסן. פון מיינע קליינע אָפּשפּאָרונגען האָב איך אויך געשיקט געלט־הילף צו דער משפחה אין בעכעווע.

מיין דערמאָנטער חבר האָט אויך געטאָן נאָך עפּעס, וואָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף מיין ווייטערדיקן גורל: ער האָט מיך גענומען צו זיינס אַ משפחה און מיך באַקאַנט געמאַכט מיט זיינס אַ קרובה, אַ מיידל... וואָס איז איצט מיין פרוי. דאָס איז געווען אַ פרום בעל־הבתישע היים, ווו איך האָב באַלד דערשפּירט אַ זעלטענע וואַרעמקייט וואָס האָט מיר די גאַנצע צייט אַזוי אויסגעפעלט. איך געדענק נאָך ביז היינט ווי שטאַרק איך בין דאַן גערירט געוואָרן, ווען מ׳האָט מיך דאָרט פאַרבעטן — צום עסן... היינט זעט דאָס אַלץ אויס אַזוי נאַטירלעך — אָבער אין יענע עמיגראַנטיש־עלנטע יאָרן איז דאָס געווען אַ שטאַרקע איבערלעבונג וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן אויף אייביק.

און ווידער אַביסל פּערזענלעכע — אָבער אַלגעמיין־כאַראַקטעריסטישע־כראָנאָלאָגיע: דאָס ערשטע מאָל האָט מיין חבר מיך גענומען אַהין ערב פּסח פון יאָר 1908. אָבער מיר האָבן ערשט חתונה געהאַט אין יאָר 1914. פשוט דערפאַר, ווייל איך האָב באין־אופן נישט געוואָלט אויפגעבן מיין חלום פון שטודירן. איך האָב ממש געהאַלטן פאַר מיין חוב צו דערגרייכן עפּעס, נאָך איידער איך ווער אַ משפּחה־מענטש מיטן גאַנצן יאָך, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן. איך האָב געהאַט דאָס זעלטענע גליק, וואָס אויך איר גאַנצע משפחה האָט דאָס פאַרשטאַנען און מיר אַ סך געהאָלפן במשך פון אַזויפיל שווערע יאָרן.

איך וויל נאָר דערמאָנען בקיצור, אַז ווען די משפחה האָט זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע, בין איך אַוועק אַהין און דאָרט עקשנותדיק שטודירט אין די

נעכט — נאָכן אַרבעטן בייטאָג — ביז 1913. ערשט דערנאָך האָב איך געהאַט דערגרייכט דעם ערשטן עטאַפּ פון מיין חלום און אָנגענומען געוואָרן אין „קאָלעדזש" (הויכשולע) פון פילאַדעלפיע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָבן אַזאַ וואַרעמע היים ביי דער זייט האָט מיך זייער געשטאַרקט און צוגעגעבן מוט. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, בין איך געווען דער איינציקער פון אונדזער שטעטל אין אַמעריקע וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַזאַ שווערן וועג — און טאַקע שטודירט ביז צום ציל.

אויף פילאַדעלפיע איז אַ גרויסער צענטער פון יידן, כאָטש איך ווייס נישט די גענויע צאָל וויפל יידן ס'האָבן דאָרט דעמאָלט געוווינט. אָבער ס'איז געווען גאָר אַ גרויסער חילוק: אין ניו־יאָרק זענען די מערהייט סטודענטן, מיט וועלכע כ'האָב זיך באַגעגנט ביים שטודירן, געווען יידישע. דאַקעגן אין פילאַדעלפיע האָבן זיי זיך כמעט ווי נישט אָנגעזען. צווישן די 243 סטודענטן אין מיין פאַקולטעט זענען בלויז 23 געווען יידישע; און אויך זיי זענען אין דער מערהייט געווען רייכע קינדער, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַמעריקאַניזירן (בעסער געזאָגט: אַסימילירן) וואָס שנעלער. וואָס שייך מיר, האָב איך כמעט נישט געהאַט קיין שום בשותפותדיק לשון מיט זיי. אויסער דעם וואָס איך בין נישט געקומען פון אַ רייכער און זאַטער היים — בין איך נאָך געווען דער איינציקער, וואָס האָב פריער „געקוועטשט די באַנק" אין בית־המדרש. דערפאַר האָב איך זיך די ערשטע צייט דאָרט געפילט עלנט און פאַרלוירן.

איך האָב געוווּסט, אַז די צייט איז טייער און איך מוז אויסנוצן יעדע מינוט פון דער געלעגנהייט, וואָס מיר איז געגעבן געוואָרן, בכדי צו דערנענטערן זיך צום ציל. דאָ האָט מיר אַ סך געהאָלפן אי דער כוח פון התמדה אין בית־המדרש און אי דער באַוווּסטזיין, אַז „אם אין אני לי — מי לי?" איך האָב נישט געהאַט קיין געלט אויף פאַרווייליגונגען און אויך נישט געהאַט קיין חשק צו זיי. דאַקעגן האָב איך באַלד אויסגעפונען ווו מען קען הערן גוטע לעקציעס און טאַקע געגאַנגען הערן וואָס מער.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אין דער פאַרוואַלטונג פון קאָלעדזש האָט מען מיך באַמערקט און עמעצער האָט דאָרט אונטערגעזאָגט, אַז איך בין אַ „תלמודיסט". כ'ווייס נישט, צי דערמיט האָט מען געוואָלט אַרויסרופן גרינגשעצונג צו מיר און מיין „גרינגקייט"; אָבער די ווירקונג איז געווען אַ פאַרקערטע. פאַר מיינע נישט־יידישע לערער האָט דאָס געמיינט, אַז איך קום מיט

אַ טראַדיציע פון ליבשאַפט צום לערנען און זיי האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסווייזן ספּעציעלן אינטערעס און אפילו רעספּעקט.

דאָ מוז איך מאַכן אַ זייטיקע באַמערקונג: ס׳איז שוין אָנגענומען ווי אַ טראַדיציע אין אַלע אוניווערזיטעטן, אַז די סטודענטן פון ערשטן יאָר (אין ענגליש רופט מען זיי מיטן נאָמען „פרעשמען") מוזן אַדורכגיין קאַלטס און וואַרעמס. די סטודענטן פון די פריערדיקע יאָרגענג טוען זיי אָן אַלערליי שפּיצלעך און דאָס דאַרף „פאַרהאַרטעווען" די נייע — ביז זיי קענען אַריינגענומען ווערן אין דער חברותא. אָבער מיר איז נאָר באַשערט געווען אַדורכצומאַכן אַזעלכע צרות גאָר אַ קורצע צייט, איך האָב זיך באַלד אַזוי ווי אַוועקגעשטעלט אַנדערש און זיך נישט באַטייליקט אין אַלערליי נאַרישע שפּילן פון די עלטערע סטודענטן. כ׳בין פשוט געגאַנגען מיין אייגענעם וועג און פאַרטיק. גענוג צו זאָגן, אַז כאָטש אַלע האָבן זיך באַלד געענדערט די יידישע נעמען — בכדי זיי זאָלן קלינגען אַמעריקאַניש — האָב איך זיך כסדר געהאַלטן ביי מיין באָמען חיים. אָבער אָנשטאָט גרינגשעצונג, האָט דאָס געשטאַרקט דעם דרך־ארץ צו מיר. ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז עטלעכע פון די יידישע סטודענטן האָבן טאַטעס וואָס קענען אַביסל לערנען. זיי האָבן באַלד וועגן מיר געהערט און מיך פאַרבעטן צו זיך.

אָבער שוין נאָך אַלע גליקן האָב איך געלעבט אין גרויס נויט, כאָטש איך האָב דאָס פאַרבאָרגן. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר — און אויך אויף די אנדערע סטודענטן — אַ געוויסער פאַקט. בדרך־כלל האָבן די פּראָפעסאָרן געהאַט זייער אייגענעם קרייז און זיך זעלטן־ווען צונויפגעקומען מיט זייערע תלמידים; בפרט נאָך מיט די נייע סטודענטן. ווי איבעראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען אונדזער פּראָפעסאָר האָט מיך פאַרבעטן צו עסן מיט אים מיטאָג. דערמיט האָט ער געוואָלט אויסדריקן זיין אָנערקענונג צו מיין שטאָלצער האַלטונג און נישט פּחדנות. אָט דער פאַקט האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די אַנדערע סטודענטן — בפר׳ט די יידישע — און זיי האָבן אָנגעהויבן צו זוכן מיין געזעלשאַפט.

אין זכרון האָט זיך מיר אויך איינגעקריצט דער ווייטערדיקער עפּיזאָד: איינער פון די וויכטיקסטע פּראָפעסאָרן — אַ נישט־ייד — איז איינמאָל געקומען אין סטודענטישן עס־צימער, בעת דער מיטאָג־שעה. ער האָט זיך גלייך צוגעזעצט צו מיר — ווייל כ׳האָב געהאַט אַ נאָמען ווי אַ „תלמודיסט" — און געבעטן דערלויבעניש מיך עפּעס צו פרעגן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען גערירט

פונעם כבוד. האָט ער מיך, ווי אַ קריסט, באַלד געפרעגט די „באַרימטע״ שאלה: פאַרוואָס האָבן יידן געהרגעט יעזוסן? ס׳איז נישט געווען אין דער מאָדע דאַן צו אַמפּערן זיך מיט די פּראָפעסאָרן; און אַוודאי האָבן סטודענטן געדאַרפט אַרויסווייזן הכנעה צו זיי. אָבער מיך האָט זיין פראַגע אָנגערעגט און כ׳האָב אים העפלעך פּרובירט באַווייזן, אַז די יידן האָבן דערביי נישט געטראָגן די מינדעסטע שולד נאָר די רוימער. איך וועל דאָ נישט איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אונדזער גאַנצן טעאָלאָגישן דיספּוט — וואָס איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן מיט נייגער פון אַלע סטודענטן אין עס־צימער. בלויז איין פּונקט וויל איך דערמאָנען. דער פּראָפעסאָר האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס די יידן פון יענער צייט האָבן נישט געוואָלט אָננעמען די לערע פון יעזוסן. איך האָב אים ספּאָנטאַן געענטפערט מיט אַ פראַגע: „מעג איך אייך, הער פּראָפעסאָר, שטעלן אַ אינטימע שאלה?״ ער האָט מסכים געווען און איך האָב פאַרגעזעצט:

— איר זענט שוין אַ פּראָפעסאָר עטלעכע צענדליק יאָר און דאָס געביט, וואָס איר לערנט אונדז, איז אייך גוט באַקאַנט. וואָס־זשע וואָלט איר, הער פּראָפעסאָר, געזאָגט ווען מיטאַמאָל — בעת אייערס אַ לעקציע — שטעלט זיך אַוועק אַ יונגער סטודענט, פונעם ערשטן יאָר... און ער וואָגט צו זאָגן פאַר אַלעמענס אויגן, אַז איר ווייסט נישט קיין סך וועגן אייער געביט נאָר אַלצדינג דאַרף מען פרעגן ביי אים; אַז פון איצט אָן איז די גאַנצע וויסנשאַפט ביי אים אין מוח? צי וואָלט איר אָנגענומען זיין דערקלערונג אָן ווידערשטאַנד? וואָלט איר דאָס טאָלערירט? איצט, הער פּראָפעסאָר, שטעלט אייך נאָר פאָר: ווען יעזוס איז דערשינען אויף דער אַרענע, איז שוין דאָס יידישע פאָלק אַלט געווען מער ווי טויזנט יאָר. פאַר אים זענען שוין געווען אַזויפיל פּערזענלעכקייטן, כוהנים, מלכים און נביאים. דאָס יידישע פאָלק האָט שוין געהאַט אין תנ״ך אַלצדינג וואָס עס פאָדערט זיך פאַר אַ גרויסער קולטור. אויך דעמאָלט, ווען יעזוס איז דערשינען, האָבן געלעבט ביי יידן אַ סך גרויסע תנאים און לערער — וואָס אויך ער אַליין האָט געטרונקען וואַסער פון תורה אין זייער ברונעם. זיי אַלע האָבן געפאָרשט די תורה במשך פון צענדליקער יאָרן, בעת ער — ישו הנוצרי — איז דעמאָלט געווען גאָר יונג, ממש צווישן די יונגסטע און ווייניקער־באַקאַנטע. מיטאַמאָל דערקלערט ער זיך פאַר גאָטס זון און גרעסטן נביא וואָס דאָס פאָלק פאַרמאָגט; ער קומט מיט אַ לערע, וואָס זאָגט אַנדערש ווי די טראַדיציע פון אַזויפיל לאַנגע דורות — און אַלע גרויסע לערער (די דערפאַרענע „פּראָפעסאָרן״ פון יענער צייט) דאַרפן דאָס אים גלויבן אָן באַווייזן? וואָלט

איר געהאַלטן פאַר ריכטיק, ווען אַזוינס פּאַסירט אין אונדזער צייט? טאָ וויאַזוי ווילט איר, אַז די תנאים און אַלע געלערנטע פון פאָלק אין יענע יאָרן זאָלן זיך אונטערוואַרפן דעם ווילן פון זייערס אַ יונגן תלמיד — אָן שום קריטיק און אָן שום נאָכפאָרשונג און ווידערשטאַנד?

איך וויל איצט נישט אַנאַליזירן די וויסנשאַפטלעכע באַזע פון יענעם ענטפער מיינעם — מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז מיין ענטפער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויפן פּראָפעסאָר און ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט פון גרויס באַגייסטערונג... פאַרשטייט זיך, אַז די וווּנדערלעכע באַציונג צו מיר מצד אַזעלכע פיגורן אינעם אוניווערזיטעט האָט זיך אויך אויסגעווירקט אויף אַנדערע.

אויפן דריטן יאָר אין „קאָלעדזש" האָב איך זיך שוין געשפּירט גאָר היימיש מיט אַ סך און כ'מוז מודה זיין, אַז דווקא מיין אַרויסהויבן מיין יידישקייט האָט מיר אַ סך געהאָלפן. איינעם פון מיינע לערער האָב איך געהאַט באַמערקט: „ווער עס פאַרלייקנט זיך אַליין, וועט שוין בלייבן אַ גראָבער יונג אין יעדער קולטור, וואָס ער וועט פאַר זיך אַדאָפּטירן. פּשוט דערפאַר וואָס צו קולטור פאָדערט זיך אויך כאַראַקטער — און אַזעלכער פאַרמאָגט נישט קיין כאַראַקטער". דאָס האָט אויף מיין לערער געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און ער האָט מיין געדאַנק איבערגעזאָגט פאַר אַנדערע.

אויף ווי ווייט כ'האָב זיך איינגעלעבט מיט מיינע פּראָפעסאָרן, וועט אפשר אילוסטרירן דער ווייטערדיקער עפּיזאָד: מיט אַ צענדליק יאָר שפּעטער האָבן די אוניווערזיטעט־לערער איינגעאָרדנט אַ באַנקעט פאַר איינעם פון זיי — גאָר אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט און אַ גדול אויף זיין געביט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט זענען בלויז אַרויסגעטראָטן אַלטע פּראָפעסאָרן מיט לאַנג־יעריקן סטאַזש; און דאָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַרן גרעסטן כבוד. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען זיי האָבן אויך מיך פאַרבעטן צו זיין איינער פון די רעדנער אויפן באַנקעט. איך האָב דעמאָלט גערעדט עטלעכע מינוט און ציטירט דעם מאמר „אַל תהיה ברכת הדיוט קלה בעיניך" און דערביי אָפּגעטייטשט פאַר די פאַרזאַמלטע דעם זין פון יענעם יידישן געדאַנק — אַז אויך אַ געוויינטלעכער מענטש פון פאָלק קען אַמאָל האָבן צו זאָגן אַ גרויסן געדאַנק, וואָס קען מיט זיך ברענגען אַ ברכה. אויך דאַן האָבן מיינע ווערטער — גראָד ווייל זיי זענען געווען געשעפּט פון יידישן קוואַל — געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף דער גרויסער צאָל פון מיינע אַקאַדעמישע צוהערער.

איך האָב שוין פריער אָנגעוווּנקען, פאַרוואָס עס האָט זיך ביי מיר נישט איינגעשטעלט קיין צופיל־אינטימער קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט וועלכע כ׳האָב אָנגעטראָפן אין אַמעריקע. דאַקעגן איז מיר אויסגעקומען צו ווערן נעענטער מיט די אַריבערגעקומענע פון אונדזער שכנותדיקן קראָשניק. אויך זיי האָבן קיין גרויסן אינטערעס נישט געהאַט פאַר די ענינים, וואָס האָבן מיך אינטערעסירט. דאָס זענען געווען שווערע אַרבעטער, וואָס האָבן אָפּגעגעבן די גאַנצע צייט פאַרן ברעקל פרנסה; אָבער זיי האָבן פאָרט געהאַט אַ באַדאַרף אויסצוהאַלטן אַן אייגן בית־המדרש׳ל, ווו זיי זענען זיך צונויפגעקומען אָפּדאַווענען און בכלל אויסטוישן אַ פאָר ווערטער צווישן זיך.

וועגן די יאָרן פון מיין שטודיום וויל איך מער נישט שמועסן. ס׳איז בלויז פאַרשטענדלעך, אַז דעמאָלט איז מיר געבליבן ווייניק צייט — און אויך מעגלעכקייטן — פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אָבער געוויסע קאָנטאַקטן האָב איך פאָרט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט. מיט מיין היים אין בעכצווע, ווי מ׳קען זיך פאָרשטעלן, האָב איך אָנגעהאַלטן אַ בריוולעכע בריק — און טאַקע גלייך אינעם ערשטן זומער האָב איך אָפּגענומען אַ שרעקלעכן גרוס, וואָס האָט מיך דערשיטערט: בכדי צו העלפן אין דער פּרנסה, האָט מיין מוטער — וועלכע כ׳האָב שטאַרק ליב געהאַט — צוגעהאַנדלט מיט עפּל אין מאַרק. אָבער אַ פאָר פערד האָבן זיך איינמאָל צעפלאָשעט, אַרויפגעלאָפן אויף איר — און זי דערהרגעט. ווי שטאַרק איך בין געווען פאַרענגט אין צייט, האָב איך אָפּגעהיטן דעם טעגלעכן קדיש און אויך געלערנט פרקים משניות פאַר איר נשמה. איר טראַגישער אומקום האָט ביי מיר צעבראָכן דאָס האַרץ אויף לאַנגע יאָרן; און אין מיין עלנטקייט פון די ערשטע יאָרן האָב איך דאָס נאָכמער געשפּירט. איך קען זאָגן, אַז מיין מוטער האָט אַ סך באַווירקט מיין כאַראַקטער אין די פריע יאָרן פון אויסרייפונג און אויך שפּעטער.

נאָך אין יאָר 1909 האָב איך זיך באַקענט מיט אַ ייד פון לובלין (בלומענשטאָק) און ער, מיט נאָך אַ חבר, האָבן מיר דערציילט וועגן דער אָרגאַניזאַציע „אַרבעטער־רינג״ ווו זיי האָבן געגרינדעט אַ לובלינער צווייג. לויט זייער בקשה בין איך דאָרט געוואָרן אַ מיטגליד, כאָטש אַהין האָבן בלויז געהערט לובלינער געבוירענע אָדער אַזעלכע וואָס האָבן חתונה־געהאַט מיט לובלינער מיידלעך. די געזעלשאַפט דאָרט איז מיר געווען אָנגענעם און דערפאַר בין איך געוואָרן טעטיק אין אַלע אַרבעטן און אויך די לובלינער האָבן מיך אָנערקענט ווי אַן ערן־מיטגליד פון זייער שטאָט. אגב: דער דאָזיקער צווייג ביים „אַרבע־

טער־רינג״ עקזיסטירט נאָך ביזן היינטיקן טאָג און כ׳בין נאָך דאָרט אַ טעטיקער חבר ביז היינט. דאָס מיינט, אַז ס׳ווערט שוין באַלד זעכציק יאָר זינט איך בין דאָרט אַריינגעטראָטן. מיט אָט דעם צווייג הויבט זיך אייגנטלעך אָן מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין אַמעריקע.

ווי געזאָגט, האָב איך חתונה געהאַט אין 1914 און מיין שטודיום האָב איך ערשט פאַרענדיקט אין 1916. אָבער שפּעטער האָב איך געמוזט אַדורכמאַכן אַ פּראַקטיק אין שפּיטאָל — סוירגעריע און דענטיסטעריי. יוני 1916 האָב איך זיך אומגעקערט קיין ניו־יאָרק, בכדי אַדורכצומאַכן די ענדגילטיקע עקזאַמינס פאַר דאָקטאָר און אויך זיך פאַרפּולקאָמען אין קליניק. ווידער זענען דאָס געווען שווערע יאָרן פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט. מיין פרוי האָט געאַרבעט די גאַנצע צייט, מיר האָבן געהאַט אַביסל אָפּשפּאָרונגען פון פריער און אויך מיין שוואָגער האָט מיר אַביסל אַרויסגעהאָלפן. נאָר שוין נאָך אַלע גליקן האָבן מיר זיך קוים פאַרגינען דאָס מינדעסטע און געלעבט מיט אָפּגעציילטע סענטן. מיר האָבן אויך געדאַרפט טראַכטן וועגן עפענען אַן אייגענעם קאַבינעט, נאָך מיין אַדורכמאַכן דעם סטאַזש אין קליניק — און דאָס האָט ווידער געדאַרפט קאָסטן אַ סומע. אויסער דעם מוז דויערן, ביז אַ יונגער דאָקטאָר געווינט פּאָפּולאַריטעט און קליענטן — אַלנפאַלס איז עס אַזוי געווען אין יענע יאָרן.

דאָ מוז איך צוגעבן: אין 1917, ווען כ׳האָב זיך געעפנט מיין קאַבינעט — אין דער יידישער געגנט פון ניו־יאָרק — זענען מיר שטאַרק צונויף געקומען מיינע געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען. באַלד די ערשטע צייט האָבן די קראַש־ניקער לאַנדסלייט מיך דערקלערט פאַר זייער דענטיסט — און דאָס האָט געמיינט אַ סך אין די ערשטע צייטן. גלייכצייטיק דערמיט האָבן אויך זיי מיך אָנערקענט ווי זייערס אַ לאַנדסמאַן און מיך איינגעשריבן אין זייער אָרגאַני־זאַציע. אויך דאָ בין איך פאַרבליבן אַ טעטיקער מיטגליד ביזן היינטיקן טאָג.

ביז צו מיין אַוועקפאָרן קיין פילאַדעלפיע בין איך געווען אַזוי ווי דער אומאָפיציעלער פאָרשטייער פון אונדזערע בעכעווער לאַנדסלייט. אָבער שפּעטער זענען די קאָנטאַקטן כמעט ווי איבערגעריסן געוואָרן. ערשט אין יאָר 1914, צוליבן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי זיך פּרובירט אָרגאַניזירן און איך בין ספּעציעל געקומען צולייגן אַ האַנט דערצו. אָבער ס׳איז נישט געווען ווער עס זאָל זיין אַקטיוו און אָנפירן מיט די טעטיקייטן. האָט זיך אַלץ ווי אָפּגעשטעלט און איך האָב סייווי פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט במשך פון די ווייטערדיקע שטודיום־יאָרן.

ווי נאָר כ׳האָב אָנגעהויבן פּראַקטיצירן, האָבן זיך די צייטן געענדערט. איך האָב גענומען פאַרדינען געלט און דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט זיך אומצוקערן צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך שוין געהאַט פאַרענדיקט, אָבער אירע קרבנות האָבן זי באַין־אופן נישט געקענט פאַרגעסן. די נויט האָט געיאָמערט און געשריגן פון אַלע קהילות אין פּוילן און דאָס געשריי האָט אויך אונדז נישט געלאָזט רוען. קודם־כל בין איך געוואָרן טעטיק אין דער לובלינער אָפּטיילונג פאַר העלפן די מלחמה־קרבנות. דערנאָך האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט אַ הילפס קאָמיטעט פאַר בעכעווע. מיין אייגענער קאַבינעט איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געזעלשאַפטלעכער ביורא, ווו אויך די זיצונגען פון אונדזער בעכעווער קאָמיטעט זענען פאָרגעקומען. איך בין געווען דער אָנפירער און אהרן אייכנבלאַט איז געווען מיין מיטהעלפער און סעקרעטאַר *. מיר זענען געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט בעכעווע און אויך דאָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַראַלעלער קאָמיטעט. איך בין באַשטאַנען דערויף, אַז צום קאָמיטעט אין דער היים זאָלן דווקא געהערן פּשוטע — אָבער ערלעכע — „עמך״־יידן צו וועלכע כ׳האָב געהאַט אַ סך צוטרוי. די סעקרעטאַרשע אין בעכעווע איז געווען חנה׳לע, די פריער־דערמאָנטע טאָכטער פונעם גביר חיים־שאול. טאַקע מיט איר האָב איך אָנגעהאַלטן די קאָרעספּאָנדענץ וועגן די הילפס־טעטיקייטן. זי האָט אונדז אינפאָרמירט ווער עס איז אויף אַן אמת אַ נצרך...

למען־האמת האָבן מיר זיך נישט געקענט פאַרגלייכן צו די גרויסע לאַנדס־מאַנשאַפטן, וואָס האָבן — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַנטוויקלט גאָר אַ ברייטע הילפס־טעטיקייט. אונדזער גאַנצער קאָמיטעט האָט קוים אַרומגענומען צווישן 40 און 50 לאַנדסלייט. איבערן גאַנץ אַמעריקע זענען געווען צוואַרפן אפשר הונדערט בעכעווער — און נישט ביי אַלע האָט מען געקענט נעמען אַ ביישטייער. איך אַליין האָב, במשך פון אַלע יאָרן, אַגיטירט אונדזערע היימישע אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן בעכעווע און קומען קיין אַמעריקע — ווו די קינדער קענען האָבן אַ בעסערע צוקונפט. אָבער מיינע טענות האָבן ווייניק געהאָלפן. כמעט קיינער האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט. קודם־כל האָט אָפּגעשראָקן

---

* אין דעם קאָמיטעט איז אויך געווען זייער אַקטיוו יחיאל הימלפאַרב און זיינע ברידער. ליידער איז מיר שווער אויסצורעכענען אין דאָזיקן אָרט אַלע נעמען פון אַקטיוויסטן, כאָטש זיי האָבן אַ סך צוגעהאָלפן.

די מיינונג, אַז אַמעריקע איז טריפה און מ׳קען נישט אָפּהיטן אַלע דינים ווי געהעריק. אַנדערש האָט עס אויסגעזען אין לובלין, ווו ס׳זענען געווען אַ סך מער וועלטלעכע יידן. פון דאָרט איז טאַקע געקומען אַ גרעסערע עמיגראַציע און זי האָט זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד.

מיר פּלעגן שיקן אויף יעדן יום־טוב (בעיקר אויף פּסח און ראש־השנה) צו העכער טויזנט דאָלאַר — וואָס אין יענער צייט האָט עס געמיינט אַ סך מער ווי היינט. דערצו האָבן מיר געזאָרגט, אַז זיי זאָלן די גאַנצע סומע באַקומען אין דאָלאַרן און זי נישט מוזן אויסבייטן אָפּיציעל אויף פּוילישע זלאָטעס. דעם רב און רבי׳ן האָבן מיר געשיקט באַזונדער (ווי אויך צו אונדזערע משפּחות), בכדי זיי זאָלן נישט דאַרפן אָנקומען צו די קהלישע הילפס־געלטער. אין יענע צייטן איז דאָס איבערשיקן געלט אין דאָלאַרן, צום אויפגערודערטן פּוילן, געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן; און כ׳וואָלט וועגן דעם געקענט דערציילן גאָר אַ סך. אָבער מיר האָבן דאָס באַוויזן גובר צו זיין. די סעקרע־טאַרשע — חנה׳לע זיטמאַן — פּלעגט אונדז שרייבן אַ גענויעם באַריכט וועגן יעדער דאָלאַר וואָס איז צעטיילט געוואָרן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן.

ווידער מוז איך זיך מודה זיין: מיט דער צייט האָבן זיך מיינע טעטיקייטן צעצווייגט און כ׳בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ ריי ברייטערע פּראָיעקטן. מיין דאָקטאָר־קאַבינעט איז ביסלעכווייז אַזוי ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית ועד לחכמים. אין מיטן טאָג האָט מען דאָרט געקענט טרעפן אַ ריי באַקאַנטע שרייבער, עסקנים, פּאָליטיקער און אינטעלעקטואַלן. זיי האָבן זיך ביי מיר געפילט גאָר היימיש און טאַקע געזעסן און געשמועסט וועגן ענינים העומדים ברומו של עולם. כאָטש דאָס האָט מיר נישט ווייניק געשטערט צו דער אַרבעט און פּרנסה — האָב איך אָבער שטאַרק הנאה געהאַט פון זייער געזעלשאַפט און טאַקע אויך באַטייליקט זיך פּערזענלעך אין די אַלע שמועסן און ליידנשאַפט־לעכע דעבאַטעס. דערביי האָט זיך אויסגעברייטערט מיין קרייז באַקאַנטע און פריינט, וואָס האָבן מיך אַריינגעצויגן אין פאַרשידענע טעטיקייטן און אָרגאַ־ניזאַציעס פון גרעסערן פאָרמאַט — און כ׳האָב מער נישט געקענט ווידמען אַזוי פיל צייט אונדזער בעכעווער לאַנדסמאַנשאַפט. דערצו האָבן דאָרט כסדר געפעלט מענטשן מיט אַ חשק צו טעטיקייטן און אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

איך בין געווען טעטיק סיי ביי די לובלינער, סיי ביי די קראַשניקער און אויך ביי די לאַנדסלייט פון קאָלבישעוו. דערצו בין איך געקומען דורכן אַלגע־

מיינעם „פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַמעריקע", ווו כ'בין געוואָרן אַ פּירנדיקער מיטגליד. איינמאָל איז דאָ געקומען אויף באַזוך דער רב פון קאָלבישעוו און איך האָב אים — אין מיין אַמט און קאָמפּעטענץ אין פאַרבאַנד פון פוילישע יידן — געטאָן אַ געוויסע טובה. דערנאָך, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע, האָט ער מיך געבעטן כ'זאָל אים העלפן אָרגאַניזירן אַ הילפס־קאָמיטעט ביי זיינע לאַנדסלייט. מיט אַ צייט שפּעטער זענען מיר ביידע אַרויסגעטראָטן פאַר די יידן פון קאָלבישעוו און טאַקע אָרגאַניזירט אַזאַ הילפס־פאַריין.

מיט דער צייט האָט מען זיך דערוווּסט, אַז איך מאַך אַן איינדרוק מיט מיינע רעדעס — און מ'האָט מיך גענומען פאַרבעטן אויף אויפטריטן. איך האָב נישט אָפּגעזאָגט און טאַקע ליב געהאַט צו ריידן פאַר עדות מיט יידן. אָבער היימישע האָבן מיך קריטיקירט. פּשוט דערפאַר ווייל צוליב מיין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט האָב איך קוים געהאַט צייט פאַר מיין פּראַקטיק. דאָס האָט אַזוי געדויערט צענדליקער יאָרן — און אפשר צוליב דעם בין איך קיינמאָל קיין גביר נישט געוואָרן, כאָטש אַנדערע דאָקטוירים און דענטיסטן האָבן נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך גוט איינגעאָרדנט און אפילו געשטיגן גאָר הויך פון זייערע מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט. ווען איך מאַך דעם חשבון אויף צוריק, האָב איך נישט וואָס צו באַדויערן. דאָ איז נישט קיין פראַגע פון באַרעכטיקן זיך אַליין — נאָר דאָס איז מיר פּאַקטיש געלעגן אין בלוט. דאָס גרעסטע פאַרגעניגן האָב איך געהאַט, ווען אין מיין קאַבינעט זענען זיך צונויפגעקומען אנשי־שם — יידן מיט אַ נאָמען — און מ'האָט געקענט כאַפּן אַ שמועס וועגן אַ ניי בוך אָדער אַן אַלטן מאמר אין דער גמרא... אַזוי איז עס אויך מיט מיינע געזעלשאַפטלעכע טעטי־קייטן: איך האָב ממש געבענקט נאָך יידן און כמעט נישט פאַרפעלט קיין איין גרויסע פאַרזאַמלונג אָדער אונטערנעמונג. אומעטום האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַ ברען און ליידנשאַפט, געטאָן אַלצדינג אַז ס'זאָל זיין אַ דערפאָלג (אַ לאַנגע צייט פלעג איך אפילו צאָלן פאַר אַ ריי מיטגלידער דעם שטייער אין אונדזער בעכעווער אָרגאַניזאַציע, אַבי זי זאָל האָבן מער חברים); אָבער מיר דוכט זיך אַז כ'בין דערמיט נישט קיין גרויסער צדיק. איך האָב דאָס פּשוט ליב געהאַט און עס האָט מיר פאַרשאַפן הנאה.

איך דערמאָן זיך ווי איינמאָל — אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז געווען אין מיין קאַבינעט דער באַקאַנטער זשורנאַליסט און וועלט־רייזנדיקער, מיין פריינט ד"ר חיים שאָשקעס. האָט ער זיך צוגעקוקט,

ווי אַזוי איך לייג אַוועק אַלע אַרבעטן און פיר גאָר אַ שמועס מיט עטלעכע געסט וועגן עפּעס אַ פּסוק — און ער האָט באַמערקט מיט אַביסל ליבלעכער איראָניע: „איר ווייסט? איר זענט דאָך פאַרבליבן דער זעלביקער בית־המדרשניק פון בעכעווע, וואָס האָט צופעליק אַ דאָקטאָר־קאַבינעט אין ניו־יאָרק"... אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען דער גרעסטער קאָמפּלימענט, ווייל אייגנטלעך האָט ער מיר צוגעטראָפן און פאַרשטאַנען וואָס מיר ליגט אויפן האַרץ.

צענדליקער יאָרן זענען פאַרביי, דורות האָבן זיך געביטן, מיינע אויגן האָבן צוגעזען ווי מענטשן שטייגן אַרויף צו די העכסטע הויכן און פאַלן דערנאָך אַראָפּ גאָר נידעריק. אָבער מיך האָט די צייט ווייניק געענדערט. איך האָב אָפּגעחלומט אַ לאַנג לעבן און טאַקע אויך געהאַט מיינע חלומות וועגן בעכעווע. דערצו האָב איך נישט בלויז געחלומט — נאָר אויך אָפּגעגעבן מיין צייט און געלט פאַר כלל־ישראל, איז דאָס מיין פאַרמעגן, וואָס וואַרעמט מיך. טייל פון מיינע זכרונות אויף דעם געביט זענען אַזעלכע ליכטיקע, אַז זיי זענען ביי מיר וויכטיקער ווי ביי אנדערע זייער גרויס און אָנגעזאַמלט פאַרמעגן. סוף כל סוף איז אָפּהענגיק דערפון ווי אַזוי איינער קוקט אויף מענטשלעך גליק און לעבנס־אינהאַלט.

איך מוז דאָ באַרירן עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צו גאָר־אינטימע געפילן אָבער דאָך קען מען דאָס נישט אַרויסלאָזן פון מיינע שילדערונגען. ווי כ'האָב שוין דערציילט גלייך ביים אָנהויב, בין איך געקומען קיין אַמעריקע אין 1907 — און ביז צום צווייטן וועלט־קריג זענען פאַרביי גאַנצע 32 יאָר. איבער דער צייט זענען געווען אַ סך לאַנדסלייט, אפילו אָרעמעלייט, וואָס האָבן כמעט ווי אָפּגעשפּאָרט פון מויל — אַבי צו מאַכן נאָכאַמאָל אַ באַזוך אין אונדזער היים־שטעטל און עס נאָכאַמאָל אָנקוקן מיט די אייגענע אויגן...

אָבער דווקא איך — וואָס האָב אין געוויסע צייטן זיך דאָס געקענט דער־לויבן, פון ריין־מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט — בין נישט געקומען דערצו. אפילו מיין פרוי, וואָס איז געקומען אַהער ווי אַ קינד און געהאַט ווייניקער סענטימענטן ווי איך צום שטעטל, האָט דאָרט יאָ געמאַכט אַ באַזוך און אפילו אויפגענומען געוואָרן מיט אומגעווייטלעכן כבוד פון משפחה און פריינט. אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן במשך די אַלע צענדליקער יאָרן — ביז ס'איז געוואָרן צושפּעט... פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון אונדז האָט נישט דערוואַרט די גרויסע בראָך און דערפאַר האָט מען זיך נישט געאיילט. ווען ס'זאָל געווען אויפקומען אין געדאַנק דער מינדעסטער חשד, וואָס עס גרייט זיך — וואָלט יעדער פון

אונדז זיכער געהאַנדלט אַ סך אַנדערש און געטאָן אַלדאָס מעגלעכע און אפילו אוממעגלעכע. וואָס וואָלט דען אַזאַ איינער ווי איך היינט נישט אָוועקגעגעבן — אַבי צו קענען כאַפּן נאָך איין בליק אויף יענער נעסט וואָס האָט אונדז אויס־געוואַרעמט?

אָבער אפילו ווען מיר האָבן דעמאָלט נישט דערוואַרט אַזאַ פינצטערן צאָרן, איז אויך געגוג קשה: ווי קומט עס, וואָס כ׳האָב זיך קיין איינמאָל נישט אָפּגעריסן אויף עטלעכע וואָכן און אַריבערגעפאָרן קיין בעכעווע? איך וואָלט דאָ געקענט אָנגעבן אַן אַ שיעור סיבות — און אַלע זאָלן זיין אמת. אָבער די וויכטיקסטע סיבה איז געווען — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען — טאַקע מיינע חלומות וועגן שטעטל און מיין שטאַרקע בענקשאַפט. כ׳וועל דאָס פּרובירן דערכלערן.

זינט איך געדענק זיך אין אַמעריקע, האָב איך אין מיינע טיפענישן געטראָגן דעם חלום פון קומען נאָכאַמאָל אַהיים. אָבער אָט־דער חלום איז געווען פאַרבונדן מיט נאָך אַ ריי פאָרשטעלונגען, אָדער איר מעגט עס אפילו אָנרופן „פאַנ־טאַזיעס״. קודם־כל האָב איך זיך אויסגעמאָלן אין דעם דמיון, ווי אַזוי איך מאַך אַ גרויסע קאַריערע און ווער דער גרויסער עושר. דאַן נעם איך אַ גרויסע סומע, פאָר אַריבער אין שטעטל שטילערהייט — און נעם זיך צום פאַרטרייבן די אָרעמקייט און נויט. איך גיב הילף יחידים, וואָס איך ווייס פון זייערעליידן — און איך גיב אויך אַ גרויסע סומע פאַר קהל... דערנאָך גיי איך מיר אַריבער שטילערהייט אינעם בית־המדרש, זעץ זיך אַוועק אין אַ ווינקל, זע נאָכאַמאָל אַלע בילדער פון מיינע קינדער־יאָרן, פון מיין יוגנט... און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז צו מיין גליק וואָלט גאָרנישט געווען קיין גרענעץ.

כ׳מוז זאָגן, אַז יענע פאַנטאַזיע — ווי איך קום קיין בעכעווע מיט אַ גרויסער סומע אין דער האַנט, בכדי צו העלפן לינדערן די מוראדיקע נויט — האָט מיך פשוט ווי געהאַלטן אין איר געפאַנגענשאַפט. אָבער יאָרן זענען פאַרביי — און כ׳בין געבליבן ביים חלומען. אוודאי בין איך געוואָרן אַ באַקאַנ־טער עסקן אין פאַרשידענע געזעלשאַפטן און געהאַט קאָנטאַקטן — טיילמאָל גאָר חברישע — מיט באַקאַנטע פערזענלעכקייטן פון מיין דור... אָבער פון עשירות בין איך שטענדיק געווען ווייט. מיין מוח איז כסדר געווען פאַרנומען מיט קהלישע ענינים — און אַזוי אויך מיין צייט.

יאָ, טיילמאָל פלעגט מיין נאָמען אויך דערמאָנט ווערן אין די יידישע צייטונגען פון פוילן — בשייכות מיט מיין עסקנות — און ווען מ׳האָט דאָס

געזען אין שטעטל, נו, האָט מען זיך אודאי פאַרגעשטעלט אַז איך בין מי־יודע וואָס און פאַרמאָג ווער ווייסט וויפל. האָט מיר פשוט פאַרפעלט דער מוט אַראָפּצוקומען און באַווייזן, אַז שוין נאָך אַלע יאָרן אַמעריקע בין איך זיי אַלע נישט מסוגל צו העלפן.

עס דערמאָנט זיך אַן עפּיזאָד: אין די דרייסיקער יאָרן איז געקומען קיין אַמעריקע אויף באַזוך דער באַקאַנטער זשורנאַליסט מ.ט. פון וואַרשע. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד אין פאַרבאַנד פון פוילישע יידן, אין וועלכן איך בין געווען גאָר־שטאַרק אַקטיוו. ביי יענעם קבלת פנים האָב איך אויך געהאַלטן אַ רעדע לטובת הילף פאַרן פוילישן יידנטום — און די רעדע האָט געמאַכט אַן איינדרוק. אין די בריוו, וואָס דער זשורנאַליסט האָט געשיקט צו זיין צייטונג אין וואַרשע, האָט ער אויך דערמאָנט מיין רעדע און וועלכן רושם זי האָט איבערגעלאָזט. האָט דאָס אַרטיקל אויך דערגרייכט קיין בעכעווע און דאָס האָט אויפגערודערט אַלעמען. טאַקע די פריער־דערמאָנטע חנה'לע האָט מיר געשריבן מיט גרויס גערירטקייט, אַז זי האָט געלייענט וואָס מען שרייבט וועגן מיר — און זי איז געוואַלטיק שטאָלץ מיט מיר... נאָך אַזעלכע גרוסן, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם דמיון פון אונדזערע שטעטל־מענטשן, וועלכע האָבן געזוכט אַן אויסוועג פון דער נויט, האָט מען געקענט מיינען אַז איך בין דאָ געוואָרן די צווייטע האַנט פון פּרעזידענט... קומען דערנאָך און באַווייזן, אַז שוין נאָך אַלע גליקן מאַך איך דאָ בלויז אַ לעבן; און טיילמאָל אַפילו בצמצום — דאָס איז מיר געווען אומבאַקוועם, שווער... און ווער ווייסט, צי מ'וואָלט עס מיר געגלויבט. עפּעס האָב איך זיי נישט געוואָלט אַנטוישן.

סיי ווי: דאָס איז געווען איינע פון די פּסיכאָלאָגישע מניעות — כאָטש זיי זענען געווען אַזוי אינטים, אַז כ'האָב די געפילן ווי פאַרבאָרגן אויף פאַר זיך אַליין. דערצו האָב איך אָפּגענומען גרוסן, אַז פון מיין דור (דאָס מיינט עלטערע, וועלכע איך האָב געדענקט פון דער קינדהייט) זענען ווייניק געבליבן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אַזוי ווי פאַרענדערט; און עפּעס האָט זיך מיר אַלץ געוואָלט זען די היים — ווי איך האָב זי איבערגעלאָזט... אפילו די זעלביקע צעזונגענע טישן אין בית־המדרש און די אויסגעזעצטע לומדים אַרום זיי, ווי די צייט וואָלט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. כ'ווייס, אַז אַזעלכע מאָטיוון קענען היינט קלינגען נאַאיוו — אָבער אין יענע יאָרן זענען זיי געווען די ריינע רעאַליטעט. מענטשלעכע סענטימענטן האָבן בכלל אַ סך מער באַווירקט צו

געשיכטע בכלל ווי מ׳שטעלט זיך פאָר. שוין אָפּגעשמועסט וועגן לעבן פון יחידים.

אויף וויפל מיר קערן זיך אום צו די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, האָט מיך דאָס לעבן גופא אַביסל אָפּגעריסן פון זיי. קודם־כל האָבן מיינע קולטורעלע און אויך נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן אַוועקגעפירט צו די גרעסערע אָרגאַניזאַציעס — ווו מ׳קען זיין מער טעטיק. אויף וויפל עס גייט אין די לאַנדסלייט, וואָס זענען געקומען אין דער זעלביקער צייט וואָס איך — אָדער אַביסל שפּעטער — האָבן זיי דער עיקר געזאָרגט פאַר זייערע משפחות. דערצו האָט די מערהייט פון זיי (ווי כ׳האָב שוין דערציילט) געהאַט גאָר אַ קנאַפּן אינטערעס אין קולטור, ביכער, רעפעראַטן און סתם קהלישע ענינים. דאַקעגן ביי מיר האָט מען אַלעמאָל געקענט אָנטרעפן עמעצן פון דער קולטורעלע וועלט. אַ ספר און אַ בוך זענען געווען מיין לעבן און נאַציאָנאַלע עסקנות איז געווען מיין טעגלעך ברויט. במילא איז מיר ענג געוואָרן אין דעם היימישן קרייז פון אַמאָל. אויסער אַלע זאַכן, איז אויך צוגעקומען אַן אייגענע משפחה — מיט אירע נחתן און דאגות.

ס׳איז נישט דאָ דאָס אָרט צו שילדערן אַלע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבעס און שטורעמס, וואָס מיר איז דאָ אויסגעקומען מיטצומאַכן. גענוג בלויז צו זאָגן, אַז מחוץ דער פריער־דערמאָנטן „אַרבעטער־רינג״, בין איך געווען שטאַרק טעטיק אינעם פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ סך פּערזענלעכקייטן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע. אָט־דער פאַרבאַנד האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיטן מאָביליזירן הילף פאַר פּוילישע יידן און אָט־די טעטיקייט האָט מיר געגעבן גרויס סאַטיספאַקציע. איך בין געווען טעטיק ביי די געזעלשאַפטן פאַר לובלין, קראַשניק, קאָלבישעוו און אַנדערע. אָבער עפּעס האָט מען געמומען מורמלען, אַז דער „פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן״ ווערט ביסלעכווייז איבערגענומען פון פּראָ־קאָמוניסטישע כוחות. דאָס האָבן מיר לכתחילה נישט געוואָלט גלויבן. אָבער די צייט האָט באַשטעטיקט די קלאַנגען און עס איז דערנאָך געקומען צו אַ קאַמף און אַ שפּאַלטונג.

צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל נאַציאָנאַל־געשטימטע מיטגלידער האָב איך פאַרלאָזט די אָרגאַניזאַציע און מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינעם „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״ וועלכער האָט, גלייך נאָך דער באַפרייונג פון היטלערן, אָנגעהויבן אַ שטאַרקע הילפס־טעטיקייט לטובת די געבליבענע אין אייראָפּע. צוליב דעם איז געשאַפן געוואָרן דער „ציוניסטישער אַרבעטער פאָנד״, ווו עס זענען טעטיק געוואָרן אַ גרויסע צאָל פריערדיקע חברים פון

„פאַרבאַנד פון פוילישע יידן". דאָס האָט אויך מיך מיטגעריסן. גלייכצייטיק בין איך אויך אַקטיוו געוואָרן פאַרן הסתדרות־קאמפיין, פאַרייניקטער הילפס־פאָנד און אַנדערע — ווו איך האָב געפונען אַ שטיקל טרייסט נאָכן מוראדיקן חורבן. טאָמער האָב איך געהערט, אַז ערגעץ ווו קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג, בכדי צו העלפן — האָב איך שוין ממש נישט געקענט איינרוען און איבער־געלאָזט אַלצדינג אַבי צו באַטייליקן זיך. דאָס האָט מיר געגעבן אַ סך דער־הויבונג און שטאַרקונג. הגם דאָס איז אויך פאַרבונדן געווען מיט גרויס מי.

אַזוי איז עס שוין געבליבן ביזן היינטיקן טאָג: איך בענק נאָך יידישע אסיפות, איך האָב אַ גייסטיקע הנאה צו געפונען זיך צווישן יידן, איך קוויק זיך ביים הערן אַ וואָרט תורה און אַ יידישן ניגון — און טאַקע דערפאַר פיל איך ערשט, נאָכן אָפּגעבן זיך אַ דין־וחשבון ווי שטאַרק און טיף עס שטעקט ביי מיר די ליכטיקע השפעה פון וואַרעמען בעכעווען בית־המדרש. די געשטאַלטן פון אַזויפיל תלמידי־חכמים — וואָס זייער פאַרשניטן קול ציטערט נאָך אין מיר — און טאַקע אויך דאָס געשטאַלט פון מיינע נאָענטע; מיין פאָטער און די מאַמע די צדקת.

איך ווייס נישט, צי מיר איז געראָטן דאָ אַרויסצוברענגען אַלצדינג וואָס מיר ליגט אויף דער פאַרטרויערטע נשמה. אָבער כ'האָב פּרובירט טאָן לויט מיינע בעסטע כוחות. זאָלן זייערע געהייליקטע נשמות זיין פאַרהערלעכט און געבענטשט אויף אַלע אייביקייטן — און דאָס אייביקע גיהנום פאַר אַלע רוצחים, וואָס האָבן אויפגעהויבן זייערע פאַרבלוטיקטע לאַפּעס און אָפּגעווישט מיט אַזוי פיל האַס אַזעלכע שטילע, ליידנדיקע און דערהויבן מענטשלעכע קהילות. אָמן!

✶

איך האָב נאָך געהאַט בדעה עפּעס צו דערציילן וועגן הילף פאַר דער קליינער שארית הפליטה פון דער בעכעווער קהילה. אָבער איך בין זיכער, אַז וועגן דעם ווייסן אַנדערע חברים פון אַמעריקע אַ סך מער פאַר מיר; און מסתמא האָבן זיי דאָס אַרויסגעברענגט אין דאָזיקן ספר הזכרון.

ח. זשולטעק

# זכרונות

אין קעניגרייך פוילן, האַרט ביי דער גרענעץ,
ליגט זיך אַ שטעטעלע, גרויס ווי אַ גענעץ
י. ל. פרץ

ווען אַמאָל אויף איין מאָמענט בלויז איך שטעל זיך אָפּ און קוק הינטער זיך; ווען אַמאָל אויף איין מאָמענט בלויז איך פּרוביר אין מיין געדאַנק צוריק לעבעדיק מאַכן די פאַרגאַנגענהייט, זע איך דאָס שטעטעלע ביכאווע אין די 4 צייטן פון יאָר: האַרבסט — בלאָטיקע גאַסן, שוואַך לויכטנדע לאַמטערנעס, וואָס שאָקלען זיך אין האַרבסט־ווינט; ווינטער — איינגעדרימלט אונטער אַ דיקן שיכט שניי, פראָסט און אייז פאַרפרוירענע פענצטער; פרילינג — שיין גאָלדענע פרימאָרגנס, שטילע בלויע און מעלאַנכאָלישע פאַרנאַכטן; זומער — היצן, אָפענע טירן, שינדל־דעכער און באָרוועסע קינדער — אַ שטעטעלע פונקט ווי הונדערטער אַנדערע פוילישע שטעטלעך, מיט זיינע מנחם מענדלס, פראַצענטניקעס, קבצנים, שטעקן־דרייערס, שנאָרערס. אַ שטעטעלע, פונקט ווי אַלע אַנדערע אין פוילן, און דאָך — דאָך נישט דאָס זעלביקע, ווייל ביכאווע איז פאָרט אַנדערש געווען ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך.

איך בין אָנגעקומען קיין ביכאָווע אַרום 1917, ערב דער ענדע פון וועלט־קריג. באַלד האָט פוילן באַקומען אומאָפּהענגיקייט. צו יענער צייט בין איך געגאַנגען אין אַ העברעאישער שולע ביי זשיטאָמירסקין. עס איז געווען די צייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, און איך דערמאָן זיך אין אַ גרויסער פּראָצעסיע: ווייס־בלויע פענער — ביי דער שול, אַ רעדע פון ישראל זיטמאַן, און „זאָל לעבן ענגלאַנד, און זאָל לעבן פוילן א. אַ. וו.״ מיר האָבן געלערנט העברעאיש, אָדער לשון קודש, ווי מען האָט עס דעמאָלט אָנגערופן, און העברעאישע לידער: „ציון, ציון את שמיך״, „עם שחר עורה ילד חן״, און אַ צער און אַ בענקעניש נאָך דעם לאַנד פון אונדזערע אָבות. אָבער לאַנג האָט דאָס נישט געדויערט, זשיטאָמירסקי

איז אַוועק. און איך דערמאָן זיך נאָך ווי מיר, אַ גרופּע קינדער, האָבן זיך פאַר־זאַמלט ביי זיסקינד שיינגאָרטן און אָנגעשריבן אַ לאַנגן קאָלעקטיוון בריוו צו אונדזער לערער, אים געווונטשן ער זאָל וואָס שנעלער זיך געפינען ביים הר הכרמל און אונדז שרייבן וועגן אונדזער לאַנד. לאַנג, לאַנג האָב איך זיך געפינען אונטער דעם דאָזיקן איינפלוס, און ווען מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב געלעזן די פּאָעמע פון יהודה הלוי „הלא תשאלי ציון", האָב איך געהאַט טרערן אין די אויגן. שוין באַלד 30 יאָר אַוועק זייט יענער צייט און איך דערמאָן זיך גוט אין דעם אַלעמען, גלייך ווי עס וואָלט נעכטן פאָרגעקומען.

די צייט איז שנעל פאַריבער, פון קינדער איז יוגנט געוואָרן — און צו יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און קריסטאַליזירן פּאָליטישע באַוועגונגען. אויסער דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט שוין עקזיסטירט — און אין זועלכער עס האָט אויך עקזיסטירט אַ גרופּע פון רעליגיעזע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך גערופן „מזרחיסטן", ווי הילל משה פינקעלשטיין, פּסח דיאַמענט, אביש ערליך, אָדער בעסער געזאָגט אביש שלמה ברוך׳ס און אַנדערע, — זענען אויך אויסגעוואַקסן לינקע פּאַרטייען און מען האָט געשאַפן דעם פּרץ קלוב, נאָכהער דעם לעדער־פאַראיין, וואָס איז פּרימיטיוו געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, און אין דער אמתן אַ קולטור־אָרגאַניזאַציע, ביבליאָטעקן, און מען האָט זיך געוואָרפן ווי הונגעריקע אויף די ביכער און ממש געשלונגען. אַ מישמאַש, דער וידוי פון רוסא מיט מנחם מענדל פון שלום־עליכם, זשול ווערן מיט מענדעלע מוכר ספרים, און מען האָט אַריינגעטייטשט אין די מתנות פון פּרצן, און דער פרומער קאַץ — קרייזן און לעקציעס — פּאָליטישער עקאָנאָמישער און היסטאָ־רישער מאַטעריאַליזם, ערפורטער פּראָגראַם און קאָמוניסטישער מאַניפעסט. מען האָט זיך געראַנגלט מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן. און צו שאַפן געלט איז מען פלוצלינג אַרטיסטן געוואָרן. יעדער האָט געגלייבט, אַז ער קען שפּילן טעאַטער. כּיל האָבן ריכטיק געהאַט טאַלאַנט, יעדנפאַלס מען האָט געשפּילט, שלעכט אָדער גוט, אָבער געשפּילט.

נאָכהער זענען געקומען שפּאַלטונגען, רייסערייען, פּאַרטיי־קאַמפן, וואַל־קאַמפּאַניעס, פּאָרלעזונגען, רעפעראַטן, צווישנרופן, אָבסטראַקציעס. יעדער האָט געהאַלטן, אַז נאָר זיין פּאַרטיי קען און וועט באַפרייען די מענטשהייט — איינפאַך אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג, און מיט איין קלאַפּ וועט די גאַנצע מענטשהייט זיין באַפרייט, נאַראָנים, ווי מיר זענען געווען, טרוימער, ווי מיר זענען געווען, גלייך ווי די מענטשהייט וואָלט ריכטיק געדאַרפט די פרייהייט, גלייך די מענטש־

הייט וואָלט זיך אַ סך געקימערט וועגן אונדז זעלבסט. יאָ, ווען איך דערמאָן זיך היינט וועגן דעם, זאָג איך מיר ווי עס שטייט אין שיר השירים „כרמי שלי לא נטרתי" און פון אונדזער אייגענער באַפרייאונג האָט זיך נישט געטראַכט, פונקט ווי עס זאָגט עס טוביה דער מילכיקער „די גאַנצע וועלט געגעבן עצות און אַליין וועסטו שטאַרבן ווי אַ נאַר".

און ווען איך טראַכט וועגן דעם אַלעמען, ווי אַזוי נישט דערמאָנען — און דאָס איז דאָך דאָס וויכטיקסטע, ווייל באַוועגונגען ווערן דאָך געשאַפן, אָנגעפירט און באַגייסטערט דורך מענטשן — ווי אַזוי נישט דערמאַנען די געשטאַלטן, וואָס האָבן באַלעבט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין ביכאָווע, ווי אַזוי נישט דערמאַנען אַ ישראל זיטמאַן, זיין קלינגענדיקע שטימע, זיין אינטעליגענץ, זיין רעדנער־טאַלאַנט; מענדל רייז, לייבטשע הימעלפאַרב מיט זיין סאַלאָן מאַניערן, זיין טיפע ברוסט־שטימע, זיין קולטור. און יעדע באַוועגונג האָט געהאַט זיין טוער און באַגייסטערער — יאַנקל קליינמאַן, ישראל פייערייזין, אברהם צוקער, מנשה ערליך, אברהם שאַרפשטיין, גרינדער, בויער, טוער און באַגייסטערער, און נאָך פיל אַנדערע, ווייניקער באַגאַבטע, אָבער איבערגעגעבענע, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער צייט, זייער כוח פאַר דער געזעלשאַפט, פאַר דעם כלל. אייניקע פון די אויבן אויסגערעכנטע לעבן נאָך צום גליק, און די אַנדערע אומגעקומען דורך די נאַצי־תלינים.

יאָ, אַ קליין שטעטעלע, ווי פיל אַנדערע אין פוילן אָבער דאָך נישט דאָס זעלביקע. און מיר, די איבערגעבליבענע פון ביכאָווע קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן אַז די ביכאָווער זענען געווען פיל אינטעליגענטער, פיל באַוווסטזיניקער, פיל טאַלאַנטפולער, ווי די מענטשן פון אַנדערע שטעטלעך און אַנדערע מענטשן. פון וועלכער ריכטונג דאָס זאָל נישט זיין, האָבן אימער געגלאַנצט אויף די קרייז־קאָנפערענצן, אימער זיך אַרויסגעוויזן פיל גלענצנדיקער ווי די טוער פון אַנדערע שטעטלעך. און מיר די איבערגעבליבענע, ווען מיר דענקען אויף אַ ווייִלע אין דעם קליינעם פאַרוואָרפענעם און וויטן ביכאָווע, ווען מיר דענקען אויף אַ ווייִלע אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט, קאָנען מיר שטאָלץ זיין.

שווער, זייער שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָס איז טויט, אַז דאָס אַלץ איז פאַרווישט געוואָרן ווי סדום און עמורה, אויך דאָרט איז קיינער מער נישט געבליבן, אָבער ליידער איז דאָס אמת.

מיר רעדן איצט וועגן אונדזער שטעטעלע, וועגן די מענטשן, וואָס מיר האָבן געקענט, וואָס זענען געווען אונדזערע פריינד. מיר טראַכטן איצט וועגן

אונדזערע קרובים, וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען, מיר דערמאָנען זיך אין אונדזערע אייגענע קינדער־יאָרן, אונדזער יוגנט, וועגן דער סביבה, ווו מיר האָבן געלעבט און זיך אַנטוויקלט, און עס טויכן אויף אין זכרון טיפן, געשטאַלטן און פערזענלעכקייטן, סצענעס, בילדער פראַגמענטן, פרעסקן, אָבער ווער איז אימשטאַנד דאָס צו באַשרייבן.

איך דערמאָן זיך אין דער דערעפענונג פון „בית־עם״, פאַר וועלכן יעדער האָט מיט באַגייסטערונג געאַרבעט. איך בין צו יענער צייט נאָך געווען יונג, אפשר 14 יאָר אַלט און איך האָב געהיבלעוועט די ברעטער פונקט ווי אַ סך אַנדערע. איך געדענק גוט די פייערלעכע דערעפענונג — יאַנקל קליינמאַן באַגריסט אין נאָמען (איך געדענק זעלבסט נישט אין וועמענס נאָמען) און ענדיקט זיין באַגריסונג, אַז די אייגנטימער פון „בית עם״ זאָלן נישט זיין אַזעלכע פראַנטשקעס, ווי יענע זענען געווען (דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז אַזוי ווי די פראַנטשקעס, וואָס זענען געווען אַנטיסעמיטן און האָבן נישט געוואָלט פאַרדינגען נישט דעם טעאַטער־זאַל און נישט דעם פייערלעשער זאַל, אַז די אָנפירער פון „בית עם״ זאָלן נישט דאָס זעלבע טוען מיט זייערע פאַרטייאישע קעגנער) — אַפּלאָדיסמענטן, צווישנרופן. פון דער טריבונע שרייט מרדכי שאַרפשטיין אַרונ־טער — ד־ק־מאַנעס... „זאָגט עס אין העברעאיש, הערט זיך אַ שטימע. אָבער מרדכי שארפשטיין האָט עס אין העברעאיש נאַטירלעך נישט געזאָגט, געלעכטער און טומל...

אַן אַנדערש מאָל, אַ מיטינג ביים „בונד״. עמעץ דונערט קעגן די רעאַקציאָ־נערע ציוניסטן״ און זייערע שותפים מכל המינים שהם. יאַנקל קליינמאַן נעמט דאָס וואָרט און זאָגט: „אַמאָל ווען די מענטשהייט איז נאָך געווען פרימיטיוו, די שפּראַך האָט נישט געהאַט קיין אויסדריקן, קיין נעמען אויף יעדער זאַך באַזונדער האָט מען אָנגערופן פיל זאַכן מיטן זעלבן נאָמען. היינט איז די מענטש־לעכע שפּראַך גענוג רייך און מען קאָן יעדע באַוועגונג אָנרופן מיט איר באַזונדערן נאָמען — און ווייטער, אַלעס, וואָס גיבט אין דער נאַטור איז נוצילך״. אַ צווישנ־רוף: „און מוסאָליני״? — „יאָ״, — ענטפערט קליינמאַן — „פאַרן פאַשיזם״.

און נאָך היינט, ווען אַזוי פיל וואַסער איז אָפּגעפלאָסן אונטער די בריקן, און נאָך מער בלוט און טרערן פון די אומגעקומענע יידן און אַנדערע מענטשן, נאָך היינט ווען איך דערמאָן זיך אין דעם אַלעמען, ווען די אַלע מענטשן און געשטאַלטן דעפילירן פאַרביי אין מיין זכרון, וווּנדער איך זיך אַליין, ווייל אונ־

דזער דור איז דאָך נישט געווען געלערנט, מיר האָבן קיין בילדונג נישט באַקומען, קיין גימנאַזיום נישט געמאַכט און אוניווערזיטעט נישט געגאַנגען, און דאָך האָבן אייניקע פאַרמאָגט אַ קולטור, אַן אינטעליגענץ, אָפט מאָל פיל מער ווי די, וואָס ענדיקן דעם אוניווערזיטעט. און ווען מיר רעדן וועגן אונדזער שטעטל, רעדן מיר נאַטירלעך, אין דער ערשטער ריי וועגן די, וואָס האָבן דאָרט געלעבט, געליטן און געהאָפט.

יאָ, אין דער ערשטער ריי רעדן מיר וועגן די מענטשן, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט, אָבער איך גלייב, אַז יעדן פון אונדז איז נאָך נאָענט דאָס שטעטעלע זעלבסט — די הייזער, די כאַטעס, די בלאָטיקע גאַסן, די שפּאַציר־גענג, די לאַנדשאַפט אַרום, די פעלדער און וועלדער, דער חרובער שלאָס ווו יעדער פון אונדז האָט שפּאַצירט, ווו מיר האָבן אָפט מאָל אין אַ זומער־נאַכט ביי אַ פולער לבנה געזונגען אין כאָר, און די לאַנדשאַפט איז געווען פאַנטאַסטיש אין דער שטילער נאַכט, באַלויכטן פון אַ בלאַסן זילבערשיין, מיר האָבן געזונגען און דאָס געזאַנג האָט זיך אויפגעהויבן צום הימל און זיך אָפּגעשלאָגן אין אַ געוויסן עכאָ.

די יידישע באַפעלקערונג פון פוילן האָט זייט דורות געמוזט אויסוואַנדערן אין דער ווייטער וועלט אויף צו זוכן ברויט און אַרבעט. איך דערמאָן זיך אין איין אַרטיקל, וואָס האָט געשילדערט אַ קליין שטעטעלע — באַגען — אַ האַרבסט פרימאָרגן, אַ קליין יידיש מאַמעלע, איינגעהילט אין אַ שאַל, באַגלייט איר זון וואָס פאָרט קיין אַמעריקע. און דאָס קליינע יידישע מאַמעלע, באַגאָסן מיט טרערן זאָגט אים צום טויזנטסטן מאָל „זאָלסט נישט פאַרגעסן, זאָלסט שרייבן צו דיין מאַמען, זאָלסט נישט פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַ ייד". און אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן דאָס באַקאַנטע ליד, וואָס מיר האָבן אַזוי אָפט געזונגע ביים ניי־מאַשין, אָדער ביים קלאַפּן מיטן האַמער אויף די זוילן פון שטיוול —

אַ בריוועלע דער מאַמען, זאָלסט נישט פאַרזוימען,
שרייב געשווינד מיין ליבעס קינד.

די יידישע עמיגראַנטן, אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן נישט פאַרגעסן אין זייער שטעטעלע או נישט אין זייער מאַמען, האָבן נישט פאַרגעסן אין זייער קינדהייט, האָבן נישט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן געקלעטערט אויף אַ בוים אַ הויכן און געוואָרפן שטיינער אין טייך. און נאָך היינט אין די יידישע געזעלשאַפטן,

אָרגאַניזאַציעס, ביי יעדער געלעגנהייט זינגט מען מיט בענקשאַפט אַ ליד, וואָס סימבאָליזירט אַלע שטעטלעך פון פוילן.

„בעלז מיין שטעטעלע בעלז", מיין שטעטעלע, ווו איך האָב מיינע קינדער־יאָר פאַרבראַכט, מען זינגט בעלז און יעדער דענקט אין זיין שטעטעלע מיט זיינע היימישע און דאָרט ווו יעדער פון אונדז האָט זיין קינדהייט פאַרבראַכט — און פאַר אונדז איז דאָס ביכאווע. „די יאָרן גייען פאָראיבער און דער אָנדענק בלייבט".

זאָלן מיינע פאָר אָרעמע שורות דינען פאַר אַ בלום אין דעם ריזיקן קראַנץ אויף דעם אומבאַקאַנטן מאַסן־קבר פון טויזנטער מענער און פרויען און קינדער פון ביכאווע.

## בעכעווע *

25 קילאָמעטער דרום־זייט פון לובלין געפינט זיך דאָס שטעטל ביכאווע (ביכאַוואַ). דאָס שטעטל ליגט צווישן בערג און ביי דער זייט שלענגלט זיך דער טייך ביסטריצע. פאַרן אויסברוך פון 2טן וועלט־קריג האָבן אין שטעטל געוווינט ביז 500 יידישע משפחות.

נישט געקוקט אויף דער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער צאָל יידן, איז אָבער דאָך געווען שטאַרק אַנטוויקלט דאָס רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע לעבן. שבת זענען אַלע יידישע קראָמען געווען געשלאָסן און דער רוב יידן האָט אָנגעפילט די שולן, בתי־מדרשים און פאַרשידענע חסידים־שטיבלעך. צום דאַווענען איז מען געגאַנגען אין די גאַסן אָנגעטאָן אין די טליתים, גלייך אין דעם שטעטל וואָלטן געוווינט בלויז יידן און געדאַווענט האָט מען מיט ברען, מיט התלהבות.

אין שטעטל האָבן עקזיסטירט און געווען טעטיק כמעט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי: אַלגעמיינע ציוניסטן, לינקע און רעכטע פּועלי־ציון, מזרחי, אגודת־ישראל א. אַ. די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט אַ קלוב „בית עם", וווּ עס זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אויסגעפירט דורך אַ גוט אָוועקגעשטעלטן דראַמ־קרייז. דאָרט זענען אויך פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעפעראַטן אויף פאַרשידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס. געווען אויך 2 געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אין די חסידישע קרייזן איז מען געווען געשטימט קעגן ציוניזם און קעגן ישוב ארץ־ישראל, האָבן דאָך פיל בית־המדרש־בחורים זיך געלערנט אַ פאַך, כדי עולה צו זיין און זיין פּראָדוקטיוו אין ארץ־ישראל, הגם די טאַטעס זייערע האָבן קרום געקוקט אויף אַ בעל־מלאכה. ליידער, האָט בלויז אַ קליינער טייל זוכה געווען ביזן 2טן וועלט־קריג עולה צו זיין קיין

---

* אויסצוג פון דער „ספּעציעלע אויסגאַבע צום וועלט־קאָנגרעס פון פּוילישע יידן — לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל", תל־אביב, טבת תשכ"א / יאַנואַר 1961.

ארץ־ישראל.ביים אויסבראָך פון דער היטלערישער מלחמה האָבן זיך געפונען אין לאַנד קוים 30 משפחות אָפּשטאַמיקע פון ביכאַוועו.

דער גרעסטער טייל ביכאָווער יידן זענען אומגעקומען און פאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס פון די פאַרשידענע לאַגערן. נאָכן קריג איז אַ קליינער טייל צוריקגעקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד און נאָך אַ קלענערער טייל האָט זיך געראַטעוועט אין דער פאַרטיזאַנטקע, אָדער על־פּי־נס געבליבן לעבן אין לאַגער.

אַ גרעסערע צאָל פון דער שארית־הפליטה האָט עולה געווען קיין ישראל. היינט צו טאָג געפינען זיך אין לאַנד אַן ערך 100 משפחות ביכאָווער יידן. אַ טייל באַשעפטיקן זיך אַלס פּקידים, אַ טייל זענען חברים אין קיבוץ, אָדער אין מושב, און אַ טייל זענען זעלבשטענדיקע בעלי־מלאָכות אָדער אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַבריקן און וואַרשטאַטן.

דער פאַראיין פון דער ביכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט פירט אַ טעטיקייט, כדי אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט און כדי נישט צו פאַרגעסן אונדזער אָפּגעמעקטע היים און געבורט־שטאָט. מיר פאַרמאָגן אַ באַשיידענע גמילות־חסדים קאַסע, וואָס גיט באַשיידענע הילף די, וואָס נייטיקן זיך אין איר. יעדעס יאָר, ב׳ חשון, אָרדענען מיר איין אַן אַזכרה נאָך די קדושים. מיר האָבן אויך אויפגעשטעלט אַ מצבה, אַלס אָנדענק פאַר די אומגעקומענע, אויפן הר־ציון. מיר גרייטן זיך אויך אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס וועט פאַראייביקן אונדזער געוועזענע היים.

מיר שטייען אויך אין פאַרבינדונג מיט די ביכאָווער אין אַרגענטינע, פאַריז און אַנדערע לענדער.

אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט זענען אַקטיוו טעטיק די ח״ח: הלל־משה פינקעלשטיין (ברקאי), יעקב קליימאַן, משה רידער, אריה הימעלפאַרב, יהושע עולמי, ישראל פייעראייזן.

דער אַדרעס פאַר פאַרבינדונג איז: יעקב קליימאַן, תל־אביב, רח׳ השופטים 37.

**בת שבע הורוויץ־גרינואלד**

## מיין שטעטעלע בעכעווע

מיט אַ געדריקט געמיט און ציטערדיקער האַנט פּרוביר איך אַרויסצובּרענגען אַ ביסל זכרונות פון מיין געליבט שטעטעלע ביכאווע. געווען איז דאָס אַ שטעטל גלייך ווי אַנדערע שטעטלעך אין פּוילן, מיט קליינע הילצערנע הייזלעך מיט שינדל־דעכער, און דאָך איז דאָס געווען אַנדערש. די יוגנט איז געווען אַ באַוווסטזיניקע, אויפגעוואַכט פריער ווי די יוגנט אין אַנדערע שטעטלעך און זיך געריסן צום וויסן און לערנען.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין פיל שטעטלעך האָט נאָך ביי דער יוגנט געהערשט די השפּעה פון די עלטערן, האָט זיך אין ביכאווע שוין אָנגעהויבן דאָס אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע לעבן. עס האָבן זיך געשאַפן פיל אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, ווי: „צעירי ציון", „לינקע צעירי ציון", „בונד", „פּועלי־ציון". ס'האָט זיך געעפנט אַ בית־ספר אין וועלכן ס'האָט געלערנט דער לערער זשיטאָמירסקי, וואָס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון לובלין. די „צעירי ציון" פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין דעם לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק און די „לינקע צעירי ציון" — אויף אַ בוידעם־שטיבל, און דער לערער זשיטאָמירסקי האָט געהאַלטן פאָרלעזונגען פאַר אונדז דאָרט. מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ פלעג איך זיך אַרויסגנבענען פון שטוב, אַזוי, אַז קיין מענטש זאָל מיך נישט זען, און גיין הערן די פאָרלעזונגען. ס'איז געווען אַ גרויסע סכנה פאַר מיין פאָטער אַלס שוחט, וואָס איז געווען אָפּהענגיק מיט זיין פּרנסה פונעם קהל; ווען מען זאָל זיך דערוויסן אַז איך, זיין טאָכטער, קומט צווישן די „לינקע צעירי ציון" — אַזאַ „זינד" וואָלט מען אים נישט פאַרגעבן. פיל זין און טעכטער פון פרומע יחוסדיקע היימען האָבן געטאָן דאָס זעלבע וואָס איך, שטרעבנדיק צו אַ ביסל וויסנשאַפט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין ביכאווע אויסגעבראָכן די עפּי־

דעמיע פון חולירע און טיפוס, האָט מיין פאָטער זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און ליבע צו ראַטעווען דאָס לעבן פון ביכאווער יידן. גאַנצע טעג און נעכט איז מיין פאָטער אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז ראַטעווען די צום טויט פאַרמשפּטע און האָט אַלץ געטאָן צו פאַרלייכטערן זייער מצב. מיין מאַמע האָט געזאָגט צו אים: „דו ביסט אַ טאַטע פון צוועלף קינדער, ווי מעגסטו דאָס טאָן, זיך איינשטעלן דאָס לעבן, און ווו וועסטו אונדז איבערלאָזן?" דאַצו האָט מיין פאָטער גע־ענטוואָרט: „איצט מאַכט מען קיין חשבון; איך דאַרף אַלץ טאָן בכדי צו פאַר־לייכטערן די יסורים פון די מענטשן".

בכלל האָט מיין פאָטער, דער שוחט, געווידמעט זיין גאַנץ לעבן פאַרן שטעטעלע. ער איז געווען טעטיק אין „הכנסת אורחים", אין „גמילות חסדים", אין „ביקור חולים". ער איז אויך געווען דער מוהל און בעל־תפילה שבת'ים און ימים טובים. ביי אונדז איז שטענדיק געווען דער צוזאַמענקונפט פון גאַנץ קהל ביכאווע אויף קידוש'ים און מלוה־מלכות, ווו מען האָט געשמועסט פון דברי תורה און אויך פון דברי חול און פּאָליטיק. ס'איז ממש געווען אַ וואַרעמע שטוב פאַר פיל ביכאווער יידן און דעסגלייכן פאַר פיל יידן אויסער ביכאווע, וואָס פלעגן אַרומגיין פון שטעטל צו שטעטל האַלטן דרשות.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט זענען מיר געווען צוועלף קינדער, אַממיינסטן טעכטער, פאַרגעשריטן, געלייענט ביכער, וואָס מען האָט גערופן „טריפה פסול", געלייענט זעלבסטפאַרשטענדלעך אין געהיים, אַז דער טאַטע זאָל, חלילה, נישט דערוויסן זיך פון דעם און אויך נישט זייטיקע מענטשן, ווייל דאָס קאָן, חלילה, רואינירן דעם טאַטנס פּרנסה. צוויי ברידער מיינע זענען אויך געווען שוחטים, גרויסע מתמידים און לומדים.

פון דער געצווייגטער משפּחה בין איך געבליבן אַליין און מיין עלטערער שוועסטערס אַ זון.

משה רידר

# מיין שטעטעלע בעכעווע

ווען מיר גייען צו באַשרייבן אונדזער אומגעקומען יידיש שטעטעלע בעכעווע, און איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען, דענק איך, אַז מיר דאַרפן געבן אַ בילד פון דעם גאַנצן יידישן לעבן אויף אַלע געביטן, און אפשר נישט נאָר דאָס יידישע לעבן אַליין. כדי צו געבן אַ באַגריף ווי אַזוי עס האָט ריכטיק אויסגעזען דאָס לעבן פון די יידן, דאַרף מען אפשר אויך שילדערן ווי אַזוי עס האָבן געלעבט אין בעכעווע די נישט־יידן. און אפשר איז דאָס נישט די אויפגאַבע פון אונדזער יזכור־בוך, אפשר איז דאָס גאָר די אויפגאַבע פון היסטאָריקער וועלכע וועלן פאָרשן און באַשרייבן די געשיכטע פון די יידישע שטעטלעך אין פוילן בכלל, פון וועלכע בעכעווע איז געווען איינע פון מערערע.

ווען איך דענק אין מיין געבורט־אָרט בעכעווע, נעמט מיך אָן אַ בענקשאַפט צו אַלעם וואָס איז דאָרט געווען און וואָס האָט זיך איינגעבאַקן אין מיין קינדעריש וועזן. איך בענק נאָך די קליינע, שמאָלע נישט ברוקירטע געסלעך; נאָך די לאָמפּן, וואָס האָבן געדאַרפט באַלויכטן די ווינקל־גאַסן און וואַרפן זייערע שטראַלן אויף דעם מאַרק מיט איר אַלטן ברונעם, וואָס האָט אין די פרילינגס־טעג געדינט אַלס פּלאַץ צו פאַרקויפן יאַגאָדעס, ווייל קיין וואַסער האָט מען אין מיין צייט פון אים נישט געשעפּט; איך בענק נאָך די וואַסערן וואָס האָבן אַרומגענומען דאָס שטעטעלע; נאָך דער לאָנקע, ווו מיר האָבן שפּאַצירט אין די שיינע זומער־טעג; נאָך דעם פּאַלאַץ ווו די יוגנט האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט און געאָטעמט מיט פרישער פרילינגס־לופט. דער פּאַלאַץ איז אַלט געווען הונדערטער יאָרן, אָבער איז געווען געטריי אין זיין דינסט צו אַלעמען: ער האָט אין זיין שיינהייט אויפגענומען אַלע סודות, פון יעדן איינעם באַזונדער און פון אַלע צוזאַמען. דאָרט האָבן זיך געטראָפן די ערשטע פאַרליבטע פּאָרלעך, וועלכע האָבן אין יענע יאָרן זיך נישט דערלויבט צו פילן פריי אין שטעטל. דאָרט האָבן זיך אויך געטראָפן די גרופּן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן די גרינדער

פון אָרגאַניזירטע פּאַרטייען. ווי שיין איז דאָס געווען! איז עס ריכטיק, אַז דאָס אַלץ איז מער נישטאָ?

זאָל איך דאָס שטעטל באַקלאָגן, צי זאָל איך דאָס באַזינגען? מיר דאַכט זיך אַז מען דאַרף טאָן ביידע, צו ערשט באַזינגען איר אויפקומען, איר אַנט־וויקלונג און שטאַפּלען, דאָס שאַפן וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון זיך זעלבסט אויף אַלע געביטן. עס זענען אויפגעשטאַנען פּאַרטייען מיט יוגנט־סעקציעס, אַמאַטאָרן־קרייזן, לייי־ביבליאָטעקן, מען האָט אָנגעהויבן אָריינציִען די יוגנט אין די פּאַרטייען, און יעדע פּאַרטיי האָט געפירט אַ פּאַרצווייגטע פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט.

נישט קוקנדיק דערויף וואָס מאַטעריעליש איז בעכעווע נישט געשטאַנען בעסער ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך אין דער גאַנצער געגנט, קיין אינדוסטריע איז נישט געווען אין שטעטל, האָט זיך די יוגנט שיין אויסגעלעבט. עס זענען געווען שניידער און שוסטער־וואַרשטאַטן, סטאָליערס, רימאַרזשעס און ד. גל. וועלכע האָבן באַשעפטיקט אַ טייל פון די וועלכע האָבן אַרבעט געזוכט. און די וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק אָנצוקומען אויף אַן אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן כאָר אַ לאַנגשעהדיקן אַרבעטס־טאָג באַקומען אַ גאַנץ גרויסן הונגער־לוין. אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָט מען אין די אָוונטן, אין די אַרבעטער יוגנט־לאָקאַלן נישט דערקענט אויף די יונגע בלוט־פאַרביקע געזיכטן, אַז דאָס זענען מענטשן, וואָס האָבן נאָר וואָס פאַרלאָזט זייערע אַרבעט־וואַרשטאַטן. און נישט איינער פון זיי האָט צו מאָל נישט געגעסן צו דער זעט. די יוגנט האָט נישט געזעען קיין צוקונפט פאַר זיך, און דער מאָרגן האָט זיך נישט געוויזן צו זיין בעסער פון דעם היינט — טראָץ דעם האָט זיך די יוגנט געריסן אָנטייל צו נעמען אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, זוכנדיק אויך ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע, ווען נישט אויפן אָרט — ערגעץ ווו אַנדערש.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט שוין עקזיסטירט ביי אונדז עטלעכע יאָר, אָבער אַרום איר האָבן זיך געהאַלטן די בעלי־בתישע קרייזן. די יוגנט אָבער האָט זיך נישט געקאָנט באַטייליקן אין דער אַרבעט פון די קרייזן, זי האָט געזוכט קרייזן נאָענטע צו זיך אין גייסט, און האָט זיי געפונען אין „בונד" און „לינקע פּועלי־ציון", אין „החלוץ", בית"ר און „השומר הלאומי". און ערשט שפּעטער, אָנהייב די דרייסיקער יאָרן, ווען די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַטאָרישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, האָבן אויך געוויסע טיילן פון דער בעלי־בתישער יוגנט אָנגעהייבן זיך דער־

נענטערן צו די אַרבעטער פּאַרטייען. עס קאָן זיין, אַז ווען די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע וואָלט אַרויסגעוויזן גרעסערע אַקטיוויטעט אויף די געביטן, וואָס די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט (און זי האָט געקאָנט פירן אַ גרעסערע קולטורעלע אַרבעט, האַבנדיק די נייטיקע מיטלען, ווי אַ „בית עם", וואָס די ציוניסטן האָבן אויסגעבויט אין 1924—1925 מיט אַ גרויסן זאַל פאַר אסיפות און פאַרשטעלונגען, דאַן ווען די אַרבעטער פּאַרטייען האָבן זיך געמוזט בניגן מיט קליינע געדונגענע לאָקאַלן און די הוצאות זענען געפאַלן אַלס אַ שווערע לאַסט אויף די חברים צוליב די שווערע עקאָנאָ־מישע לאַגע אין שטעטל) — וואָלט זי צוגעצויגן אַ טייל פון דער אַרבעטער־יוגנט. נישט קוקנדיק דערויף זענען די אַרבעטער יוגנט־אָרגאַניזאַציעס נישט געבליבן הינטערשטעליק אויף קיין איינציקן געביט. זיי האָבן פיל געטאָן אין פאַרשפרייטן די פּאַרטייאישע פרעסע, ווי צייטונגען און וואָכן־שריפטן. אויך אויף דעם עקאָנאָמישן געביט האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַקטיוויטעט. אַזוי האָט מען געגרינדעט די קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער צענטראַל קאָאָפּעראַטיווער באַנק אין וואַרשע. אין דער שפּיץ פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק זענען געשטאַנען פּראָגרעסיווע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון „המזרחי" און די בעלי־מלאכות, וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אין האַנטווערקער פאַראיין. אַ דאַנק דעם וואָס די בעלי־מלאכות זענען געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער באַנק, האָבן זיי אויך געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוויילן פאַרטרעטער אין דעם ועד הקהילה, וואָס איז ביז דאַן געווען אָנגעפירט דורך דער „אגודת־ישראל".

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן אָנטייל צו נעמען אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר סאָציאַלער אָפּטיילונג און געגעבן הילף יעדן וואָס האָט זיך געניטיקט אין הילף, בפרט ערב „ימים טובים", עס זאָל נישט פאַרשטערט ווערן זייער שמחה צוליב דעם מאַנגל אין די נייטיקסטע זאַכן. אמת, עס איז נישט געווען אַ סאָציאַלע אָפּטיילונג אין דעם זין פון היינט־צו־טאָג, אָבער די מענטשלעכע באַציאונג פון איינעם צום צווייטן איז געווען תמיד אַ ליבע, אַ פריינדלעכע, איך וואָלט געזאָגט, אַן אינטימע־מענטשלעכע און האַרציקע, פיל מער ווי אין דער איצטיקער צייט. אַזוי ביי אונדז אין שטעטל, אַזוי אין אַלע אַרומיקע קליינע שטעטלעך.

און עס איז געווען אַ טייל אין שטעטל אין וועלכן ס'האָבן געוווינט די דלת־העם. דאָ האָט געוווינט אויך ישראלטשע מיט זיין טאָכטער און משה'לע

טרעגער זיין איידעם. און אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון די איינוווינער אין דעם טייל שטעטל האָט זיך באַשעפטיקט מיט לאַטשן שיך און איבערדרייען אַלטע מלבושים, האָט זיך ישראלטשע באַשעפטיקט מיט באַדינען דעם רבין אין זיין בית־המדרש, וואָס איז אויך געווען דאָ, אין דעם טייל פון דעם שטעטל. און ישראלטשע האָט אויך באַדינט די איינוווינער, גלייענט פורים די מגילה פאַר די פרויען, געבראַכט סוכות דעם לולב און דעם אתרוג צו די פרויען, זיי זאָלן מקיים זיין די מצוה פון בענטשן מיט דעם אתרוג, און דאָס אַלץ האָט ער געטאָן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, שלא על מנת לקבל פרס, אָבער יעדע פרוי האָט פאַרשטאַנען אַליין אַז מ׳דאַרף ישראלטשן עפעס געבן פאַר זיין טרחה, און די געשענקען זענען געווען אַ צוגאָב צו זיין פרנסה.

ס׳איז מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון די חברה קדישא פון בעכעווע. יאָר־יערלעך פלעגן אַרויסגיין אַ פאַרזאַמלטער עולם פון שול מיט קינדער בראש, וועלכע האָבן געטראָגן פענער פאַרשמוקט מיט רויטע עפּלעך און אָנגעצינדענע ליכט צו דוד׳ש רייס הויז, וואָס איז געווען איינע פון די אָנגעזעענע משפחות אין שטעטל און אויסגעצייכנט זיך מיט זייער קבלת־פנים און קבלת־אורחים. די באַלעבאָסטע, חוה׳לע רייס, פלעגט מיט אַ ברייטער האַנט אַלץ אָנגרייטן און אין אַ שיין רייכן אופן צולאַנגען צום טיש. דאָס האָט טאַקע פאַרשענערט די יערלעכע פייערונג פון דער חברה קדישא, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַדיציע.

ווען איך טראַכט היינט, 25 יאָר נאָך דעם ווי מען האָט אייך אַלע אומגע־בראַכט, אייך מיינע טייערע. ווער האָט איר געטאָן שלעכטס? און וועמען האָט איר געוואָלט טאָן שלעכטס? ווער האָט אייך געמשפט. פאַר וואָס איז אייך געקומען אַזאַ גזר־דין. און איך מוז שלום מאַכן מיט דער טרויעריקער ווירק־לעכקייט, אַז איר זענט מער נישטאָ. און צוזאַמען מיט אַלע יידן פון פוילן האָט מען אויך אייך מיינע טייערע, מיינע בענקענדיקע בעכיווער יידן אומגעבראַכט. און ווער האָט אייך צו קבר ישראל געבראַכט? ווי האָט מען אייך דאָס קבר געגעבן? ווער האָט נאָך אייך קדיש געזאָגט. ניין! מען האָט פאַר אייך קיין קבר נישט געגראָבן. מען האָט ביי אייער קבורה קיין קדיש נישט געזאָגט. מען האָט אייך אייערע מצבות קיין אין וואָרט נישט געשריבן. איצט מיטן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך שטעלן מיר די מצבה פאַר אייך, קדושים וטהורים מביכעווע. היינט זאָג איך קדיש נאָך אַלע אומגעקומענע יידן פון בעכעווע.

יתגדל ויתקדש שמה רבא.

יעקב קליימאַן

## דער רבי ר׳ איציקל ז״ל

אַריינפאָרנדיק קיין ביכאווע מיטן קראַשניקער וועג, אויף דער לינקער זייט האָרטביים טייך, איז געשטאַנען אַן אָפּגעזונדערט הויז, וואָס האָט זיך מיט גאָר נישט אויסגעטיילט פון דער די איבעריקע הילצערנע הייזער, מיט די שינדל־דעכער אין שטעטל. אָבער צוקומענדיק נענטער, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַז דריי זייטן פונעם הויז זענען פול מיט פענצטער און די פראָנט־זייט איז גע־ווענדעט צום באַרג, באַפלאַנצט מיט ביימער. דאָס איז געווען דאָס הויז פונעם ביכאווער רבין. די גרעסטע טייל פונעם הויז איז געווען אַ בית־מדרש פול מיט פענצטער, בלויז אַ קליינער טייל צפון־זייט פונעם הויז, האָט געדינט אַלס וווינונג פאַרן רבין, וואָס איז באַשטאַנען פון 2 צימערן מיט אַ קיך.

דאָס בית־המדרש האָט געפּוסטעוועט כמעט אַ גאַנצע וואָך, אויפגעלעבט האָט עס פרייטאָג פאַר נאַכט, ווען פון אַלע פענצטער האָט געשלאָגן ליכט פון בליץ־לאָמפּען און עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַן עולם, מערסטנטייל בעלי־מלאכות, פערד־סוחרים, דאָרפסגייער. באַלד נאָך מנחה האָט זיך אַן עפן געגעבן די טיר פונעם רבינס וווינונג און דער גאַנצער עולם האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. אַ נידעריק געוויקסיקער מאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד מיט זילבערנע פעדעם, אין אַ שטריימל, איז מיט געמאָסטענע טריט אַריין אין בית־המדרש, צוגעגאַנגען צו דער מזרח־וואַנט, ביי דער רעכטער זייט פונעם אָרון־הקודש, און דער בעל־תפילה (יצחק דינה מענדלס) האָט אַרויסגעזינגען „לכו נרננה״.

דער ביכאָווער רבי האָט געשטאַמט פון הויכן יחוס אין דער חסידישער וועלט, אַן אייניקל פונעם היהודי הקדוש ז״ל. אונטערגעשריבן האָט ער זיך, „הרב יעקב יצחק רבינוביץ, חונה פה בעכעווע״, אָבער דאָס פאָלק האָט אים גערופן, דער רבי ר׳ איציקל, דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די באַציאונג פון דער „פני״ פונעם שטעטל,

וועלכע האָט זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס. בלויז יחידים פלעגן פון צייט צו צייט קומען צום רבין צו שלוש־סעודות, צווישן זיי יידל קליינמאַן און יענקעלע שמעון־יהושעלעס. דעם רבינס חסידים און פאַרערער זענען געווען פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. די ביכאָווער פלעגן קומען צום רבין, ווען אַ דאָקטער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און מען האָט געוואָלט וויסן, וואָס דאָס איז און צי מען מעג עס נעמען. מען איז אויך געקומען צום רבין מיט אַ פּראָבלעמאַטישע דין־תורה. איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין ביים רבין כמעט יעדן טאָג. מיין פאָטער, יחיאל אברהמ׳ציס ז״ל האָט זיך גערעכנט פון די נאָענטסטע מקורבים צום רבין. דערצו האָבן מיר געוווינט בשכינות.

דער רבי ז״ל איז מיר געבליבן אין זכרון אין דריי געשטאַלטן: אינעם שטריימל, אין דעם שוואַרצן קאַפּעלוש, און אין דער יאַרמלקע. יעדע געשטאַלט איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דעם שטריימל האָט דער רבי געטראָגן ביי פייער־לעכע אומשטענדן: ווען ער האָט „געפירט טיש״, און ווען ער האָט אויפגענומען חסידים, פרויען און מענער, וואָס זענען געקומען פון דער אַרומיקער געגנט, נאָך דעם ווי דער שמש, ישראלצ׳ע סופר האָט זיי אָנגעשריבן קוויטלעך.

ווי געזאָגט בין איך געווען ביים רבין אין שטוב אַ בן־בית, נאָך מער איך בין געווען ווי „אַ מעבל שטיק״ — קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, נישט געלייגט קיין אַכט, בין איך מיר געשטאַנען אין אַ ווינקל און צוגעקוקט. קיין זייטיקער איז נישט געווען אין צימער ווען דער רבי האָט אָנגענומען קוויטלעך, זאָגאַר נישט דער שמש, ער איז געשטאַנען ביי דרויסן־זייט פון דער טיר. די פרוי פלעגט זיך פונאַנדערוויינען און ברעכן די הענט „הייליקער רבי, העלפט מיר״, מערסטנטייל וועגן פרנסה, אָדער וועגן קראַנקייטן, שלעכט פאַ־מיליען־לעבן. דער רבי האָט געליינט דאָס קוויטל, נישט אויפגעהויבן די אויגן, געפרעגט אַ פראַגע, נאָך אַ פראַגע, געגעבן אַ טיפן קרעכץ, ווי מען וואָלט אַ משא אויף אים אַרויפגעלייגט; געזעסן פאַרזינקען אין טראַכטן אַ פּאָר מינוט. און מיט אַ מאָל אַ זאָג געגעבן: „פאָר אַהיים און גאָט זאָל העלפן״. ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף — דאָס איז געווען אַ סימן, אַז אַ צווייטער דאַרף אַריינקומען.

די גאַנצע צייט, וואָס דער רבי האָט געטראָגן דעם שטריימל פלעגט פאַלן אויף מיר אַן אימה. איך האָב נישט געהאַט קיין מאָל קיין מוט אַרויסצורעדן צו אים קיין וואָרט. גאָר אַן אַנדערע געשטאַלט איז דער רבי געווען טראָגנדיק דעם

שוואַרצן קאַפּעלוש. דעמאָלט פלעגט ער מיך רופן בלשון חיבה — „פושע עוכר ישראל" און דערביי מיר אויסקנאַקן די פינגער. דאָס איז געווען דאַן ווען ער האָט שפּאַצירט אינעם סאַד הין און צוריק, אַ לענגערע צייט, אַריינגעשטעקט די האַנט איינע אין דער אַנדערער אין די אַרבל אַריין; אָדער ווען ער איז געגאַנגען מבקר־חולה זיין איינעם פון זיינע מקורבים; אָדער ווען ער איז געגאַנגען אין מקוה אַריין. ביי אַ סך אַזעלכע געלעגנהייטן האָט ער מיך מיטגענומען. און דעמאָלט האָבן אַרויסגעקוקט פון די גאָלדענע ברילן צוויי קלוגע, גרויסע, שוואַרצע אויגן, אַ שמייכל האָט געשפּילט אויף די ליפּן, און ער האָט געוויצלט זיך און בשעת מעשה, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין, דערציילט מיט פאַרבן, ווי אַזוי דער גן־עדן זעט אויס, און ווי גוט עס איז די צדיקים אויף יענער וועלט. ביי אַזאַ שפּאַציר אין אַ שיינעםווינטער־טאָג נאָך מיטאָג איז דער רבי געגאַנגען מבקר־חולה זיין דעם מורה־הוראה פון שטעטל. דער וועג איז געווען באַרג־אַרויף, לעבן קלויסטער. דער רבי אין אַ שווערן פּיטער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און שווער און שווער געאָטעמט, יעדע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט און זיך אומגעקוקט אויף דער שיינער לאַנדשאַפט אַרום. איך, אַלס קליין יינגל, האָב נישט געהאַט קיין געדולד צו גיין אַזוי געלאָסן, בין איך איבער דער צייט אַרויף אויפן באַרג און צוריק אַרונטער, און ווידער דאָס זעלבע. דער רבי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, און דערביי איז דאָס פּנים געוואָרן ערנסט, און שטילערהייט כמעט געשעפּטשעט, געזאָגט: „דו מיינסט אַוודאי יענקעלע, אַז איך בין אַלע מאָל געווען אַזוי יונג ווי און אַלט ווי היינט. עס איז געווען אַ צייט, ווען איך בין געווען אַזוי יונג ווי דו און בין געלאָפן אַזוי שנעל און אַזוי לייכט ווי דו. און עס וועט קומען אַ צייט ווען דו וועסט ווערן אַזוי אַלט און שווער ווי איך און וועסט גיין אַזוי געלאַסן ווי איך...

אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט איז געווען דער רבי אין דער יאַרמלקע. דעמאָלט האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דער רבי איז מיין חבר: אַ יוגנטלעכקייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים און די קלוגע אויגן האָבן געשפּריצט מיט איראָניע און הומאָר. דאָס פלעגט געשען מערסטנטייל פרייטאָג, בערך 10 אַ זייגער פרי, ווען דער רבי האָט גענומען מאַכן די פיש לכבוד שבת. דאָס איז געווען נישט בלויז אַ מצווה — נאָר אַ באַליבטע אַרבעט. ער האָט געהאַקט די פיש קוקנדיק אויף אַ זייגער, נאָכהער צוגעגעבן מצה־מעל און ווידער געהאַקט; נאָכהער ציבעלעס, פאַרזוכט אויף דער שפּיץ־צונג, געמאַכט פריצען, ריינגעלייגט אין פאַן, געגעבן דער רביצין אָנווייזונגען ווי לאַנג עס דאַרף שטיין אויפן פייער. מיר

פלעגט ער ביי דער געלעגנהייט זאָגן, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט מען מאַכן פיש אויף שבת פון דעם גרויסן לויתן...

נאָך אַן אַרבעט, אַ באַליבטע האָט דער רבי געמאַכט טראַגנדיק די יאַרמלקע. דאָס איז געווען מוצאי־שבת, נאָך דער הבדלה נאָכן טרינקען די שמעקעדיקע וויסאָצקי טיי, ווען אין צימער זענען געבליבן 3—4 מענטשן פון זיינע מקורבים, צווישן זיי מיין פאָטער ז״ל, האָט דער רבי אַרויסגענומען די פידל פון דער שאַפע, געהייסן פאַרמאַכן די לאָדן פון די פענצטער, געזונגען „המבדיל בין קודש לחול״ און נאָאַכהער געשפּילט די מעלאָדיע אויף דער פידל. ביז היינט ליגט מיר נאָך דער טעם פון יענע הערלעכע אָוונטן פון בענקשאַפט און געהויבנקייט, וואָס האָבן אָנגעפילט מיין יונגע נשמה אויף אַ סך, אַ סך לאַנגע יאָרן.

ביז היינט פאַרגעס איך נישט דעם שפּאַציר, וואָס כ׳האָב געמאַכט מיטן רבין אין זיין סאַד. און נישט ווילנדיק האָב איך אַ פרעג געטאָן (הגם אַ מינוט שפּעטער האָב איך חרטה געהאַט, אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן) פאַר וואָס זאָגן די חסידים „הייליקער רבי״ און איך זע גאַרנישט קיין קדושה. דער רבי האָט מיך אָנגעקוקט ווי מיט גאַנץ אַנדערע אויגן, ווידער אַ בליק געגעבן, אַ שמייכל געטאָן, און אַ זאָג געטאָן: „גוט, פּושע עוכר ישראל, וועסט קומען מאָרגן נאָך מיטאָג וועל איך דיר ענטפערן״. צו דער באַשטימטער צייט האָב איך אָפּגעוואַרט דעם רבין אין סאַד. ער איז אַרויסגעקומען אינעם שלאַפראָק מיט ווייכע שטעקשיך, די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן, אָנגעהויבן שפּאַצירן אויף דער שטעשקע — און איך ביי דער זייט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און אַ פרעג געטאָן: „דו ווייסט, יענקעלע, אַז יידן האָבן געהאַט אַן אייגן לאַנד?״ — „יאָ״, — האָב איך געענטפערט. — „און אַז זיי האָבן געהאַט אַ בית־המקדש?״ — „יאָ״, — האָב איך געענטפערט. — „און אַז עס זענען געווען כהנים און לויים?״ — „יאָ״. — „און אַז אַ ייד האָט געטאָן אַן עבירה האָט ער געדאַרפט ברענגען אַ קרבן?״ — „יאָ״, — האָב איך געענטפערט. — „דאָס אַלץ האָב איך געלערנט אין חדר״. — „און איצט״ — ער האָט אָנגעהויבן רעדן שטיל ווי צו זיך אַליין „און איצט לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אַ יידישער דאָרפסמאַן ערגעץ ווו אין גליל העליון האָט געטאָן אַן עבירה, האָט ער איינגעשפּאַנט אַן אייזעלע אין אַ וועגעלע מיט 2 רעדער, אַרויפגעלייגט אַ קעלבעלע און גענומען פאָרן קיין ירושלים. ער איז געפאָרן עטלעכע טעג, זומער אין די היצן, אַדער ווינטער אין דער קעלט, און דורך יעדן שטעטל, וואָס ער איז דורכגעפאָרן, האָבן די קינדער געחוזקט און געגרופן לעזילקעס, געגנוי ווי היינט ביי אונדז דו, ווען עס

קומען דאָרפס־יידן אין שטאָט אַריין. און אַז גאָט האָט געהאָלפן און דער דאָרפס־ייד איז אָנגעקומען קיין ירושלים, מיד און צובראָכן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פריש קאַפּיטל: אויפן ירושלימער בית־המקדש הויף האָט מען געוואַרט אין דער ריי; געקומענע פון גאַנצן לאַנד מיט קרבנות האָבן געוואַרט אויף זייער תור אָנצוקומען צום מזבח. און ווען סוף־סוף איז אָנגעקומען די ריי פון דעם דאָרפסמאַן און זיין קרבן איז געבראַכט געוואָרן, האָט דער מאַן געפילט מיט אַלע זיינע חושים, אַז זיינע זינד זענען פאַרגעבן געוואָרן, ווייל אינעם בית־המקדש רוט די געטלעכקייט. דאַקעגן ווען אַ ירושלימדיקער ייד האָט געטאָן אַן עבירהלע און געוואָלט ברענגען אַ קרבן, איז ער צוגעגאַנגען אין אָוונט צו זיינעם אַ באַקאַנטן כהן און האָט אים געפרעגט ווען איז באַקוועם ער זאָל מאָרגן צושפּרינגען צום בית־המקדש מיט זיין קרבן. דער כהן האָט אַ מינוט געקנייטשט דעם שטערן און באַשלאָסן ,מאָרגן צווישן 4 און 5 נאָך מיטאָג'. אויף צומאָרגנס אין דער אָנגעוויזענער צייט איז דער מאַן געקומען אין בית־המקדש אין משך פון 15 מינוטן איז די גאַנצע פּראָצעדורע דורכגעפירט געוואָרן". אויף אַ ווײַלע איז דער רבי שטיין געבליבן און געפרעגט ווי אין דער וועלט אַריין: — „וואָס פאַר אַ קדושה האָט דער ירושלימדיקער געקאָנט פילן אין בית־המקדש? און איצט ווסטו שוין פאַרשטיין, אַז. דער וואָס קומט צו פאָרן צום רבין פון אַ צווייטער שטאָט, מוז ער אָנקומען צו ישראלטשע סופר ער זאָל אָנשרייבן אַ קוויטל, מוז וואַרטן אויף אַ ריי, און דערווייל רוקט זיך אונטער מנחה־מעריב־צייט מוז ער שוין וואַרטן אויפן צווייטן טאָג, און נאָך די אַלע שוועריקייטן ווען ער גייט אַרויס פון רבין, האָט ער דאָס געפיל פון געהויבנקייט און הייליקייט... אָבער דו, יענקעלע פושע עוכר ישראל, וואָס קומט צו מיר יעדן טאָג אָן שוועריקייטן, קאָנסטו גאָר נישט זען און גאָר נישט פילן," האָט דער רבי צוגעגעבן מיט זיין איראָניש שמייכעלע, און מיר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל.

היינט צו טאָג, ווען איך גיב אַ בליק צוריק אויף יענער צייט מיט בערך 5 צענדליק יאָר אויף דעם שטעטל ביכאווע, מיט זיין אָרעמקייט און בלאָטעס, מיט אַ יוגנט, וואָס האָט בכלל נישט געוווסט פון קיין רעגולערער שול־בילדונג, זאָגאַר נישט פון אַ פאָלקס־שולע; אַרבעטער און בעלי־מלאָכות, וואָס האָבן געאַרבעט פון מוצאי־שבת, טאָג־טעגלעך פון פרי־מאָרגן ביז 12 ביינאַכט מיט אַ הפסקה פון מנחה־מעריב־צייט — אַ לעבן, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם בית־המדרש און להבדיל „מקוה" און בית הקברות — אויף דעם ראַנד פון אַזאַ לעבן וואַקסט אויס דעם רבינס געשטאַלט ווי אַ ריז צווישן קאַרליקעס. אַ מענטש

מיט אַלזייטיקע הויכע בילדונג, וואָס האָט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן, געהאַט אַ ברייטן קלאָרן בליק אויפן לעבן און אַ שאַרפן לאָגיש דענקענדיקן מוח; געקענט דאָס יידישע לעבן דורך און דורך אין זיין גאַנצער טיפקייט; געווען אַ מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „מזרחי״ און געפאָרן אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן; געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ־פאַרבינדונגען מיט פיל פּראָמינענטע פּערזענלעכ־קייטן, געווען אַ פּערזענלעכער פריינד פון הערמאַן שטרוק און אַ האַרציקער פריינד פון די פאָלקס־מאַסן און אַרבעטס־מענטשן, אָט דער טייערער מענטש האָט געלעבט אין דעם קליינעם שטעטל אין באַדינגונגען כמעט פון דחקות (די רביצין האָט צוגעהאָלפן צו דער פרנסה מיט פאַרקויפן הייוון יעדן ערב שבת און ערב יום־טוב). און די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע אַרום אים איז געווען אַ גע־דריקטע, ווייל די פרנסי־העיר האָבן זיך געהאַלטן פון אים פון דער ווייטנס, זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַ רבי דאַרף נישט פאַרשטיין און וויסן אַזוי פיל. טראָץ דעם אַלעמען האָט קיינער נישט געהערט, אַז דער רבי זאָל זיך קלאָגן, אָדער געבן אַ קרעכץ.

דער יונגער דור האָט געקוקט אויפן רבינס הויז ווי אויף אַ לייכט־טורעם אין אַ פינצטערער נאַכט.

משה גריץ (ז״ל)

## אַ בליק אויף דעם בעכעווער רבנס הויף

ווען עס האָבן זיך דערנעענטערט די „ימים נוראים״, האָבן אָנגעהויבן די יידן פון די אַרומיקע דערפער אַריינפאָרן קיין בעכעווע, ווו זיי האָבן געדאַווענט ראש השנה און יום כיפור. געקומען זענען זיי אויף זייער וואָגן־און־פערד מיט די קינדערלעך און מיט דעם בעטגעוואַנט און מיט די צעריסענע אַלטע מחזורים. אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך אין דעם רבינס סאַד, זיך צעלייגט ווי ביי זיך אין דעם ווייַנגאָרטן, געקאָכט די פיש און געמאַכט די הכנות צום גרויסן יום־טוב. געטראָגן האָבן זיי צייגענע כאַלאַטן, די פאָלעס פאַרשטעקט אין דעם פאַסעק, די הויזן אין די שטיוול אַריינגעשטעקט — און אַזוי זענען זיי געגאַנגען דאַווענען.

דאָס זענען געווען יידישע משפחות, וואָס האָבן אַליין באַאַרבעט זייער ערד אין די דערפער, וועלכע דער „אוקאַז״ פון 1860 און 1863 האָט נישט באַרירט.

## אונדזער שטעטעלע ברענט

עס ליגן מיר אין זכרון די שריפות, וועלכע פלעגן אויסברעכן ביי אונדז אין בעכעווע פון צייט צו צייט. דאָס זענען נישט געווען שריפות, וואָס מען האָט אונטערגעצונדן, כדי צו באַקומען סטראַכאַוועקע, ווי עס קומט פאָר היינטיקע צייטן אין די גרויסע שטעט. ניין, דאָס זענען געווען שריפות, וואָס זענען „פון זיך אַליין״ אויסגעבראָכן, מען האָט נישט געוווסט אפילו פון וואַנען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן און פון וואָס זענען זיי געקומען. אָבער זיי האָבן אויסגעבראָכן און האָבן פאַרניכטעט פאַרמעגן און געשטעלט מענטשן צום דלות. און די שריפות זענען געוואָרן באַצייכנט ביים ציילן די יאָרן; אַזוי האָט מען געזאָגט כך וכך

יאָרן נאָך דער ערשטער שריפה, כך וכך יאָרן נאָך דער צווייטער שריפה און א. וו.

די ערשטע גרויסע שריפה איז פאָרגעקומען אין יאָר 1900. זי האָט זיך אָנגעפאַנגען ביים צלאל אבישס ביילה־חנה ביז גרשון קראמער און ביז דער באָד און דער אַפטייק — אַלעץ איז אָפגעברענט געוואָרן. ווען די שריפה האָט אויסגעבראָכן איז יעדער געלאָפן אַהיים און געכאַפּט וואָס ער האָט נאָך געקאָנט אַרויסשלעפן פון דער שריפה, קודם כל בעטגעוואנט. מען האָט אויך געכאַפּט פערד צו ברענגען די שיקאַווקע, וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ היינטיקע וואַסער־קישקע מיט וועלכער מען באַשפריצט דעם גאָרטן.

די צווייטע גרויסע שריפה איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1910 אָדער 1911. דאָס פייער האָט געבושעוועט פון דער „טומאה" ביז לייזער ערליכס און ביז שמואל רייז — אַלץ איז אַוועק מיט דעם פייער, פאַסט די צווייטע העלפט פון דעם שטעטל.



מעאבה (בין יוסל בליאַכאַז׳ ושלומקה פלדשר)
די פּאָמפּע (צווישן יוסל בליאַכאַזש און שלאָמקה פעלדשער)

די דריטע שריפה איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1935, אָדער 1936. דאָס מאָל האָט זיך די שריפה פאַרשפרייט פון שלמה קליימאַן (ביניש) ביז בעריש וואַלדמאַן און פנחס רייז. אונדזער הויז איז געבליבן גאַנץ, האָבן די גויים געזאָגט, אַז דאָ, אין דעם הויז, איז אַמאָל געשטאַנען דער ביסקאָפּ, האָט ער געגעבן אַ ברכה, אַז דאָס הויז זאָל קיינמאָל נישט ברענען...

אברהמטשע קליימאַן, סאָלטיס האָט מען אים גערופן, האָט אָרגאַניזירט אַ פייערלעשער גרופּע פון פרייוויליקע יונגעלייט, גרייט תמיד צו לעשן שריפות.

חנה לאהס בריינע תבל לעדערפיין איז אַריינגעפאַלן אין דעם ברונעם, אָבער מען האָט אים אַרויסגענומען לעבעדיק. אייגנטלעך איז ער נישט אַריינגעפאַלן, נאָר די יינגלעך, געענדיק צוריק פון „חדר", האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין ברונעם. זייט דאַן האָט מען דעם ברונעם גערופן חנה לאהס ברונעם.

י. זרבבל

# בלעטער פון אַ לעבן

באַגעגעגענישן און וועג־פאַרצייכענונגען

אַדיע ביכאַווע!

אַזוי איז עס אויסגעקומען: מיין לעצטער באַזוך אין פוילן איז געווען אין ביכאַווע; הפנים, כדי ס'זאָל זיין שאַרפער דער „היימישער" איינדרוק, וועלכן איך דאַרף מיטנעמען אויף מיין ווייטער נסיעה קיין מערב־אייראָפּע און דרום־אַמעריקע. אַ שעה הינטער לובלין אויפן וועג קיין ראַזוואַדאָוו בין איך אויסגע־שטיגן אויף אַ שטילער קליינער באַן־סטאַציע. אַ וואַרעמער זומער־טאָג, אַנהייב מערץ. אַ פּשוט פור, געשפּאַנט אין צוויי פערד — דאָס זאָלן זיין די אַדלערס, וואָס דאַרפן מיך פירן קיין ביכאַווע און איך זאָל „נישט פילן דעם וועג", ווי די חברים האָבן מיך פאַרזיכערט.

— ווי לאַנג פאָרט מען? פרעג איך דעם חבר, וואָס האָט מיך אָפּגעוואַרט.

ער מיידט אויס אַ תשובה.

— מער ווי 4 שעה? גיב איך אַליין אַ כאַפּ אַ גוזמא, ווייל געזאָגט האָט מען מיר, אַז בלויז 2½ שעה דאַרף נעמען די נסיעה ביזן שטעטל.

— 4? — גיט אַ מורמל דער חבר, — בערך... ס'הענגט אָפּ פון וועג...

נעם איך זיך שוין אָן מיט מוט. מ'דאַרף האָבן געדולד און זיך נישט מאַכן צום נאַר מיט „גרינע" שאלות. פאַרפאַלן, צוריק כאַפּט מען נישט!

מאָטיע *, אַ נידריק פעסט יידל, מיט אַ שוואַרץ געגרויט בערדל, גיט אַ נעם די לייצעס און די ס׳סים רירן... גלייך אין אַ בלאָטע ביז צו דעם בויך. מיר יאָגן באַרג אַראָפּ, צו אַ וואַסער. איך גיב אַ בליק צום חבר. ער זיצט שטייף, שווייגנדיק.

* מאָטיע פּאַשקעוויץ (גאָלדשטיין).

קיין מוסקול באַוועגט זיך נישט אויף זיין געזיכט. ער איז גרייט לכתחילה צו מיינע תרעומתן. האָב איך נישט קיין ברירה, און שוויַיג אויך.

כ׳וויל נישט שילדערן דעם וועג. אַזאַ לוקסוס־רייזע דאַרף מען אַליין פּאַרזוכן, כדי צו פילן דעם אמתן טעם.

15 קילאָמעטער שלעפּן זיך אַן ערך 6—7 שעה אין גאַנצע ימים בלאָטעס און געמויזעכצן. ווייסט נישט, וואָס מער צו באַוואונדערן: די סבלנות פון די פערד, דאָס געדולד פונעם בעל־עגלה, אָדער דעם גלייכגילט פון די פּאַרשוינען... מ׳שניידט דורך מיט סכנות־נפשות פעלדער, שטעגן, „מ׳גנבעט״ וועג דורך פעלדער, אבי אַ ביסל כאָטש איינצושפּאָרן זומפּ...

און דאָך ציט זיך דער וועג לאַנג, פויל און טעמפּ. טרייסלען די ביינער, האַקט־אָפּ דעם אָטעם. ביסט מפקיר דעם גוף, אַבי פאָרן, רב מאָטיע!

איך האָב אַנומלט באַוואונדערט דעם פּילאָט אין עראָפּלאַן, ווי זיכער ער פּילט זיך אין דער לופטן. איצט האָב איך באַשלאָסן, אַז רב מאָטיע, דער בעל־עגלה פון ביכאווע, איז מער העלד, פירנדיק מיט אַזאַ זיכערקייט זיין פור איבער די בלאָטעס פון פוילן.

האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָ טאָר מען נישט רעדן וועגן אַ העלד, אַ יחיד. אַלע איינוווינער פון ביכאווע זענען פון זעלבן שניט. מ׳דאַרף בפירוש זיין אַ העלד צו שפּאַנען איבער די בלאָטעס פון שטעטל גופא. מ׳דערציילט אפילו, אַז פּאַראַן צייטן, ווען די בלאָטעס טריקענען אויס. איך גלייב נישט. ס׳לייגט זיך נישט אויפן שכל. ווייזן טאַקי די מענטשן ווונדער פון אַקראָבאַטיק, לאַווירירנדיק איבער די גאַסן פון ביכאווע.

איך בין זיך מודה: אַ גרויל איז מיר דורך איבערן לייב, ווען כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן דער צוריקרייזע. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין אַנדער עצה. מיטן „פּוילישן וועג״ ביז לובלין איז נאָך ערגער. און דער עיקר — „לענגער״!

איין טרייסט! מיר פאָרן צוריק מיט מאָטיען. צו אים האָב איך שוין צוטרוי. אגב, אַ חבר פאָרט מיט. ווי ווינציק זענען מיר מבינים אויף די דאָזיקע שטילע, פאַרבאָרגענע צדיקים פון די בלאָטיקע שטעטלעך, ווי זיי זענען זיך מוסר נפש כדי אַריינצוקריגן אַ ביסעלע קולטור אינעם פאַרוואָרפענעם העק!

מיר פאָרן נאָך די זעלבע נאַכט. יאָ, מאָטיע קען זיך אויס אויך אין דער פינצטער. מיר זינקען אין קויט, אָט, אָט קערן מיר זיך איבער און פליוסקען זיך שעהענווייז אין בלאָטע און אין ליימיקן וואַסער. אָבער מאָטיע דרעמלט נישט, און ענדלעך זענען מיר ווידער צוריק אויפן שאָסיי. דאָס מאָל האָבן מיר געהאַט

קיצור־הדרך. אַ שפּאָר ביסל וועג „צוגעגנבעט“ אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

ערשט 5 נאָך מיטאָג אויף מאָרגן, בין איך אַ צעבראָכענער געקומען צוריק אין וואַרשע. אַנדערהאַלבן מעת־לעת אין וועג, און אפילו נישט געהאַט קיין צייט זיך אָפּצורוען, ווער רעדט שוין צוצושפּאָרן זיך אַ שעה־צוויי. און דאָס איז אין צענטער פון לאַנד, באַ אַ גוטן וועג, מן הסתם אַ קנאַפּע שעה רייזע מיטן אויטאָמאָביל פון לובלין.

אַדיע, ביכאַווע, מיין דערינערונג פון פוילן, אַלס לעצט־געלט!

חיים כהן

# שטרעבן צו בילדונג און קולטור

ס׳איז געווען אין די 20קער יאָרן. אונדזער קליין שטעטעלע ביכאַווע האָט נישט געהאַט קיין שולע, נישט קיין לערער. אמת, ס׳איז געווען אין שטעטעלע אַ לערער, חמיה מאַנדלבוים, וועלכער האָט געלערנט מיט די תלמידים חומש און רש״י, און עס זענען געווען חדרים מיט מלמדים, אָבער ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ שולע מיט מער וועלטלעכע לימודים. האָבן די ציוניסטן באַשטימט אַראָפּ־ברענגען אַ לערער פון לובלין און גרינדן אַ שולע. די איניציאַטאָרן זענען געווען: מענדיל רייז און יעקב ווייצענבלום, און דער לערער, וואָס מען האָט אַראָפּגע־בראַכט איז געווען זשיטאָמירסקי. אין דער שולע האָבן געלערנט יוגנט ביז 16 אָדער 18 יאָר.

די באַפעלקערונג פון אונדזער שטעטעלע איז באַשטאַנען פון האַנטווערקער און קליין־הענדלער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט צירקולירט אַ פאָלקס־ווערטל „מלאכה איז מלוכה״, און די יידישע יוגנט האָט זיך גענומען צו לערנען אַ פאַך. די פאַכן אין דעם שטעטעלע זענען געווען באַגרענעצט, און פאָרן לערנען אַ פאַך אין דער גרויסער שטאָט האָט מען לײדער נישט געקאָנט, ווייל מען האָט נישט געהאַט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן דאַצו. לערנען אַ פאַך אויף דעם אָרט איז אויך נישט געווען פון די לייכטע זאַכן אין יענער צייט. קודם־כל האָט מען געדאַרפט אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט מיטן אַרבעטסגעבער אויף דריי יאָר אומזיסט, און דער אַרבעטס־טאָג איז באַשטאַנען פון 12 שעה. מען איז איבער־געקומען די שלעכטע צייט, מען האָט זיך אַ ביסל אויסגעלערנט אַרבעטן, מען האָט זיך געפילט זעלבסשטענדיק און מען איז געפאָרן אין דער גרויסער שטאָט אַרבעטן און גלייכצייטיק זיך קוואַליפיצירן אין דעם פאַך. אַזוי האָב איך געאַרבעט עטלעכע יאָר און בין צוריק אין מיין געבורט־שטעטעלע געקומען.

איך האָב די יוגנט פון מיין שטעטעלע נישט דערקענט: אַ שיינע אָרגאַניזירטע

יוגנט און פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגע אין פוילן. אין די אָוונטן זענען אַלע לאָקאַלן פון די פּאַרטייען געווען פול, די גאַסן זענען געווען פול מיט יוגנט, מען האָט געפירט הייסע וויכוחים איבער פּאַרטייאישע און וועלט־פּראָבלעמען, און ווי אַזוי צו לעזן סאָציאַלע פּראָבלעמען, כדי די וועלט זאָל האָבן אַ שענער פנים און אַ בעסערע צוקונפט. די ציוניסטן האָבן אויפגעבויט אַ „בית עם״, אַ תרבות־הויז, מיט אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פאַרשידענע יידישע פּיעסן, און אויך אַראָפּגעבראַכט פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן פון דער גרויסער שטאָט. ס'איז געווען אַ „פּועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציע, די איניציאַטאָרן פון וועלכער זענען געווען: יעקב קליימאַן, ישראל פּייעראייזן און אַנדערע. זיי האָבן געפירט אַ שיינע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט, געהאַט אַ י. ל. פּרץ־קלוב, וווּ ס'האָבן זיך געפונען צייטונגען פון וואַרשע און רעדנערס פון דער צענטראַלע האָבן געהאַלטן רעפעראַטן, צווישן זיי ח' זרובבל און אַנדערע אָנגעזעענע פּער־זענלעכקייטן. ס'איז געווען אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע, וועלכער אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען אברהם צוקער און מנשה ערליך, געפירט אויך אַ שיינע אָרגאַ־ניזאַטאָרישע אַרבעט, געהאַט אַ ביבליאָטעק מיט אַ סך לייענערס, דערהאַלטן צייטונגען פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז און אויפגעפירט פאַרשידענע פּיעסן אין דעם געדינגענעם „בית עם״ פון די ציוניסטן. מען פלעגט אויך אַרויספאָרן אויף גאַסטראָלן אין די קליינע שטעטלעך אין דער סביבה פון ביכאַווע.

אַזוי האָט געלעבט, געשטרעבט און אַנטוויקלט זיך אונדזער שטעטעלע ביכאַווע ביז צום אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

ש. הימעלפאַרב

# שבת נאָך מיטאָג

אַלץ שלאָפט, אויפן טיש שטייען צוויי לייכטער, אַן אָפן פּרץ ביכל, און אַ „היינט״ האַלב שיף פּאַריקט. די זון שיינט אַלע מאָל אַריין און ציט זיך צוריק אַרויס, אַזוי אַ גאַנצן נאָך מיטאָג. דער לאָדן סקריפּעט, און מ׳הערט אויך אַ קר־קאַפּקע פון מאָל צו מאָל. אין דרויסן איז נאָר וואָס געגאַנגען אַ רעגנדל, די דעכלעך זענען האַלב פייכט, און פון די קוימענדלעך גייט נישט קיין רויך.

די שטיינדעלעך פון רעגן אָפּגעוואַשענע זענען שוין טרוקן, און שיינען אַרויס פון פייכטן באָדן.

אין גאַס איז קיינער נישטאָ.

אין דער לינקער זייט שפּיציקט זיך אַ טומאה ביזן הימל; אין דער רעכטער זייט פירט אַ לאַנגע גאַס ביז דער שולע, אין צפון זייט איז דער וועג צו דער לאָנקע, און אין דרום אויפן פעלד פון קאַליצקין בלאַשקעט אַ שפּיגעלע.

יעקב קליימאן

# אברהמטשע סאָלטיס ז״ל

שטריכן צו זיין געשטאַלט

אין צענטער פון שטעטל, מיטן פנים צום מאַרק,ביים וועג, וואָס פירט צום קלויסטער, איז געשטאַנען אַ ריי געוועלבער. צווישן זיי אין שכנות פון איין זייט מיט נחמיה זיידלער, פון דער צווייטער זייט, בנימין בעקער, געגוי אַנטקעגן דעם לובלינער וועג, איז געווען דאָס געוועלב פון אברהמטשע סאַלטיס.

פאַרטאָג, מיטן קרייען פון די הענער, ווען דאָס שטעטל האָט נאָך געדרימלט, איז אברהמטשע סאָלטיס מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם, געשפרייזט מיט שנעלע טריט אין בית המדרש אַריין, צום ערשטן מנין, און אַנטקעגנגעטראָגן אַ הויכן „גוט מאָרגן״ יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר באַגעגנט אויפן וועג. דער ערשטער, נאָך יאָסעלע האָקער, האָט ער געעפנט דאָס געוועלב, מיט אַ בעזעם אין האַנט אָוועקגעקערט און אָפגערייניקט דעם צוגאַנג צום געוועלב, אַרויסגענומען די רשימות פון סחורה, וואָס שפּילעטערער האָבן געבראַנגט פון לובלין און וואַרשע, דורכגעקאָנטראָלירט אַלעס. מיט דעם האָט זיך געענדיקט זיין אָנגעהעריקייט צו דער קראָם. באַלד איז אַרויסגעקומען זיין ווייב, אסתר־רחל, וואָס איז געווען די גאַנצע סוחרטע, און אַדאַנק איר האָט עקזיסטירט דאָס געשעפט. אויב עס האָט אַמאָל געטראָפן אַז אַברהמטשע סאָלטיס איז געזעסן ביים פאַרקויף־טיש ווען אסתר־רחל איז נישט געווען, האָט קיין שום קונה, סיי אַ ייד, סיי אַ קריסט, נישט איבערגעטרעטן די שוועל. ווען אין זיין אַנוועזנהייט האָט זיך אַ קונה געפּרוּווט דינגען אויף דער פּרייז, האָט ער גלייך געזאָגט: „דו מוזט נישט קויפן ביי מיר, עס זענען פאַראַנען אַ סך געשעפטן, גיי קויפן ביי זיי״. גלייך האָט אים אסתר־רחל אָפּגעשטופּט פון טיש און צוגעגעבן: „דו טויגסט נישט צו פאַרבינדן אַ קאַץ דעם עק, גיי דיר צו דיינע געשעפטן״.

עס איז נישט קלאָר צי דאָס געזעץ האָט באַצייכנט די אויפגאַבן פון סאָלטיס

אין שטעטל, אָבער די פּאַקטישע פונקציעס, וואָס דער סאָלטיס האָט דערפילט אין שטעטל, האָט מען געקאָנט פּאַרטיילן אויף עטלעכע אינסטיטוציעס. ער איז געווען דער פאַרבינדונגס־אָרגאַן פון דער יידישער געזעלשאַפט מיט די מאַכט־אָרגאַנען; ער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער מאַכט וועגן אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל, און די פּאָליציי האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו אַרעסטירן וועמען, אָדער מאַכן אַ רעוויזיע אָן דער אָנוועזנהייט פונעם סאָלטיס; האָט מען געדאַרפן אַן אידענטישע צייגעניש — האָט דער סאָלטיס באַדאַרפט אונטערשרייבן. עס איז געווען אַ צייט, נאָך דער ערשטער וועלט־קריג, ווען זאַלץ און צוקער און נאָך אַ ריי פּראָדוקטן זענען געטיילט געוואָרן לויט דער גרויס פון דער משפחה, האָט יעדער פאַמיליע געהאַט אַ קאַרטע מיט די נעמען פון די קינדער, מיט דער באַשטעטיקונג פון סאָלטיס, און לויט דעם האָט מען באַקומען די צוגעטיילטע פּראָדוקטן.

אַזוי ווי דאָס שטעטל איז געווען געבויט 90 פּראָצענט פון הילצערנע הייזער, און נישט איין מאָל איז עס אָפּגעברענט געוואָרן, האָט מען געהאַלטן אַ שמירה ביינאַכט. דאָס איז געווען די אויפגאַבע פונעם סאָלטיס צוטיילן יעדער נאַכט עטלעכע איינוווינער צו היטן דאָס שטעטל. האָט די רעגירונג געדאַרפט מעלדן דער יידישער באַפעלקערונג וועגן אַ גזירה, אָדער אַ פאַרלייכטערונג, איז דאָס געמאַכט געוואָרן דורכן סאָלטיס. דאַן האָט מען געזען צווישן מנחה און מעריב אין בית המדרש, ווען דער עולם האָט געראַיעט ווי אין אַ בינשטאָק, אברהמטשע סאָלטיס אַרויפגעקומען אויפן באַלעמער, אַ קלאַפּ געגעבן אין טיש, עס איז מיט איין מאָל געוואָרן שטיל ווי אין רייוויץ, און ער האָט אויסגערופן בזה הלשון: „איך בין מכריז ומודיע — מדעת הקאַנצעלאַר" און געמאָלדן וואָס ער האָט געהאַט צו מעלדן. דאָס איז בלויז אַ טייל פון די אויפגאַבן, וואָס דער סאָלטיס האָט דערפילט.

אברהמטשע איז געווען אַ סך יאָרן סאָלטיס: ביי דער רוסישער רעגירונג, אין דער ערשטער וועלט־קריג ווען די עסטרייכער האָבן אָקופּירט די געגנט, און נאָכהער, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסשטענדיק. אַלס געהאַלט פאַר אַ יאָר אַרבעט האָט ער באַקומען פון דער רעגירונג... אַ פּאָר שטיוול.

דער סוד פון זיין לאַנגער קאַדענץ איז געווען, וואָס אַלע האָבן געוווסט אַז אברהמטשע סאָלטיס פאַרשטייט נישט קיין חכמות, ער דערפילט זיין פליכט מיט איבערגרענעצטער איבערגעגעבנקייט. קיינמאָל נישט געהאַט קיין טובת הנאה נישט פאַר זיך און נישט פאַר זיין משפחה. עס איז געווען אַ פאַל ווען

דאָס שטעטל האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז ערב יום כיפּור האָט ער געמאָלדן זיין זון יחיאל, אַז ביינאַכט איז זיין ריי צו גיין אויף שמירה. דער זון האָט זיך אויפגעקאָכט: „טאַטע, דו האסט נישט וועמען צו שיקן אויף שמירה יום־כיפּור ביינאַכט נאָר מיך?״ „היינט איז דיין ריי און דו ביסט נישט קיין מיוחס״, האָט ער געענטפערט.

ער איז געווען אַזוי גלייך און יושרדיק, כמעט ביז נאַיווקייט. דער נאָמען אברהמטשע סאַלטיס איז געווען דער סינונים פון איבערגעטריבענער מאָראַ־לישקייט, און נישט איינער האָט זיך געוויצלט אויף זיין חשבון. דערצו איז ער געווען אַ שטאַלצער ייד. דאָס וואָס עס איז אים נישט געפעלן, האָט ער אָן פחד געזאָגט אין די רעגירונגס־קרייזן. די גויים פלעגן דערויף רעאַגירן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, ווייל אַלע האָבן געוווּסט אַז אברהמטשע סאַלטיס זאָגט דאָס וואָס ער טראַכט.

אויסער אַלעמען איז אברהמטשע געווען אַ ייד אַ ירא שמים, הגם נישט קיין גרויסער למדן. זיינע שבתות זענען געווען געווידמעט אויסדריקלעך פאַר גייסטיקע צוועקן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט מעבר זיין די סדרה, נאָכהער אַ שטיקל מדרש, אַ שטיקל עין יעקב, אַ בלעטל גמרא מיט רש״י און תוספות. אין דער גמינע האָט מען געוווּסט, אַז שבת מעג זיך די וועלט איבערקערן, וועט דער סאַלטיס אין ערגעץ נישט גיין. עס זענען געווען מאָמענטן ווען עס האָט זיך געוויזן אַ צופרידנקייט אויף זיין געזיכט, כמעט אַ קינדערישער שמייכל אויף זיינע ליפּן. דאָס איז געווען ווען אין שטעטל איז געקומען אַ הויכער רעגירונגס פאַרטרעטער, און די פאַרשטייער פון דער מוניציפּאַלער מאַכט זענען געקומען אים מקבל פנים זיין. אויסגעפּוצט אין שטייף, אָנגעטאָן אין די שבתדיקע בגדים, מיט דער מעשענער קייט אויפן האַלדז, איז דערשינען אברהמטשע סאַלטיס מיט זיי צוזאַמען. דאָס האָט עדות געזאָגט, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז פאַרטרעטן. זיין לאָזונג איז אַלע מאָל געווען: דינא דמלכותא דינא — אָרדענונג מוז זיין.

איין מאָל אין יאָר, יום־כיפּור, איז ער אַרויס פון זיין האַרטער שאָל, פון זיין פאַרפאַנצערטקייט. צו כל־נדרי אין שול איז ער געשטאַנען, דער טלית מיט דער עטרה איבערגעצויגן איבער דעם קאָפּ, אויסגעוויינט מיט הייסע טרערן דעם מחזור — זיין גאַנץ שווער האַרץ האָט ער אויסגעגאָסן פאַרן בורא עולם.

אין קעגנטייל צו זיין איינגעטונקייט אין טאָג־טעגלעכן הו־האַ פונעם גלות־לעבן, איז ער און זיין גאַנצע משפחה געווען ציוניסטיש געשטימט. די פייערדיקע

סיים־רעדעס פון יצחק גרינבוים פלעגט ער 2 מאָל לייענען. זיין חלום איז געווען פאָרן קיין ארץ ישראל. לצים האָבן זיך געוויצלט: אברהמטשע וועט נאָך זיין סאָלטיס אין אַ יידישע קאָלאָניע. אָבער דעם חלום האָט ער נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן.

איך האָב געשריבן די שורות נישט דערפאַר, וואָס אַברהמטשע סאָלטיס איז געווען מיין זיידע. עס איז פשוט אוממעגלעך צו דערמאַנען דאָס שטעטל בעכעווע און נישט דערמאַנען דאָס געשטאַלט, וואָס איז געווען אַ יחיד במינו, נישט בלויז אין בעכעווע, נאָר אין דער גאַנצער אומגעגענד. און די הויפּט־זאַך, וואָס איז געווען אַזוי זעלטן — אַ מענטש אַ נקי כפיים. פאַר טון אַ טובה אַ צווייטן איז ער אַלע מאָל גרייט געווען צו לויפן אונטער די הרי חושך.

דאָס שטעטל בעכעווע האָט זיך אויסגעצייכנט אויף אַ סך געביטן און איבערגעשטיגן אַלע אַרומיקע שטעטלעך אויך אויפן געביט פון אינטערעסאַנטע געשטאַלטן און טיפּן. צווישן זיי פאַרנעמט אברהמטשע סאָלטיס אַ וויכטיקן פּלאַץ.

יהיה זכרו ברוך.

**חיים זשולטעק**

# צום אָנדענק פון אברהם צוקער

„אַ טעות האָבן יענע, וואָס מישן אויס אין איין טאָפּ נאַציאָנאַליזם — און נאַציאָנאַלע באַפרייאונג" מיט אַ רואיקער און זיכערער שטימע האָט ער געלעזן און פאַרטייטשט דאָס קאַפּיטל פון מעדעמס „נאַציאָנאַלע פראַגע", פאַר אַ פּאָר צענדליקער יוגנטלעכע, אויסגעזעצט ביי אַ לאַנגען טיש אין איין אָרעמען און אָפּט מאָל קאַלטן לאָקאַל שלעכט באַלויכטן פון אַ נאַפּט־לאָמפּ. דאָס איז געווען די רענעסאַנס־עפּאָכע אין שטעטל ביכאָווע און די יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן געוואָלט לערנען און פאַרשטיין די נייע אידעען, וואָס האָבן אַריינגעדרינגען צווישן די יידישע מאַסן פון יענער צייט.

שטיל איז געווען אַרום דעם טיש און דער לערער האָט פאָרגעזעצט: „וואָס איז אייגנטלעך אַ נאַציע? וועלכע זענען די פעדעם, דער צעמענט, וואָס בינדט צונויף אַ גרופּע מענטשן און מאַכט פון זיי אַ נאַציע? איז דאָס אַ שפּראַך? איז דאָס אַ רעליגיע? אָדער אפשר אַ היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט?" וועלכע איז די מיינונג פון האַרטגלאַס*; פון דובנאָוו? זענען מיר יאָ אָדער נישט אַ נאַציע?"

אַזוי האָט ער פאָרגעזעצט די פראַגן, פאַרטייטשט, געגעבן ענטפערס, און ווידער געלייענט דאָס ווייטערדיקע קאַפּיטל פון מעדעם „טיפער אין לעבן", ווי ער באַווייזט אַז כאָטש ער, מעדעם, איז נישט מסכים, נישט מיט האַרטגלאַס, נישט מיט דובנאָוו, אָבער עס איז קיין ספק נישט אַז מיר יידן זענען אַ נאַציע און אַלס אַזעלכע דאַרפן מיר קעמפן פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

אין אַן אַנדערן אָוונט, ביי די זעלבע טישן, האָט ער געלערנט מיט די יוגנטלעכע דעם „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם" אָדער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, און מיט דעם זעלבן טאַלאַנט אַלץ פאַרטייטשט און קלאָר געמאַכט די מאַרקסיסטישע

* פון די ציוניסטישע פירער אין פּוילן.

אידעע, די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע: אַז די אידעע איז נישט דער שעפער פון די באַדינגונגען נאָר גאָר פאַרקערט — אַז די אידעע איז דער אויסדרוק פון די מאַטעריעלע באַדינגונגען. ווידער געענטפערט מיט געדולד אויף אַלע געשטעלטע פראַגן, און געווען צופרידן, אַז מען האָט עס פאַרשטאַנען.

ווער איז דאָס געווען דער לערער? וואָס פאַראַ שולן האָט ער דורכגעמאַכט?

דאָס איז געווען אברהם צוקער. געשטאַמט האָט ער פון אַ גאָר באַשיידענער פאַמיליע און די שולע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט האָבן געהייסן צרות און דאגות און מאַטעריעלע נויט. מיט אייגענע כוחות, מיט זיין דורשט נאָך וויסן, מיט זיין איינגעבוירענער אינטעליגענץ אַליין האָט ער זיך אויסגעבילדעט, און ביסלעכווייז זיך דערהויבן העכער ווי די מאַסע. נישט באַהאַלטן פאַר זיך דעם וואָס ער האָט געקענט און געוווסט נאָר זיך געטיילט מיט די וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט די פעאיקייט אַליין זיך צו לערנען. און אַזוי אַרום האָט ער זיך אויפגעהויבן ביז אין דער שפּיץ פון דער בונדישער סעקציע אין ביכאָווע.

אין יענער צייט, ווען די יידן אין פוילן האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף און אויפגעוואַכט צו אַ ניי לעבן; אין יענער צייט ווען דער ווינט פון אַ נייער עפּאָכע האָט געבלאָזן און געטרייסלט די אַלטע סטרוקטורן פון דער יידישער געזעלשאַפט; ווען פאַרשידענע פאַרטייען, יעדער מיט זיין פּראָגראַם, יעדער מיט זיין אמת, האָבן זיך געראַנגלט און אָפט מאָל זיך ביטער באַקעמפט פאַר דעם איינפלוס איבער די יידישע מאַסן — האָט זיך צווישן די פאַרטייען, וואָס האָבן אַריינגעבלאָזן אַ נייעם גייסט אַ קאַמף־גייסט צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן, געפונען דער „בונד". און פּונקט ווי דער „בונד" אין לאַנד־מאַסשטאַב, אַזוי אויך האָט די בונדישע סעקציע אין ביכאָווע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע צווישן אַר־בייטער און פאָלקס־מאַסן. צענדליקער, אָדער הונדערטער יוגנטלעכע האָבן דאָרט באַקומען אַ ביסל בילדונג, אַ ביסל קולטור, און זיך געפילט נאָאיוו סאָלידאַריש מיט די מיליאָנען אַרבעטער פון דער וועלט און מיט אַלע אונטערדריקטע פעלקער. אַ חלום? אַן אילוזיע? זיכער! אָבער קענען יונגע מענטשן לעבן נאָר מיט דער האַרטער ווירקלעכקייט?

די נשמה, דער הויפּט־טוער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין ביכאָווע איז געווען אברהם צוקער. לעקציעס, רעפעראַטן, פאַרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן, קרייז־קאָנפערענצן, אָפט מאָל אַ מידער נאָך אַ טאָג אַרבעט, אַנשטאָט זיך אָפּרוען איז ער געקומען פּרעזידירן אַ זיצונג אָדער אָרגאַניזירן אַ טעאַטער־פאַרשטעלונג.

זיין גאַנצע פרייע צייט, זיין גאַנצע אינטעליגענץ, זיין גאַנץ וויסן — אַלץ איז געווען געווידמעט דער פּאַרטיי. מיט דער גאַנצער נשמה האָט ער געאַרבעט פאַר זיין אידעאַל, פאַר איין בעסער און שענער לעבן, פאַר איין גערעכטער וועלט, פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע פעלקער.

אַלע די וואָס האָבן געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע און האָבן גענאָסן פון אַ ביסל קולטור און וויסן, האָבן זיי דאָס אין דער ערשטער ריי צו פאַרדאַנקען אברהם צוקער.

יאָרן זענען פאַרגאַנגען, די עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן איז געווען אַ שלעכ־טע, אַ טראַגישע: 300 טויזנט יידישע בעטלערס, לויט דער אָפּשאַצונג פון „אָרט". „הענט", „הענט", „הענט צו פאַרקויפן, הענט", אַזוי האָט מען דעקלאַמירט. קיין צוקונפט, קיין אויסזיכטן צו קאָנען זיך איינאָרדענען און גרינדן אַ פאַמיליע. צו דעם צו איז נאָך צוגעקומען די אומגעהויערע בענקשאַפט און דראַנג צו זען די וועלט, צו באַזוכן שטעט, צו רייזן, צו וואַנדערן.

„לאָמיר וואַנדערן איןווייטן
אין מרחקים לאָמיר גיין",

אַזוי האָט מען מיט בענקשאַפט געשוואוירן. און אברהם צוקער, נאָך דעם ווי ער האָט געטרוימט פון גליק פאַר דער מענטשהייט האָט פאַרלאָזט ביכאָווע, ער איז אַוועק קיין בעלגיע זוכן אַ ביסל גליק פאַר זיך.

דאָס איז געווען אַרום 1932. אין יענער צייט איז געווען אין מערב־אייראָפּע אַן עקאָנאָמישער קריזיס. אין פראַנקרייך, פונקט ווי אין בעלגיע, זענען געווען פיל אַרבעטסלאָזע. מען האָט נישט געדאַרפט קיין אויסלענדער. שווער איז געווען זיין לעבן דאָרטן, ער האָט ביטער געקעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ, ביז ענדלעך דאָס גליק האָט אים אַ ביסל געשמייכלט, ער האָט ענדלעך געגרינדעט אַ פאַמיליע, געקענט אַ ביסל פרייער אָטעמען און אויך גענאָסן אַ ביסל פון לעבן. און דאַן האָט אויסגעבראָכן די מלחמה.

די לאַגע אין בעלגיע, פונקט ווי אין פראַנקרייך ווערט אַלע מאָל טראַגישער, דער קרייז ווערט אַלע מאָל ענגער, דער באָדן ברענט אונטער די פיס... די אַרעסטן זעצן פאָר, מען מורמלט וועגן לאַגערן אין פוילן, מען זאָגט, אַז מען זעצט אַריין אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען ווי מען פאַרסאַמט די מענטשן. די לאַגע איז אַ פאַרצווייפלטע. אברהם צוקער האָט נישט פאַרצווייפלט. ער האָט נישט געוואַרט

מען זאָל אים קומען אַרעסטירן, ער האָט באַהאַלטן ערגעץ ווו זיין פאַמיליע און באַשלאָסן זיך צו ראַטעווען, אָדער אַלעןפאַלס פּרובירן זיך ראַטעווען פון די רוצחים. ער האָט געוואָלט פאָרן קיין דרום־פראַנקרייך און פון דאָרטן פּרובין זיך אַריינצובאַקומען קיין פּאָרטוגאַל. אין איינעם אַ טאָג — דאָס איז געווען אין יאָר 1942 — באַקום איך פון אים אַ בריוו, אַז ער איז אומלעגאַל אין פּאַריז, און בעט מיך איך זאָל צו אים גיין אויף דעם אַדרעס, וואָס ער גיט מיר אָן. כאָטש איך האָב נישט געטאָרט גיין אין אַ קאַפע־הויז איז אָבער מיין פרייד שטאַרקער געווען ווי די ריזיקע. איך בין אים געגאַנגען זען.

ווי טיף עס איז געווען מיין יאוש, אַזוי גרויס איז געווען זיין האָפענונג. ער האָט בכלל קיין שום צווייפל נישט געהאַט, אַז אָט באַלד וועט זיך דייטשלאַנד איינברעכן. ער האָט מיר איבערגעחזרט מיט גלויבן און פייער, אַז וואָס מער לענדער זיי פאַרכאַפּן, אַלץ שוואַכער ווערן זיי; אַלץ מער ציען זיך אויס זייערע ליניעס, אַלץ שנעלער וועלן זיי זיך איינברעכן; די וועלט וועט נישט צולאָזן, אַז זיי זאָלן גיין פאָרויס. אַז כאָטש דער הימל איז נאָך שוואַרץ און פינצטער זעט מען שוין צייכנס פון דעם אָנקומענדיקן פרימאָרגן; די הילף איז נאָענט, זייער נאָענט. איך האָב נישט געגלייבט אין דעם אַלעמען, איך האָב געפילט, אַז נאָך לאַנג וועט דויערן די נאַכט, אַז מיליאָנען מענטשן וועלן נאָך פאַלן ביז די באַפרייאונג וועט קומען. אָבער איך האָב אים געלאָזט זיין אָפּטימיזם, איך האָב נישט געוואָלט פאַרמינערן זיין האָפענונג, זיין מוט און גלויבן אין דער נאָ־ענטסטער באַפרייאונג. מיר האָבן לאַנג, לאַנג נאָך גערעדט און דערמאָנט די פאַרגאַנגענהייט ביכאָווע, אונדזערע פאַמיליעס, אונדזערע פריינד, אונדזערע חברים, ווו זענען זיי אַלע, לעבן זיי נאָך? די שטונדן זענען פאַריבער, מיר האָבן זיך געמוזט שיידן, ער האָט געדאַרפט צו מאָרגנס פרי אָפּפאָרן — מיר האָבן זיך געזעגנט, יעדער איז אַוועק אין זיין זייט — צו זיין גורל...

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. פינצטער אין די גאַסן. די שטאָט פון ליכט איז געלעגן אַ שטומע איינגעהילט אין שאָטן פון דער נאַכט. פון ווייטנס האָבן זיך געהערט דאָס זשומען פון עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געטראָגן טויט און פאַרניכטונג אין די רייען פון אונדזערע שונאים. אַ בלאַסע לבנה האָט באַשיינט און דערוואַכט די שטילע גאַסן...

טעג, אפשר וואָכן, זענען פאַריבער. איך האָב געוואַרט מיט אומרו אויף אַ בריוו, אויף אַ גוטער בשורה פון אים, אפשר פון דרום־פראַנקרייך, אפשר גאָר פון פּאָרטוגאַל, און ענדלעך איז דער בריוו אָנגעקומען. אַ פּאָר ווערטער,

נאָר אַ געהיימע פאַר ווערטער, וואָס אים איז געלונגען אַרויסצושיקן פון דראַנסי. יאָ פון דראַנסי — ער איז אַריינגעפאַלן אין דער נעץ... ער בעט מיך, איך זאָל צו אים קומען קיין דראַנסי, ווייל ער האָט מיר עפּעס וויכטיקעס צו זאָגן ;

פאָרן קיין דראַנסי ?

איך האָב מיך דערמאָנט אין דאַנטעס ווערטער : „די וואָס באַטרעטן די שוועל לאָזן הינטער זיך יעדע האָפענונג". ווי האָב איך געקאָנט פאָרן קיין דראַנסי ? דאָס איז געווען אַ לאַגער לעבן פּאַריז ווו מען האָט אַריינגעזעצט די מענטשן ביז עס איז געווען 1000, ווי נאָר די צאָל איז דערגרייכט געוואָרן האָט מען זיי דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ. איך האָב אים מיט דעם זעלבן מענטש געשיקט אַן ענטפער, אַז איך קאָן קיין דראַנסי נישט קומען. ער זאָל מיר שרייבן וואָס ער וויל איך זאָל פאַר אים טאָן. אַבער מיין בריוו האָט אים שוין נישט געטראָפן. ער האָט זיך שוין געפונען אין אַ פאַרמאַכטן חיות־וואַגאָן ערגעץ ווו אויפן וועג צו אַ לאַגער. ער האָט שוין געמאַכט זיין לעצטע רייזע, פונקט ווי מיליאָנען אַנדערע יידן פון גאַנץ אייראָפּע.

אין יאָר 1943 האָב איך געהאָפט אים צו געפינען אין אוישוויץ. אַבער אומזיסט. איך האָב אים געזוכט אין יאַנינא, איך האָב אים געזוכט אין גלייוויץ, איך האָב מיך אויף אים געפרעגט אין אָראַניענבורג, איך האָב געגלייבט אים צו דערקענען אין פלאָסענבורג, אַבער דאָס איז נאָר געווען אַ מיראַזש. איך האָב געהאָפט אפשר וועל איך טרעפן אין אַבער טראַבלינע, אָדער אין דאַכאַו, אַבער איך האָב אים אין ערגעץ נישט געפונען. אפשר איז ער אומגעקומען אין אוישוויץ אין גאַז־קאַמער, אפשר גאָר אויף די וועגן ווו אַנדערע הונדערטער און טויזנטער, וואָס זענען געלעגן און געקוקט אין הימל מיט זייערע טויטע אויגן. איך ווייס נישט ביי וועלכע אומשטענדן איז ער אומגעקומען.

אַזוי האָט טראַגיש געענדיקט זיין לעבן אברהם צוקער, דער געזעלשאַפט־לעכער טוער, דער פריינד פון די אַמאָליקע יוגנט־יאָרן, וואָס זענען פאַרבייגע־גאַנגען דאָרטן אין דעם קליינעם, ווייטן אַבער דאָך נאָענטן שטעטל ביכאָווע.

„הלומד מחברו פרק אחד או הלכה אחת או פסוק אחד, או אפילו אות אחת, צריך לנהוג בו כבוד", האָבן געזאָגט אונדזערע חכמים. איך בין דאָ מקיים דאָס, ווייל פון דעם ביסל, וואָס איך פאַרשטיי האָב איך אַ סך פון אים געלערנט.

כבוד זיין אָנדענק !

יעקב קליימאַן

# „פועלי ציון" אין בעכעווע

„פועלי־ציון" אין בעכעווע איז אַנטשטאַנען נאָך דעם ווי ישראל פּייעראייזן און יעקב קליינמאַן זענען צוריקגעקומען פון לובלין, וווּ זיי האָבן געאַרבעט עטלעכע יאָר, און געווען דאָרט טעטיק אין דער „פועלי־ציון"־פּאַרטיי. דאָס איז געווען אין יאָר 1925. שוין דעמאָלט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל געווען אינטענסיוו און רוישיק; די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון איין זייט, מיט אירע פאַרהעלטנישמעסיק ברייטע מעגלעכקייטן, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל; פון דער צווייטער זייט — דער פּרץ קלוב, אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט די אַרבעטער־יוגנט און דער באַוווסטזיניקער טייל פון די האַנדווערקער. הגם דער פּרץ קלוב איז צו יענער צייט געווען אַ ריין קולטור און אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע, זענען די גרינדער: שמואל ארליך, שמואל קליין, חיים שטיין און זיסקינד גאַרטען געווען געוועזענע בונדיסטן, וואָס נישט ווילנדיק האָט עס זיך געלאָזט פילן ביי דער טעטיקייט. מיטן אַריינטרעטן פון שרייבער פון די שורות אין פּרץ קלוב און איבער־נעמענדיק דעם פּאָרזיץ פון דער קולטור־קאָמיסיע, און שפּעטער אויך פון דער פאַרוואַלטונג, האָט דער פאַראיין אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן, אָנהויבנדיק מיט אַ רייכע ביבלאָטעק, עפנטלעכע פאָרלייזונגען, קעסטיל אָוונטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אויסגעפירט דורך אַ גוטן דראַמאַטישן קרייז.

דאָס שטעטל בעכעווע האָט נישט געקאָנט בלייבן לאַנג אויסער דער השפּעה פון וואַרשע און לובלין, וווּ די אַרבעטער־גאַס איז געווען געטיילט אויף בונד און פּועלי ציון.

אינעם יאָר 1927 האָט דער פּרץ־קלוב איינגעאָרדנט אַ פּרץ־אַקאַדעמיע, אויף וועלכער עס האָט אויפגעטראָטן אַלס רעפערענט, דער באַוווסטער בונדישער טוער אַרטור זיגעלבוים, פון וואַרשע. דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער אָוונט. דער רעפערענט האָט דעם עולם באַגייסטערט מיט זיין פּרעכטיקער יידישער שפּראַך

און מיט זיין בקיאות אין דער ידישער ליטעראַטור. ער האָט אַורעקגעשטעלט י. ל. פּרץ אין זיין גאַנצער פּראַכט אַלס אַ כוהן גדול פון דער יידישער ליטעראַטור. מיר האָבן אַלע געהאַט דאָס געפיל משך די 3 שעה פון דעם רעפעראַט, אַז אַרטור זיגעלבוים האָט זיך דעם אָוונט אין גאַנצן באַפרייט פון זיין בונדישער וועלט־אַנשויאונג, אָבער אין דער לעצטער מינוט איז ער אַרויס מיט אַ בונדישער פּראָפּאַגאַנדע. דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען דער פאָרזיצער פון דער אַקאַדעמיע, האָט זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט, אַז די פאַרוואַלטונג פונעם פּרץ קלוב איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר פּאָליטישן אינהאַלט פון דעם רעפעראַט. דאָס איז געווען די שטרוי, וואָס האָט צעבראָכן דעם רוקן פונעם קעמל. דער ח׳ זיגעלבוים, קומענדיק קיין וואַרשע, האָט אָנגעשריבן אין „פאָלקס צייטונג״ אַ סאַטירישן פעליעטאָן אויף דער בעכעווער יוגנט, אין וועלכן ער האָט זיך נוקם געווען פאַר דער חוצפּהדיקער דערקלערונג.

באַלד נאָך דעם פאַל האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, אויסער די ראַמען פונעם פּרץ קלוב, גרופּן פון „בונד״ און „פּועלי ציון״. אינעווייניק דעם קלוב האָט יעדער טייל געשטרעבט צו באַקומען די מערהייט אינעם פאַראיין. כדי צו פאַרשטאַרקן דעם כוח פון די „פּועלי ציון״ אין פּרץ קלוב, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער ח׳ י. פייעראייזן, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען אויסער די ראַמען פון קלוב, זאָל זיך אָנגעבן אַלס מיטגליד. די פאַרוואַלטונג האָט באַטראַכט זיין דעקלאַראַציע און האָט זיין ווענדונג אָפּגעוואָרפן.

דער לאָקאַל פונעם פּרץ־קלוב, אַ שיינער, גרויסער לאָקאַל, האָט זיך געפונען אינעם הויז פון נתן שאַרפשטיין. ה׳ שאַרפשטיין האָט פאַרדונגען אַ טייל פון זיין וווינונג דעם לאָקאַל, ווייל דעמאָלט איז זיין עקאָנאָמישע לאַגע געווען אַ שווערע. מען האָט אים געמאַכט פאָרווירפן פאַר וואָס ער האָט עס געטאָן. עס איז דעמאָלט געווען אַ פחיתות כבוד פאַר אַ בעלעבאַטישן ייד צו האַלטן אַ פאַראיין ביי זיך אין הויז. נאָכדעם ווי דער פערטראַג האָט זיך געענדיקט, האָט ער מער נישט געוואָלט אים באַנייען. ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך ה׳ שאַרפשטיינס לאַגע דעמאָלט פאַר־בעסערט. די „פּועלי ציון״־גרופּע, וואָס האָט אי״ר טעטיקייט נישט אָפיציעל געפירט אין דער וווינונג פון אידל פייעראייזן, האָט מיטן אַרויסגיין פון פּרץ קלוב געדונגען אַ לאָקאַל ביי יחיאל גאָלדשטיין. צווישן די גרינדער פון דעם לאָקאַל זענען געווען: ישראל פייעראייזן, יעקב קליינמאַן, יחזקאל כהן, זיסעל בורשטיין, חוה קיכעלמאַכער, שמחה פלאָמענבוים, פעסיע קליימאַן, חיה צוקערמאַן, יחזקאל פלאָמענבוים, פריידע שטערן. כדי צו לעגאַליזירן דעם לאָקאַל אָפיציעל, האָט

מען געעפנט אַן אָפּטיילונג פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער אין וואַרשע, אָפּטיילונג אין בעכעווע". די אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון די חברים: יעקב קליימאַן — פאָרזיצער, ישראל פייעראייזן — וויצע־פאָרזיצער, שמחה פלאָמענבוים — סעקרעטאַר, יחזקאל כהן — קאַסירער. און נישט וואַרטנדיק האָט מען זיך גלייך אין דעם „האָניק חודש" אַריינגעוואָרפן אינעם טומל פונעם פאַרטייאישן לעבן מיט ברען, וואָס נאָר יוגנט איז פעאיק דערצו. קודם כל דאָס איינאָרדענען דעם לאָקאַל; מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען די חברות. הגם דער לאָקאַל איז געווען קלענער און ווייניקער אימפּאָזאַנט פונעם פּרץ קלוב. איז אָבער געווען דאָס געפיל, אַז עס איז „אייגנס". דער סופיט איז באַהאָנגען געוואָרן מיט קייטן פון קאָלירטע פּאַפּירן: ווייס־בלוי און רויט. צווישן די בילדער אויף די ווענט האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן דאָס בילד פון בער באָראָכאָוו. די פייערלכע דערעפענונג איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון אַ פאָר־שטייער פונעם לובלינער קאָמיטעט, און דאַמיט האָט די עפנטלעכקייט געלערנט, אַז די געזעלשאַפטלעכע פאַרטייאישע מאַפּע אין שטעטל האָט זיך פאַרברייטערט.

קודם כל איז די „פועלי ציון" באַוועגונג נאַטירלעך געווען געריכטעט קעגן בונדישן פראָנט. עס איז נישט דערגאַנגען ביי אונדז צו צוזאַמענשטויסן נוסח לובלין אָדער וואַרשע — דער געראַנגל איז געווען בעיקר אַן אידעאישער, מען האָט דיסקוטירט און דעבאַטירט, נישט בלויז אויף פאַרזאַמלונגען נאָר אומעטום: אין גאַס, אין ראַזורע, שפּאַצירנדיק צום פּאַלאַץ, אָדער אויף דער לאָנקע.ביידע צדדים האָבן זיך געגריבלט אין דער פאַרטייאישער ליטעראַטור, כדי צו קאָנען מיט דערפאָלג ענטפערן אויף די פראַגעס פון דעם קעגנער.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז נישט איין מאָל האָב איך טיף אין האַרצן מקנא געווען די בונדיסטן, וואָס האָבן גערעדט צו דער מאַסע מיט אַן איינ־פאַכער, פּשוטער שפּראַך, וואָס איז געווען אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר יעדן אַרבע־טער. זיי האָבן געפּריידיקט קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט, נאַציאָנאַלע קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר די יידישן מאַסן, קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם א. א. וו. מיר, „פועלי־ציון", האָבן גערעדט מיט פאַרנעפּלטע באַגריפן וועגן „דאָ" און „דאָרט", וועגן סטיכישע פּראָצעסן אין יידישן לעבן, וועגן עמיגראַציע, וועגן פּראָדוקטיווי־זירן די יידישע מאַסן, וועגן פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם א. א.וו. אַן אַרבעטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון אונדזערס אַ פאַרזאַמלונג האָט אַ מאָל אַזוי געזאָגט: „כדי צו פאַרשטיין אייער טעאָריע דאַרף מען גיין לערנען אין אוני־ווערסיטעט. דאָס איז נישט פאַר מיר". מיר זענען פּשוט געווען גליקלעך, ווען

אַ רעדנער, וואָס מיר האָבן אים געברענגט פון לובלין אָדער וואַרשע, האָט מיט דערפאָלג אָפּגעשלאָגן אַלע בונדישע אָנגריפן און אונדז אינעווייניק פאַרענטפערט פראַגן וואָס האָבן געדריקט אויפן געוויסן.

אַ ספּעציעלע ראָלע האָט דערפילט דער חבר משה קעלערשט״ין (משה פּיולאַק), וואָס האָט געוווּסט געניי ווי דורך אַ ראַדאַר, וואָס פאַרא פראַגן דער בונד גרייט זיך צו שטעלן און פאַראויס צוגעגרייט ענטפערס.

צווישן די נייע חברים, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן באַלד נאָך דער אַנטשטיי־אונג פון דער „פועלי ציון״ און האָבן זיך באַלד בולט געמאַכט אין דער ערשטער ריי, איז געווען: משה רידר, דער ווייסער שמואל (שמואל איינשטיין), משה ליבעלסקי — יעדער איינער אויף אַ באַזונדער געביט. רידער אַלס אָרגאַניזאַטאָר; דער ווייסער שמואל אַלס טעכנישער לייטער. ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט; ביי אַלע טעאַטער פאָרשטעלונגען האָט ער איינגעאָרדנט די דעקאָראַציעס, אָן אים האָט זיך גאָרנישט גערירט. משה לובעלסקי — אין סעקרעטאַריאַט; אַלע עפנט־לעכע פּלאַקאַטן און מעלדונגען זענען געשריבן געוואָרן מיט זיין גאָלדענער האַנט־שריפט מיט פאַרשידענע פאַרבן. עס האָט צו יענער צייט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אין דער עפנטלעכקייט.

פאַראַלעל מיט דער פאַרטיי איז ווי פון אונטער דער ערד אַנטשטאַנען אַ יוגנט, אַ בורוכוב יוגנט, אין דער שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען בעריש פּייעראַייזן. היינט זעט עס אויס אַביסל קאָמיש, מיר, די פאַרטיי־מענטשן זענען געווען בחורים פון 20—21 יאָר, די יוגנט איז געווען מיט 3 אָדער 4 יאָר יונגער, אָבער דאָך האָט זיך געפילט אַ דיסטאַנץ. די יוגנט האָט זיך ווייניקער געגריבלט אין פּראָגראַמאַטישע פראַגן, דערפאַר האָבן זיי אַריינגעברענגט לעבן און התלהבות. באַלד נאָך דער אַרבעט איז דער לאָקאַל געוואָרן פול, די געזאַנגען זייערע האָבן פאַרהילכט די גאַנצע סביבה.

עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קרייזן. מען האָט געלערנט וועלט געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, נאַטור וויסנשאַפט, ליטעראַטור. פרעלעגענטן זענען געווען די מער באַוווּסטזיניקע חברים. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט חיים פּייעראַייזן.

אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט איז די „פועלי־ציון״ געוואָרן אַ גע־זעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין שטעטל. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע רעפעראַטן און פאַרלעזונגען מיטן אָנטייל פון פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, צווישן זיי זרובבל, בוקסבוים, פּעטרזייל. נאָך יעדער באַזוך פון אַ צענטראַלן פאַרשטייער, האָט מען געהערט אָנערקענונג און התפּעלות

פון דער יוגנט. „פועלי־ציון" האָבן אָנטיילגענומען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום פּוילישן סיים און אַרויס מיט בכובדיקע רעזולטאַטן.

אַ חשובן אָרט אין דער טעטיקייט האָט פאַרנומען די אָוונט־שולע, ווו אַרבעטער־קינדער און יוגנטלעכע האָבן באַקומען עלעמענטאַרע בילדונג. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן יעדן שבת פאַרטאָג פריילינגס־אויספלוגן אויף לאָנקעס, אין וועלדער, און דערמיט איינגעפלאַנצט ביי די קינדער ליבע צו שיינקייט און נאַטור. ביי דער אַרבעט זענען באַזונדערס געווען טעטיק די חברים פעלע ארליך, ישראל פייעראייזן און זיסל בורשטין.

עס האָט זיך געפילט יום־טובדיק ווען די פאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָט אויס־געוויילט דעם ח׳ י. קליימאַן אַלס דעלעגאַט צום ערשטן פראָ־פּאַלעסטינע אַרבעטער קאָנגרעס אין וואַרשע. עס איז געווען אַ געפיל פון שטאָלץ, אַז די חברים „פועלי ציון" פונעם קליינעם שטעטל זענען שותפים אין האַנדלונגען, אין באַשלוסן און פראַגן, וואָס זענען נוגע דער צוקונפט פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין ארץ ישראל.

היינט צוטאָג, אונטערציענדיק אַ סך־הכל פון יענער שיינער און אינטערע־סאַנטער יוגנט־תקופה, וואָס האָט אונדז באַפליגלט מיט שטרעבונגען און חלומות צו אַ נייער, שיינער און בעסערער וועלט, קום איך צום אויספיר, אַז אויב איך און מיינע חברים זענען געקומען קיין ישראל און אויסגעמיטן דעם גורל פון בעלזשיץ און מיידאַנעק, איז עס אַדאַנק דער דערציאונג, וואָס מיר האָבן באַקומען אין דער „פועלי־ציון"־באַוועגונג.

יעקב קליימאַן

# טיפן און געשטאַלטן פון יידישע בעלי-מלאכות אין בעכעווע

אַ גאַנץ גייענדיקע וואָך, האָט מען די בעלי־מלאכות כמעט נישט געפילט אין שטעטל; יעדער איינער איז געווען אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט איבער די אויערן. פון צייט צו צייט פלעגט זיך באַווייזן, דורכגייענדיק דעם מאַרק, אַ סטאָלער מיט אַ ברעט אויפן אַקסל, אַ שוסטער מיט אַ שטיק לעדער אין האַנט, און אַ שניידער מיט אַ שטיק שטאָף אונטערן אָרעם. זיי האָבן זיך נישט פאַרגינען אַרומצוקוקן, עס איז אַ שאָד די צייט — די אַרבעט רופט.

גאַנץ אַנדערש איז געווען דינסטיק, דער מאַרק־טאָג אין שטעטל. דעמאָלט האָט מען געזען פאַרטאָג, ווען דער הימל האָט אָנגעהויבן בלויען, ווי צענדליקער שאָטנס שייען זיך ביי די ווענט. דאָס זענען געווען בעלי־מלאכות, לויפנדיק אין בית־המדרש אַריינכאַפּן דאָס דאַווענעןביים ערשטן מנין. אָפּגעדאַוונט, איבער־געכאַפּט דעם פרישטיק — און זיך אַרויסגעלאָזט אין מאַרק; אויפגעשטעלט סטראַגאַנעס און געשטעלן, וואָס זענען באַהאַנגען געוואָרן מיט שטיוול און שיך, מיט הויזן און מאַרנאַרקעס, פעלצלעך און פעלצן, היטלען און ספּאָדיקעס. אַ ביסל וויטער, ביים וועג צום בית־העם, האָבן סטאָלאַריעס אַרויסגעשטעלט בעטן און קופערס, באַנקבעטלעך און קרעדענצלעך, פריש געפּאַרבט און געבייצט. דאָס לאַקירן האָט מען שוין פאַרענדיקט אויף דער גאַס. אויך דאָס אַריינפּאַסן די ריקן אין די בעטן איז געמאַכט געוואָרן אין דרויסן. באַלד איז דער גאַנצער מאַרק און דער אַרום, אָנגעפילט געוואָרן מיט טויזנטער פויערים און פויערטעס, וואָס זענען געקומען פון דער גאַנצער געגנט.

עס זענען געווען בעלי־מלאכות, וואָס זענען געפאָרן אויף ירידים אין די אַרומיקע שטעטלעך. עס זענען אויך געווען אַ טייל בעלי־מלאכות, וואָס זענען בכלל נישט דערשינען אויפן מאַרק. דאָס זענען געווען האַנדווערקער, וואָס האָבן געאַרבעט לויט באַשטעלונגען. זיי האָבן זיך גערעכנט אַלעס גרעסערע

מיוחסים, אָבער גלייכצייטיק זענען זיי געווען גרעסערע אָרעמע לייט. צו דער גרופּע האָט געהערט יחמיה סטאָלער. דאָס איז געווען אַ ייד אַ זקן מיט אַ הדרת פּנים, געגאַנגען אַ ביסל געבויגן, אָבער גאַנץ פעסט. געהאַט האָט ער גאָלדענע הענט. די אַרבעטן וואָס ער האָט געמאַכט האָבן געהערט צו 3 באַזונדערע פאַכן: ער איז געווען אַן ערשט קלאַסיקער טישלער, אַ פיינער שניצער, אַ גוטער טאָקער.

ער האָט געמאַכט דעם ארון־הקודש אין בעכעווער בית־המדרש, וואָס איז געווען אַ קונסט־אַרבעט. ער האָט אויך געמאַכט אַרבעטן, להבדיל, אין דער קירכע. ער האָט געמאַכט ווערקצייג פאַר טישלער־אַרבעט, וואָס זענען געווען בעסער פון די אויסאַרבעטונג פון אויסלענדישע פאַבריקן. ווען מען האָט אים געפרעגט: „ר' יחמיה, איר קאָנט מיר מאַכן די אַרבעט?" האָט ער געענטפערט מיט בדיחות הדעת: „אַלעס קאָן איך מאַכן, אַ חוץ שבת מאַכן, וואָס קומט מיר אָן זייער שווער". אין די פריערדיקע יאָרן האָט ער געהאַט די סטאָלעריי זיינע לעבן סטאַק. צווישן אַנדערע אַרבעטן האָט ער אויך געמאַכט טרומנעס. דאָס אָנקלאַפּן דעם קרייץ נאָכן פאַרבן האָט אויסגעפירט זיינס אַ קריסטלעכער געהילף, מאַרצינעק. שפּעטער איז ער געוואָרן זעלבשטענדיק און איבערגענומען די גאַנצע אַרבעט. די לעצטע יאָרן איז יחמיהס ווערקשטעל געווען צוזאַמען מיט זיין וווינונג, אין 1 צימער, ווו ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט זיין טאָכטער ברכה. אַ גאַנצן טאָג איז דאָס צימער געווען אַ סטאָלעריי, אַ טאָקעריי און ביינאַכט איז אַלץ געווען פאַרוימט, זויבער־ריין, און פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש־לעך ווווין־צימער.

יחמיהס זון, פּסח סטאָלער, האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אַרויסצוגיין אויף אַ ברייטערן וועג. ער איז געווען אַ הויכער שיינער מאַן, דאָס פּנים געראַמט אין אַ פעך־שוואַרץ געפלעגטע קורצע באָרד, די 2 שוואַרצע אויגן האָבן געפינקלט ווי שוואַרצע ברילייאַנטן, און אַ שמייכל האָט שטענדיק געשפּילט אויף זיין געזיכט. ער איז קיין מאָל נישט אַרויס אין גאַס אין די אַרבעטער קליידער, ווי אַנדערע בעלי־מלאכות; אין גאַס האָט מען אים געזען אָנגעטון עלעגאַנט, דאָס בערדל פאַרקעמט, די שיך געפּוצט. ער איז געווען זייער לייכט איבערצוגיין פון שטימונג צו שטימונג. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבן די אויגן געגליט פון כעס. מען האָט אים פאַרענטפערט דערמיט, וואָס ער איז געווען אַ כהן.

פּסח סטאָלער האָט „משום דרכי שלום" געעפנט דעם סטאָלער־פאַך פאַר

פּאָליאַקן. אַ סך האָט געווירקט צו דער ווענדונג דער בעכוועער גלח קוויאַט־קאָווסקי, וואָס איז געווען אַ גרויסער שונא ישראל, אָבער אַ סאָלאַן־אַנטיסעמיט. אויף אים פלעגט מען זאָגן, אַז יעדן איינעם ייד אַלס פּרט האָט ער נישט פיינט — ער האָט פיינט דעם כלל ישראל. אין איינער פון די פּוילישע צייטונגען האָט ער געשריבן אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער שטעלט פאָר בעכוועס, ווי אַזוי אַלע יידן באַשליסן פלוצלונג צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און פאָרן קיין ארץ ישראל, און שטעלט אַ גרויסן פראַגע־צייכן צו די קריסטן: „וואָס וועט איר, קריסטן, דעמאָלט טוען אָן אַ שניידער, אָן אַ שוסטער, אָן אַ סטאָלער, און איין געשעפט עפּעס צו קויפן?" ער האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קאָאָפּעראַטיוון פאַר האַנדל, און אַ דאַנק דער אַגיטאַציע, האָבן זיך פויערים אָנגעפאַנגען לערנען פאַכן.

ביי פּסח סטאָלער האָבן זיך אָנגעדונגען שקצים, טראָץ די שווערע באַ־דינגונגען וואָס ער האָט זיי געשטעלט, אויף 2—3 יאָר אויף דער לערע, צוגעצאָלט געלט און דאָרפס־פּראָדוקטן מיט דער ברייטער האַנט. פּסח סטאָלער איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן, אָבער איז שוין נישט געשטאַנען און געאַרבעט אַליין, ער האָט נאָר אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. אויסער דעם ביליקן אַרבעטס־כוח, וואָס ער האָט געהאַט אין די שקוצים, האָבן ביי אים געאַרבעט אויך אַרבעטער פון דער פרעמד. איינער האָט געהייסן לייבעלע, דער צווייטער נפתלי —ביידע פון קראָשניק. זיי האָבן געאַרבעט פון שטיק, און געאַרבעט האָבן זיי פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביינאַכט. די פּאָר שעה שלאָפן האָבן זיי דורכגעמאַכט אויף דער פּאָדלאָגע אין די שניצלעך, און איין מאָל אין חודש זענען זיי אַהיימגעפאָרן אויף שבת. לייבעלע האָט געאַרבעט בעטן, און האָט געמאַכט 6 בעטן אַ וואָך. נפתלי האָט געמאַכט באַנק־בעטלעך.

נאָרמאַל האָט לייבעלע די פאַרטיקע בעטן צונויפגעשטעלט דינסטיק, אינעם מאַרק־טאָג, אויף דער גאַס און אַריינגעפּאַסט די ריקן. האָט זיך געמאַכט אַ פאַל, אַז לייבעלע איז געגאַנגען אַריינפּאַסן די רוקן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זענען צו לאַנג. פּסח סטאָלער האָט זיך אויפגעקאָכט, געזידלט און געשאָלטן. לייבעלע איז געשטאַנען בלייך ווי די וואַנט, צוגענומען אַלע באַליידיקונגען, און האָט אָנגעהויבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ פונאַנדערנעמען די בעטן און זוכן אַ וועג צו פאַריכטן. דעם צווייטן דינסטיק האָט לייבעלע ווידער צונויפגעשטעלט 6 בעטן, און ביים אַריינפּאַסן די ריקן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זענען קורץ. דאָ איז שוין פּסח סטאָלער אַרויס פון די כלים, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פונקען פייער. לייבעלע איז ווידער געוואָרן בלייך, אָבער מיט איין מאָל

האָט ער זיך געגעבן אַ גלייך אויס, דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין, און האָט אויסגעשריגן: „איך ווייס נישט בעל־הבית, וואָס איר ווילט פון מיר, מאַך איך קורץ טויג נישט, מאַך איך לאַנג טויג אויך נישט?...״

פּסח האָט געהאַט נאָך איין געזעלן, זיין נאָמען איז געווען זישע. ער איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער בחור מיט אַ בלייך געזיכט. געקומען איז ער פון וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט עטלעכע יאָר. ער איז געקומען צו דער אַרבעט אָנגעטאָן ווי אַ דאָקטאָר. ער האָט אויך געאַרבעט פון שטיק, ער איז אָבער געווען אַזוי געשיקט און באַגאַבט, אַז 4 אַזייגער נאָך מיטאָג, האָט ער געהאַט פאַרטיק געמאַכט אַ בעט, וואָס ביי אַ צווייטן האָט עס געדויערט ביז שפּעט ביינאַכט. פאַרטיק געמאַכט דאָס בעט, האָט ער אויסגעטון דאָס פאַרטוך, אָפּגעוואַשן זיך און איבערגעטון. יעדער איינער וואָס איז אַריינגעקומען אין דער סטאָלעריי האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעשטעלט קוקן ווען זישע האָט געשליצט מיט דער זעג. ער האָט זיך באַוועגט פּייל־אויס־בויגן, די זעג און ער זענען געוואָרן איין קערפּער. דער קלאַנג פון דער זעג און געלויף הין און צוריק זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געזאַנג, אין אַ פּאָעזיע. איין מאָל אין יאָר האָט פּסח סטאָליער געברענגט פון לובלין אַ טאָקער, זיין נאָמען איז געווען שאול. ער האָט אין משך פון אַ פּאָר וואָכן אָנגעאַרבעט פּיס צו בעטן און אַנדערע טאָקעריי־אַרבעטן אויף אַ גאַנץ יאָר. פּסח סטאָליער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געאַרבעט באַשטעלטע מעבל, ווי אויך טאַנדעט אַרבעט פאַרן מאַרק. מיט דער צייט האָט ער זיך אויפגעאַרבעט, אויפגעבויט אַ שטאָקיק הויז, ווו די יידישע באַנק איז געווען קוואַרטירט. ער האָט געהאַט אַ שטעלונג אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, געווען אין דער לייטונג פון האַנדווערקער־פאַראיין, אויך אַ מיטגליד אין ה„מזרחי״. זיינע 3 קינדער: חיימו, בערעל און ביילהלע זענען געווען געצערטלט; ער האָט אַלץ געטאָן, אַז זיינע קינדער זאָלן נישט דאַרפן זיין קיין בעלי־מלאכות. ווי עדות דערציילן, איז פּסח סטאָליער געשטאַנען גלייך מיטן קאָפּ אין דער הויך ווען די נאַצישע רוצחים האָבן אים צוגעשטעלט צו דער וואַנט צום שיסן.

עס זענען געווען נאָך סטאָליערעס אין שטעטל, וואָס האָבן געלעבט פון אייגענער אַרבעט און האָראָוואַניע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע פּרעטענסיעס אין לעבן און געלעבט שטיל און באַשיידן. עס איז געווען מענדיל סטאָליער, וואָס האָט אָפּגעדונגען אַ געוועזענע פּוילישע שולע, אַ רחבת ידים, אַליין געאַרבעט, מיט דער הילף פון 2 אַרבעטער און זיין זון בושע, וואָס האָט

געמאַכט בעיקר די שלאָסער־אַרבעט צום קאָוועז די קאָפּערטעס. אַריינקומענדיק צו מענדיל סטאָליער האָט מען פאַרלוירן דעם באַגריף פון צייט. אַ געמיטלעכקייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אַלץ אַרום, אַ דאַנק דעם סאָד מיט פרוכטן־ביימער אין וועלכן די סטאָלערייי איז געשטאַנען און האָט זיך געצויגן ביז צו יונגרוטענס טייך.

עס איז געווען דוד סטאָליער, אַ גוטער פאַכמאַן און אַ באַשיידענער מענטש, מיט אַ גרויסע משפחה. אַ קליין צימער איז געווען זיין ווערקשטעל, ווי אויך זיין וווינונג. זיין פרוי מיט די קינדער האָבן נאָך געהאַט דערצו אַ מילכיקס. ביינאַכט זענען די וואַרשטאַטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געלעגערס פאַר די קינדער. שבת זענען די וואַרשטאַטן איבערגעדעקט געוואָרן מיט ווייסע טישטוכער, אויבן אָן האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר בלומען, און יינגלעך מיט מיידלעך, חברים פון די קינדער, זענען זיך צוזאַמענגעקומען און געקנאַקט באַניקערן. די קינדער זענען אַרויס אין גאַס ציכטיק און זויבער. ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט אין איין צימער, האָט קיינער נישט קעקאָנט פאַרשטיין.

און עס איז געווען לייבל הודיסעס (אויף דער פרויס נאָמען). ער איז געווען אַ הויכער מענטש, אַטלעטיש געבויט, און אַ קינדערשקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. ער איז געשטאַנען און געאַרבעט און דעם מסחר האָט געפירט הודיס. ער האָט איר געקוקט אין די אויגן — וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען קודש.

ברוך יוסף סטאָליער און זיין זון לייבטשע האָבן געאַרבעט אין אַ גרויסער קעלער־שטוב מיט אַן אַלקער און ביידע משפּחות האָבן דאָרט געלעבט. אריינ־קומענדיק זומער־צייט אין דער סטאָליערייי צו ברוך יוספן, האָט מען געזען ווי דער טאַטע מיטן זון שטייען ביי די וואַרשטאַטן, די העמדער־אַרבל פאַר־קאַטשעט, יאַמעלקעס אויף די קעפּ, און איבער די העמדער ברייטע טלית־קטנס, פון וועלכע די ציצית האָבן זיך מיטגעשאָקלט מיט יעדער זייער באַוועגונג. עס איז אוממעגלעך געווען פאַרבייגייען און זיך נישט אָפּצושטעלן ווען ברוך יוסף, שטייענדיק אויף דעם מאַרק, האָט איינגעטענהט מיט אַ פויער, אַז זיין אַרבעט איז די בעסטע. ער האָט געוועדט אַ צעבראָכענעם פויליש מיט אַ ניגון פון מעביר זיין די סדרה. אַפילו דאָס בלאָנדע בערדל, געמישט מיט זילבער פעדעם, האָט אָנטיילגענומען אין דער איבערצייגונגס אַרבעט...

אַ באַזונדערע וועלט האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די שניידער־בראַנזשע, און באַזונדערס די, וואָס האָבן געאַרבעט אויף באַשטעלונגען. זיי האָבן זיך גערעכנט

די „אַריסטאָקראַטיע" פון דער בעל־מלאכישער וועלט. אַרויסגייענדיק אין גאַס זענען זיי געווען געקליידעט מענטשלעך, אָבער מען האָט זיי גלייך דערקענט דורך די נאָדלען, אַריינגעשטעקט אין לאַץ, אַרומגערינגלט מיט ווייסן און שוואַרצן פאָדעם. די פּאָפּולערסטע פון די שניידער זענען געווען צוויי ברידער: יוסל און יעקיל בס. ביידע האָבן געוווינט אין רידניק. יעדער איינער האָט געהאַט זיין קליענטורע. די הויפּט־אַרבעט זייערע איז געווען אַטלאַסענע־קאַפּאָטעס און זשאַקעטן, און ווען דער יונגער דור איז אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי אויך גענייט אַנצוגער.

שפּעטער זענען באַוווּסט געוואָרן אַלס גוטע פאַכמענער צוויי שותפים: חיים שטיין און חיים ארליך. זייער אַרבעטס־צימער האָט געדינט אַלס צונויפטרעף פון אַ טייל יוגנט פון די אַרבעטער־קרייזן. דאָרטן האָט מען געהערט אַלע רכילותן און פּיקאַנטע נייעסן. נאָך שפּעטער, איז חיים פּייאַרייזן צוריקגעקומען פון פּאַריז, וווּ ער האָט זיך פאַרפולקאָמט אין פאַך און איז געוואָרן זעלבשטענדיק.

דאָס באַוווּסטע פאָלקס־ווערטל, אַז מלאכה איז מלוכה, האָט באַקומען דעם ריכטיקן טייטש אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען דער ווינט האָט געווילדעוועט און געוויעט ווי הונדערטער סטאַדעס וועלף, אַ שניי־שטורעם האָט איינגעהילט דאָס שטעטל אין ווייסע תכריכים, און דער איינציקער גאַז־לאָמפּ אויפן סלופּ אין מיטן מאַרק לעבן דעם ברונעם האָט זיך געוואָרפן ווי אין קאָנווולסיע; די קרעמער אין זייערע קראָמען האָבן געקלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס און געוואַרעמט די הענט ביים פייער־טאָפּ, און מיט בענקשאַפט אויסגעקוקט די רגע צו קאָנען פאַרמאַכן די קראָם און אַהיימגיין אַביסל דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע ביינער. דעמאָלט זענען די שניידער געזעסן אין זייערע אַרבעטס־צימערן, איבערגעבויגן איבער די ניי־מאַשינען ביי דער ליכט פון בליץ־לאָמפּן, איבערגעדעקט מיט שיינען; דאָס אָנגעהיצטע אייזערנע אייוועלע מיט די בלעכענע רערן געצויגן איבערן גאַנצן צימער ביז אַרויס דורגעהאַקט דורך דער וואַנט, האָט פאַרשפּרייט אַ ליבע וואַרעמקייט; און איז אַזוי גוט געוואָרן אויפן האַרצן, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן זינגען, שטאַרקער און העכער, און פון די באַלויכטענע פענצטער האָט זיך געהערט פאָלקס־לידער און אַרבעטער־לידער, פּרקי חזנות און חסידישע נגונים ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין.

און אַז מיר רעדן פון שניידער־פאַך אין בעכעווע, קאָן מען נישט נישט דערמאַנען דעם לומען לייב, וואָס זיין אַרבעט איז באַשטאַנען פון איבערנייעכצן. דאָס איז געווען אַ שניידער פון דער אָרעמסטער טייל פון דער באַפעלקערונג.

פון דעם טאַטנס אַלטע הויזן האָט ער איבערגעניייט פאַר די קינדער, איבערגעדרייט אַ כאַלאַט אויף דער אַנדערער זייט. אין זיין צימערל איז כמעט אוממעגלעך געווען אַריינצוגיין; כדי צו קאָנען אַרבעטן, האָט ער דעם ניי־מאַשין אַריינגע־שטעלט אין דער טיר, כמעט אין גאַנצן אויף דער גאַס, און ער מיטן לאָמען פוס אינעווייניק.

און יאָסל בלאַכאַזש מיט דער קיילעכיקער קופּער־קאָליר באָרד, מיטן שטענדיק־רויכערדיקן פּאַפּיראָס אין די ווינקלען פון מויל — אַ האַרציקער מענטש, וואָס איז געווען באַליבט סיי ביי יידן און סיי ביי גויים. דאָס יידישע האַרץ האָט געקוועלט פאַר פרייד ווען יוסל בלאַכאַזש איז דערשינען אין גאַס אַלס אָפיציר פון דער פייערלעשער אָפּטיילונג מיטן אָפיציעלן מונדיר, מיטן מעשענעם היטל מיט די 2 דאַשקעס אויפן קאָפּ; אָבער בשעת אַ שׂריפה, זיצנדיק אויפן וואָגן מיט פעסער וואַסער און לעש־מכשירים, געשפּאַנט מיט צוויי פערד ווי לייבן, וואָס האָבן זיך דורכגעטראָגן מיט לאַרם אין געפּילדער דורך דער גאַס. צווישן אַלע גויישע פּנימער האָט אַרויסגעשיינט דאָס יידישע פּנים מיט דער ברייטער באָרד.

און לייבל רימאַזש (לייבל קלערער), אַ ייד אַ גבֿרן און דערצו געמיטלעך, וואָס האָט קיין מאָל אַפילו אַ פליג נישט דערצערנט. אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַן אויסדרוק פון זעלבסט־זיכערקייט, פלעגט ער מיט געמאָסטענע געלאַסענע טריט דורכגיין די גאַס, און פון דער באָרד און ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גוטע אויגן. ער איז געווען אַ מיטגליד אין ה„מזרחי״, געלייענט אַ צייטונג יעדן טאָג.

מאַכט זיך אַ געשיכטע, און אָנהויב די דרייסיקער יאָרן, אַז אין דער בעכעווער קירכע דאַרף מען פאַריכטן דעם בלעכענעם דאַך. האָט מען געבערענגט בלאַכאַזשעס פון וואַרשע. דאָס זענען געווען דריי שקוצים כוליגאַנעס, שיכורים, און דערצו אַנטיסעמיטן. נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך אָנגעשיכערט, אַרויס אין גאַס און אָנגעמאַכט אַ בהלה: געשלאָגן יעדן ייד, וואָס זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג. אַז מען האָט זיי געזען פון דער ווייטנס, איז די גאַס ליידיק געוואָרן. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז די געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן ווען זיי האָבן געווילדעוועט. די פּאָליציי האָט זיך נאַטירלעך נישט געוואָלט מישן. אין איינעם אַ טאָג, איז איינער פון די בלאַכאַזשעס אַרויס אין גאַס און אָנגעפאַנגען ווילדעווען. לייבל רימאַזש איז צופעליק געשטאַנען אין דרויסן ביי זיין טיר. דער שקץ איז צו צו אים און אָנגענומען זיין באָרד. לייבל

רימאַזש האָט אויפגעהויבן די האַנט און געגעבן דעם שקץ אַ גלעט... דער בלאַכאַזש האָט זיך גלייך איבערגעקערט און אַראָפּגעקוילערט זיך פון באַרג ביז פישל בעקערס בעקעריי. עס איז געוואָרן אין שטעטל אַ פּאַניק. אַ פּחד האָט אַרויסגעקוקט פון יעדנס אויגן, און קודם כל האָט מען אויסבאַהאַלטן לייבל רימאַזש. אויף צומאָרגנס האָט מען געזען דעם צעשלאָגענעם שקץ גיין אין דער ריכטונג פון לייבל רימאַרזש וווינונג מיט אַ רונדן געגנשטאַנד אין האַנט, איינגעוויקלט אין פּאַפּיר. ער איז אַריין אין שטוב און געפרעגט ווו איז דער ייד. די משפחה האָט אָנגעהויבן שטאַמלען. דער בלאַכאַזש האָט דערקלערט: „זאָל ער אַריינקומען, ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן. מיט אַזאַ ייד וויל איך טרינקען פאַר זיין געזונט"...

און מאירעלע סטאַשעק, דער שוסטער, וואָס האָט זיך שמחת־תורה אָנגע־שיכורט ווי אַ לוט און געטאַנצט אויף דער גאַס, און אַז מען האָט אים געפרעגט: „מאירעלע, וואָס פאַר אַ שמחה איז אויף דיר, האָסט אויסגעלערנט די תורה?" האָט ער געענטפערט: „אַז מיינס אַ ברודער מאַכט חתונה דאַרף איך זיך נישט משמח זיין?"

און צווישן אַנדערע די שוסטערס: יעקיל וואַטענמאַכער, זעליקל שמאַ־טשאַזש, יידל פּאַפּליניק, שכנהלע לויפער. און די שניידערס: אברהם קעפּוש, דער געלער, יוסל טשומאַס, און צענדליקער אַנדערע טייערע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זייער חיונה פאַרדינט מיט שווערע אַרבעט און זיך באַגנוגנד מיט אַ קב חרובים — אָט זיי אַלע זענען שווער געווען די פּוילישע אַנטיסעמיטן, און זיי האָבן געליאַרעמט, אַז די יידן זענען אַ וויכער פאָלק, פּאַראַזיטן אויפן פּוילישן קערפּער, און ווען די געלעגנהייט איז געקומען, האָבן זיי מיטגעהאָלפן די דייטשע רוצחים אומברענגען אָט די אַלע ענוי עולם נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען יידן...

סימע (גולדשטיין) פירסטנבערג

# מין שטעטעלע בעכעווע

עפּיזאָדן

עס זענען פֿאַראַן אין לעבן עפּיזאָדן, זכרונות, וועלכע קיין שום איבערלעבונג וועט זיי נישט אויסמעקן ביים מענטשן, ווייל זיי זענען אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין פּערזענליכקייט.

מיין מאַמע, וואָס איז געווען באַקאַנט אין שטעטל מיטן נאָמען „די גוטע מאַמע", פלעגט דערציילן וועגן איינעם אַ יידן, אייזיק שוסטער. געווען איז ער אַ גרויסער אָרעמאַן, און ווי אַן אָרעמאַנס שטייגער — פלעגט מען אים שטענדיק אַרויסוואַרפן פון דער דירה, ווייל פאַר דירה געלט, האָט ער נישט געהאַט צו באַצאָלן. און ווער ווייסט ווי לאַנג סוואָלט זיך נישט געווען איבערגעכאַזערט די דאָזיקע געשעעניש, ווען נישט מיין מאַמע ע"ה וואָלט געוואָלט זיך אינטערעסירן און פאַרנעמען זיך מיט דעם דאָזיקן פאַל.

מיין מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן צו מיין גאָטזעליקן פאָטער, רב אברהם, אז אם ירצה השם וועלן זיי קענען קויפן אַ דירה און אַריינעמען אייזיק שוסטער און ער וועט קענען בלייבן וווינען אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן און פטור ווערן דעם שווערן עול. און אַזוי איז עס געווען.

די צייט איז אַדורך און די שוואַרצע וואָלקנס פון די ערשטע וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגערוקט, און מיטגעשלעפּט מיט זיך די שווערע קראַנקייט, די כאָלערע, וועלכע האָט זיך צעשפּרייט אויפן שטעטל, אַוועקגענומען אַ סך קרבנות, צווישן זיי אייזיק שוסטער'ס כרוי און צוויי זין. אז אַזוי איז ער געבליבן אין אַ דראָס־טישער טאָג מיט דריי קינדער. אָבער דאָס לעבן גייט פאָרויס, און ס'קומט די שעה אַריבערצוגייען אין עולם האמת... אייזיק שוסטער איז נפטר געוואָרן.

און ס'איז געקומען די צייט ווען מ'האָט דאָס מיידל מלכה, אייזיק'ס אַ טאָכטער, באַדאַרפט חתונה מאַכן. עס איז אָנגעקומען אַ בחור פון ווילנע און זיי האָבן זיך באַקענט.

מלכה איז דאַן געווען טעטיג אין „בונד", און די ליבע האָט אָנגעהויבן

קלאַפּן אין זייערע הערצער. מיין גאָטזעליקע מאַמע, וואָס איז געווען דער טראַדיציאָנעלער טיפּ פון דער יידישער היים, האָט זיך פאַרפליכטעט חתונה צו מאַכן די דאָזיקע יתומה מלכה. דער בחור איז דערווייל צוריק קיין וויסאָקע. די מאַמע האָט געהייסן מיין פאָטער שפּאַנען דאָס פערד צום וואָגן און לאָזן זיך קיין וויסאָקע. גערעדט און געטאָן. ווען מיין פאָטער איז אָנגעקומען קיין וויסאָקע, האָט ער זיך דערוווּסט, אז דער יונגער־יאָט — וועלכער איז אין פאַך געווען אַ שוסטער — פאַרלאַנגט אַ גרויסן נדן.

עס איז געווען לייכט אָפּצולאָזן דעם דאָזיקן קאָפּ־דרייעניש, נאָר מיין מאַמע האָט געשטיפּט פאָרזעצן ווייטער, מיט עקשנות אפילו, איר היילִיקן צוועק.

די מאַמע איז צוגעגאַנגען צו שרה׳לה שפּירא, וואָס האָט באַשלאָסן טעטיק מיטהעלפן, און אזוי אַרום איז די איניציאַטיב אַריבער צו זיי ביידע. גוטע הערצער אין בעכעווע האָבן נישט געפעלט און געענטפערט האָבן אַלע, צווישן זיי: איטשע שפּירא, לייביש גאָלדשטיין, מולע, שלמה בראַנד, יידל קליינמאַן, יעקב ווייצענבליט, דער געלער שמיל, מרדכי רייס, מאיר רידער, שמיל פעלשער, יחיאל שוחט, יאנקל גרינבערג, און נאָך אַנדערע, וואָס דער שטויב פון דער פאַרגאַנ־גענהייט לאָזט מיר נישט געדענקען.

איך געדענק, מיין מאַמע איז צוגעגאַנגען צו חמיה דאַלדע און אים געבעטן צו געבן פון זיין געלט, און אַזוי אַרום העלפן מלכהן. האָט חמיה דאַלדע אַ שריי געטאָן: „וואָס? אייזיק שוסטערס טאָכטער דאַרף שלאָפן אויף ליילעכער? זי קען שלאָפן אויף פּלאַכטעס״. האָט מיין מאַמע געענטפערט: „איר קענט מיר נאָר נישט געבן די סומע וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך; אַזוי ווי איך וועל מאַכן פאַר מיינע קינדער, אַזוי וועל איך מאַכן פאַר איר״. און מיין מאַמע איז אַ וועק. חמיה דאַלדע האָט אַ שריי געטאָן: „רב אברהם׳ס פרוי! רב אברהם׳ס פרוי! קומט צוריק!״ אָבער מיין מאַמע איז נישט צוריקגעגאַנגען. נאָך אַ האַלבער שעה צייט, איז דאָס געלט געווען ביי אונדז אין שטוב.

פאַרט געקומען בתשובה. און פאַרוואָס זאָל איין ייד נישט העלפן דעם צווייטן?

יאָ, דאָס איז געווען בעכעווע, אירע מענטשן, איר לעבן. די טעג פון אַ מאָל, וואָס וועלן קיינמאָל נישט צוריק קערן, ווייל זיי זיינען אויף אַ טרויעריקן אויפן אָפּגעשניטען געוואָרן, און געבליבען נאָר אין זכרון אַלס טעג פון פאַרגאַנגענהייט.

דער נאָמען בעכעווע איז צוגעבונדן, פאַר מיר, מיט איינע פון די וויכטיקסטע יידן אינעם יידישן אַמאָליקן שטעטל, דער רבי.

מעשה שהיה כך היה: אין די לעצטע יאָרן פון צווייטן צענליק איז פאַרברענט

געוואָרן דאָס שכנסדיקע שטעטל יאַנוווּ־לובעלסקי. אין אונדזער שטעטל איז געוואָרן אַ טומל. און צווישן דעם איז אָנגעקומען אַ חסיד פון רעבן, וועלכער האָט אים דערציילט אז איינער אַ ייד געפינט זיך אין אַ שווערע סיטואַציע און מע דאַרף אים העלפן. דער רעבע האָט לאַנג נישט געקלערט און געשיקט דעם גרינער שמיל מיך רופן.

צונויפגענומען געלט בין איך שטענדיק געווען אַ דרייסטע. כ'בין צוגעגאַנגען צו די בחורים: שרולע זיטמאַן, אברעמל שעכטער, שמיל שעכטער, אברעמעלע קליינמאַן, חזקל פלאַמענבוים, און אַזוי ווייטער (קיין בחורים האָבן נישט געפעלט). און ס'איז נישט געווען איינער, וואָס זאָל זיך אָפּזאָגן. אָבער פונקט איין טאָג פריער בין איך געווען אין שטאָט זאַמלען געלט, איז וואָס ווייטער גיין? יעדער טאָג, דאָס זעלבע מאכל ווערט צוגעגעסן. האָב איך געענטפערט: ניין! און אַזוי אַרום פטור געוואָרן.

נאָך אַ געוויסע צייט איז דער גרינער שמיל צוריק געקומען און געזאָגט אַז דער רבי רופט מיך. נו, צום רבין האָט מען געמוזט גייען. געקומען בין איך צום רבין, ר' איציקל ז"ל, האָט ער צו מיר אַ שאַרפן בליק געטאָן און געפרעגט: „דו וואָלסט געוואָלט איך זאָל זיין ביי דיין חתונה?" (און וועלכע בעכעווער טאָכטער וואָלט נישט געוואָלט אַז רב איציקל זאָל זיין ביי איר חתונה?) „אויב אַזוי — האָט ער ווייטער געזאָגט — נעם זיך צו דער אַרבעט".

דעם רבין אָפּצוזאָגן איז געווען שווער. און דאַן האָט ר' איציקל נאָך צו געגעבן: „ווען ס'וועט שטיין פאַר דיר אַ שוואַרצער מויער און ס'וועט זיך דיר דאַכטן, אַז די שטראַלן פון דער זון וועלן קיינמאָל דיר נישט באַלייכטן, וועט די זון דורכקלאַפּן דעם מויער און זי וועט ווייטער לייכטן".

דאָס געלט איז געזאַמלט געוואָרן, און דאָס רעדל פון לעבן האָט זיך ווייטער געדרייט.

די צווייטע וועלט מלחמה איז אויסגעבראָכן. נאָך די מלחמה, ווען כ'האָב זיך געטראָפן מיט מיין מאַן, איז ער געווען בלינד און מיין קליינער זון קראַנק. מיר האָבן זיך געטראָפן אויפן חורבן פון דער יידישער היים, און ס'איז געווען שווער, די ווונדן זענען געווען פריש, און מיר האָבן באַדאַרפט בויען אַ ניי לעבן. דעמאָלט האָבן געווירקט דעם רבינס ווערטער: מיין מאַן האָט אָנגעהויבן זען, מיין קינד איז געזונט געוואָרן, און מיר זענען עולה געווען קיין ישראל.

ווער ווייסט אויב דאָס אַלץ איז נישט געווען בזכות אונדזער רבי?! און אַפילו נישט — שטייט ער, דאָס שטעטל, די מענטשן, שטייען און וועלן שטיין

טובה־אנקה מאַקוביצקי

## עראינערונגען פון בעכעווע

איך וויל באַשרייבן ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען דאָס לערנען אַ פאַך אין אונדזער קליינעם שטעטעלע. צום אַלעם ערשטן האָט מ׳בעדארפן זעען דעם לערניונג ווי זעט ער אויס; נאָכדעם ווי זיין אויסערליכקייט האָט געפאָלן, האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן באַדינגונגען: דריי פערטל יאָר מוז ער זיך לערנען דעם פאַך אומזיסט און גלייכצייטיק זיין אַ שליח, העלפן ביי דער אַרבעט און אויך... אין שטוב. נאָכדעם ווי די דריי פערטל יאָר זענען פאַרביי, האָט דער בעל־מלאכה משלח געווען דעם לערניונג, אָדער לערנמעדל. איז מען געגאַנגען זוכן אַ נייעם פלאַץ.

האָט מען שוין געקריגן אַרבעט און אָנגעהויבן צו פאַרדינען, האָט מען געמוזט אַרבעטן נישט קיין אַכט שעה חלילה, נאָר טאַקי פון פינסטער ביז פינסטער, איך וויל זאָגן אַז מ׳האָט אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן גאַנץ פרי, פאַרטאָג, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און די פאַרדינסטן זענען געווען גענוג קוים אויף ברויט.

אַרבעטנדיק, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין דעם וועזן און לעבן פון די באַלייטע. כדי אויסצואַרבעטן אַ שטיקעלע פרנסה זענען מענשטן געזעסן און געאַרבעט ביז שפּעט־שפּעט אין דער נאַכט ביי אַ קליינעם נאַפט לעמפּעלע. נישט איין מאָל פלעגן די „אַרבעטגעבער״ אַראָפּנעמען דעם קאַפּטור פון דעם לעמפּעלע ס׳זאָל ציען ווייניקער נאַפט. האָט מ׳דאָס קנויטל אַביסל אַרויסגעדרעט, האָט דאָס גלעזל געפּלאַצט. וואָס זאָל מען טון? האָט מען עס פאַרקלעבט מיט פּאַפּיר און ווייטער געאַרבעט און צוגעגרייט די סחורה צום טאָרג. אַזוי די שניידערס, אַזוי די סטאָליאַרעס, די שוסטערס און אַלע אַנדערע פאַכן. אין דער פרי האָט דאָס שטעטעלע געצויגן פרנסה פאַר די גאַנצע וואָך.

און אַזוי האָט מען געלעבט פון היינט אויף מאָרגן, געאַרבעט שווער און געלעבט מיט אמונה, צופרידן מער־ווייניקער מיט וואָס מ׳האָט, ביז ס׳איז געקומען

דער מערדער און האָט אַלעס פאַרניכטעט, אויסגעוואָרצלט דאָס גאַנצע יידישקייט פון דעם שטעטל צוזאַמען מיט די מענטשן.

צוויי חדשים פאַר דעם קריג האָט די פוילישע רעגירונג געפאָדערט פון די יידן זיי זאָלן זיך באַשטייערן אויף אוויאציע, אָבער וויפל מ׳האָט זיך באַשט־ייערט איז נישט געווען גענוג. אין אַ שיינעם פרימאָרגן דינסטאָג, אַ טאָג אויף וועלכן אַלע סוחרים און בעלי־מלאכות פלעגן וואַרטן אַ גאַנצע וואָך, איז אַרויס דער קאָמענדאַנט און מיט אים דער שרייבער לאַטערעק פון דעם פינאַנצאַמט, אַרויס־געוואָרפן אַלע סוחרים פון די געשעפטן און פאַרשטעמפלט זיי מיט וואַקס... ווייל ס׳איז נישט געווען גענוג וויפל זיי האָבן זיך „פרייוויליק״ באַשטייערט. ישראל זיטמאַן, וואָס האָט אַ פאַרצווייפלטער צוגעקוקט צו דעם וואָס קומט פאָר, האָט געוואָלט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די באַשטייערונג, אָבער דער קאָמענדאַנט האָט נישט מסכים געווען — „זיי אַליין וועלן באַשליסן דעם סכום, און ווען מ׳וועט באַצאָלן וועלן זיי עפענען די געשעפטן.״ איך בין געווען פאַרצווייפלט זעענדיק ווי ס׳זעט אויס דאָס יידישע לעבן און פוילן. ישראל זיטמאַן האָט דאַן צו מיר געזאָגט: „טויבע, דיר איז גוט, דו פאַרלאָזט דאָס לאַנד.״

אין אַ קורצע צייט האָב איך מיך געזעגנט מיט מיינע נאָענטע און טייערע אין מיט מיין טייער שטעטעלע בעכהויז.

## ווי אַזוי האָט אויסגעזען אונזער שטעטעלע אין די ימים נוראים

ס׳איז נאָך פינסטער אויפן גאַס, די שטערן אין הימל בלינצן, און דער שמש גייט פון שטוב צו שטוב און קלאַפּט אויף די טיר, וועקנדיק די מענטשן צו סליחות. דאָ און דאָרט כאַפּן זיך אויף מיט שרעק די קינדער פון דעם קלאַפּ, די עלטערן שטייען אויף, נעמען דעם לאַמטערן אין די הענט און גייען אין שול אַריין. געזאָגט האָט מען די סליחות מיט גרויס כוונה, געבעטן גאָט ער זאָל מוחל זיין אַלע חטאים וואָס מ׳האָט ביודעים ובלא יודעים געטאָן, און אַזוי זיך צוגעגרייט צום גרויסן יום־הדין.

געוועגלעך האָבן זיך אָנגעהויבן די ימים נוראים שוין מיט ראש השנה. טאַקי יום־טוב, אָבער אַ יום־טוב וואָס פאַרלאַנגט פון יעדן יידן נישט פאַרגעסן אַז ער שטייט פאַר דעם יום־הדין, פאַר די עשרת ימי תשובה, אין וועלכע ער דאַרף זיך

צוגרייטן און טאָן תשובה, אויסבעטן פאַר זיך און פאַר זיין גאַנצע משפחה אַ „גוט געזונט יאָר”. אַוועקגייענדיק אין שול, פלעגן די עלטערן אָנזאָגן די טעכטער (די יינגלעך זענען דאָך געווענלעך גלייך מיטגעגאַנגען) נישט צו פאַרשפּעטיקן צום שופר בלאָזן. די טעכטער פלעגן קומען מיט די מחזורים, עפּענען ביי דעם קנייטש דעם „למנצח” (דער קנייטש איז נאָך געווען פון פאַריקן יאָר) און אָנגעפאַנגען זאָגן. זיי האָבן געוווּסט אַז מ׳דאַרף זאָגן זיבן מאָל, אָבער ווי אַזוי האַלט מער דעם צאָל און נישט פאַרגעסן? אסתר רחל, יענקל קליינמאַנס באָבע, פלעג פאַרבויגן יעדעס מאָל אַ פינגער און אַזוי האַלטן דעם חשבון. ווען איך האָב שוין געהאַט געענדיקט, האָט זי געזאָגט אַז זי האָט נאָר פינף פינגער פאַרבויגן, אַ סימן אַז איך דאַרף זאָגן נאָך צוויי מאָל...

דער ערב יום הכיפור האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשטענדלעך מיט די כפרות. נאָכדעם ווי מ׳האָט אָפּגעשלאָגן כפרות פלעגט מען לויפן שום שוחט, צו ר׳ יחיאל שו״ב. דאָס שעכטן די כפרות איז געווען אַ מעשה־רב. געווענלעך האָט מען געמוזט וואַרטן אויף דעם שוחט ביז ער וועט קומען צוריק פון דעם דאַווענען, און דערווייל האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן מענטשן קעפּ אויף קעפּ. ר׳ רחיאל שו״ב איז געקומען און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט: פאַרבויגנדיק דאָס קעפּעלע פון דעם עוף און אַרויסרייסנדיק אַ פּאָר פעדערן פון אים, האָט ר׳ יחיאל אַדורכ־געפירט דעם חלף איבער דעם העלזעלע און אַ וואָרף געטאָן דאָס עוף צום אייגנטימער. די אַרבעט איז געגאַנגען גאַנץ שנעל, און צווישן האָבן מענטשן פאַרביטן זייערע כפּרות. קומענדיק אַ היים, האָט די מאַמע אויסגעשריען: „דו האָסט פאַרטוישט די כפרה; אנשטאָט אַ שוואַרצע האָסטו געבראַכט אַ ווייסע. גיי טויש אויס”. נו, גיי ווייס מיט וועמען דו האָסט פאַרטוישט...

די זון זעצט זיך, אַלע זענען שוין גרייט צו גיין אין שול, די מאַמע בענטשט ליכט, די עלטערן בענטשן די קינדער, מ׳לאָזט אַ טרער און מ׳ווינשט זיך איינער דעם אַנדערן אויסבעטן אַ גוט יאָר. דער כל נדרי רופט אַרויס אַ ציטערניש ביי יעדן, דער יום הדין פאַנגט זיך אָן, און דער גאַנצער עולם דאַווענט בקול רם, רופט צום רבונו של עולם ער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיינע קינדער, אויף עם ישראל. דער גאַנצער טאָג גייט פאַרביי אין פאַסטן און דאַווענען, באימה ויראה, און ווען דער טאָג פאַנגט אָן צו טונקלען הערט זיך דאָס נעילה דאַווענען

גאַנץ אויפגעמונטערט, ס'פילט זיך אַ ביסל פריילעכער נאָכדעם ווי מ'האָט אויס־געבעטן דאָס גוטע יאָר.

געענדיקט דאָס דאַווענען, דער שופר בלאָזט גאַנץ שטאַרק, און דער לשנה הבאה בירושלים קלינגט פריילעך. די טליתים ווערן אָפּגעלייגט, מ'דאַוונט מעריב, גאַנץ כאַפּעדיק, מ'ווינשט זיך אַ גוט יאָר און מ'גייט אַ היים מאַכן הבדלה און זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ נאָך אַזאַ תענית.

שיינע, האַרצנעמענדיקע ערשינערונגען פון דעם וואָס איז געווען און איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די מערדערישע נאַצישע הענט.



אברהם ליכט



רחל ליכט (בת הרב גרינבוים)

אברהם ליכט

# עפּיזאָדן

אַזוי ווי איך בין נישט קיין ביכאָווער און נאָר געקענט עטלעכע פּערזאָן, אָבער עטלעכע עפּיזאָדן האָב איך פון מיין זיין עטלעכע מאָל אין ביכאָווע. איידער איך בין אַ חתן געוואָרן, האָב איך געמאַכט אַ זעאונג, ענדע 1916 אין לובלין, איז מיין שווער אויך געוועזן אין לובלין. האָב איך געזאָגט:

— ביכאָווער רב, איך האָב צו אייך אַ בקשה. איך גיב אייך אַ מאָטיוו, אויב איר וועט נישט זיין איינוויליק זאָלט איר מיך איבערצייגן, פאַר וואָס איר ווילט נישט, וועל איך זיין אייער תלמיד. דער תלמוד זאָגט „אסור לאדם שיקדש את האשה עד שיראנה", דאָס הייסט, אַ מאַן טאָר נישט חתונה האָבן מיט קיין פרוי, ביז זיי זאָלן זיך קענען אין כאַראַקטער, אויב זיי וועלן קענען האַרמאָניזירן. בעט איך דעם ביכאָווער רב, איר זאָלט אייער טאָכטער שיקן צו מיינע עלטערן, אויף אַ שטיקל צייט.

קלערנדיק אַ ביסל, האָט ער איינגעווילּיקט און זי געשיקט צו אונדז. זי איז געווען ביי אונדז אין אַ מאַיאָנטעק 9 וואָכן. די גאַנצע כלה איז נאָך נישט אַלט געווען קיין 16 יאָר, איך 23 יאָר. נאָך די תנאים, אין אָנפאַנג 1917, האָט די כלה געלערנט ביי נחמיה לערער ע״ה נאָר יידיש אַליין. בין איך געווען פאַרבעטן קיין ביכאָווע, האָב איך שוין היישלעך געבעטן:

מחותן! ס׳זאָגט זיך אין משנה „יפה תלמוד תורה עם דרך־ארץ״, ס׳איז גוט יידישע לערע, אָבער ס׳איז אויך גוט די וועלטלעכע לערע.

האָט ער מיר אויך צוליב געטאָן. פאַר מ׳ין אָוועקפאָרן פון ביכאָווע האָט מען באַשטעלט אַ פּוילישן לערער. און די קעגנערס פון שטעטל האָבן געליאַרעמט, אַז דער רב שיקט זיין טאָכטער צו אַ גוי לערנען גויאיש.

אין 1926 האָב איך עמיגרירט קיין אַרגענטינע, דאָרט בין איך געווען 13 חדשים אַליין און נאָכהער האָב איך געברענגט די פאַמיליע.

פאַר מיין אָפּרייזן קיין אַרגענטינע בין איך געפאָרן קיין ביכאָווע זיך געזעגענען. איך בין געווען אין ביכאָווע 8־9 טעג. אַלע זענען געקומען. ה׳ פּנחס רייז ע״ה, און אָפט איז געקומען מענדל רייז — גוטע פריינד. בין איך פאַרבליבן מיט ה׳ פּנחס ע״ה. געוויינלעך האָט מ׳ין זיווג געהאָט געבאָרגט פּנחסן אַ ביסל געלט אויף פּראָצענט (מיט אַ היתר עסקה). דעמאָלט איז געווען אַ פּראַגע פון וואַליוטע, געפאַלן, געהויבן. די זלאָטע אין דאָלאַרן. געוויינלעך, ווען די זלאָטע איז געפאַלן האָט מיינע געוואָלט דאָלאַרן, האָט פּנחס ע״ה פאַרלאַנגט צו האָבן אַ דין־תורה ביי מיר. געוויינלעך האָב איך נישט געוואָלט און געזאָגט היתכן, איר האָט דאָך „אַ מרא דאתרא״ אין שטוב, וואָס ווילט איר פון מיר. ניין! נאָר ביי מיר. הכלל איך האָב צוגעפּאַסקנט רייזן, ווייל ער איז געווען פולקאָם גערעכט, און אַזוי איז עס פאַרבליבן אָן אַ שום דיסקוסיעס ביז צו מיין פרויס אָוועקפאָרן.

וואָס קומט אַרויס — חבל על דאבדין...

יעקב קליימאַן

## צום געשטאַלט פון יחיאל שו״ב ז״ל *

צווישן די אינטערעסאַנטע, פאַרביקע, בוילטע געשטאַלטן פונעם בעכעווער יידישן לעבן, האָט זיך שטאַרק געמערקט דאָס געשטאַלט פון יחיאל שו״ב ז״ל. עס איז שווער צו מאַכן וועלכן עס איז פאַרגלייך פונעם היינטיקן קהילה לעבן, אַפילו פון אַ קליינע מועצה מקומית מיט אירע אָנגעשטעלטע און פאַרשטייער, צו דעם יידישן קהילה־לעבן אין בעכעווע. אויף וויפל איך געדענק גאַנץ גוט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון בעכעווע, איז מיר נישט געבליבן אין זכרון ווער עס זענען געווען די דאָזאָרעס פונעם שטעטל, אָדער ווער עס איז געווען דער פאַרזיצער פון דער קהילה. דאָס באַווייזט, אַז די שטאָט־פאַרזאָרגער זענען געווען אָפּגעריסן פון דער באַפעלקערונג. דאַקעגן זענען געווען די קהילה־באַאַמטע זייער פּאָפּולער און באַקאַנט אין שטעטל. איך וואָלט געזאָגט, אַז זיי זענען געווען די רעפּרעזענטאַנץ פון דער קהילה. דאָס זענען געווען דער רב, די שוחטים און דער שמש.

עס איז אויך שווער צו פאַרגלייכן די באַדינגונגען פון אַ היינטיקן אָנגע־שטעלטן אין ועד הקהילה צו די באַדינגונגען פון אַמאָל, וואָס זענען בכלל נישט געווען קיין באַדינגונגען. אויף וויפל מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָט דער רב געהאַט דאָס רעכט צו האַנדלען מיט הייווי־ זרב שבת; פאַרשטענדלעך אַז מיט דעם מסחר האָט זיך פאַרנומען די רביצין. צו דעם רבס פרנסה איז אויך געווען אַריינגערעכנט די מתנות, וואָס ער האָט באַקומען פורים צו דער סעודה. מיין מומע אלקע פלעגט שיקן יעדעס יאָר „משלוח מנות״ דעם רב אַ שטיקל סחורה אויף הויזן. דער רב האָט זיך געקלאָגט, אַז פון זיין געהאַלט קאָן מען קיין הויזן נישט קויפן. אויך די שוחטים האָבן געהאַט אַ זייטיקע פרנסה; דאָס זענען געווען פעדערן פון די עופות, וואָס פלעגן ווערן געפּאַקט אין זעק. אין ווינטער זענען געקומען סוחרים און געקויפט די סחורה. אויך די מילצן און די

---

* פון אַ רעדע אויף דער אזכרה פאַר די קדושים פון בעכעווע.

קישקעס האָבן געהערט צום שו״ב, און פון דעם אַלעמען איז קיין ברייטע פרנסה נישט געווען.

איך געדענק ווי דורך אַ חלום אַ שטרייק פון די שוחטים. דאָס איז נישט געווען קיין שטרייק פון נישט שחטן. דער שטרייק איז באַשטאַנען פון יאָ שחטן, נאָר אָנשטאָט די קוויטלעך, וואָס מען האָט געקויפט ביי מרדכי הערשן אין געוועלב, האָבן די שוחטים גענומען מזומן געלט.

דאַקעגן דער שמש, זיין פרנסה איז באַשטאַנען פון דעם, וואָס יעדן פרייטיק איז ער געגאַנגען אין די הייזער איבערן שטעטל מיט אַ פושקע אין דער האַנט און יעדער איינער האָט אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר גראָשן; און דער שול שמש, זלמן יעקב, האָט דאָ געהאַט גאָר אַ באַזונדערע צוגאבע צו דער פרנסה — באַגרעבער פון די מתים.

אויף יחיאל שו״בס געזיכט איז נישט געווען קיין סימן פון זיין אָנגעשטעלט, אָדער זיין אָפּהענגיק פון ווער עס איז. די צוויי פייערדיקע פינקעלדיקע אויגן האָבן עדות געזאָגט אויף חכמה און אַנטשלאָסנקייט. ווען איך האָב געטראָפן יחיאל שו״ב אין אַ וואָכנדיקן טאָג גייען אין בית המדרש אַריין מיטן טלית אונטערן אָרעם און דריי־פּערטל יאַרמעלקע האָט אַפּאָרגעקוקט פון היטל, האָב איך אַלע מאָל געהאַט די פאָרשטעלונג, אַזוי האָט אַמאָל, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, שפּאַצירט אַ יידישער פרינץ שטאָלץ אין בית המקדש אַריין. גאָר שאַרף איז געקומען צום אויסדרוק זיין אייגנאַרטיקייט אין דעם טאָרג־טאָג, דינסטיק. אין דעם טאָג איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען אויף די פיס אָן אונטערשייד פון קרעמער און בעלי־מלאכות, תבואה סוחרים און סתם מאַרק־יידענעס; שוין אָפּגערעדט אין טעפּער און קאַלך־הענדלער, וואָס האָבן שוין מאָנטיק נאָך האַלבער נאַכט אַרויסגעשטעלט זייער סחורה אין מאַרק. דינסטיק פאַרטאָג, ביים ערשטן מנין, האָבן נישט בלויז שניידער און שוסטער געדאַוונט ווי יעדן טאָג אין דער וואָך, נאָר אויך אַלע שיינע באַלעבאַטישע יידן; שנעל אָפּגעדאַוונט, אַהיימגעלאָפן אָפּצועסן די פערלגרויפּענע גריץ און אַריינגעלייגטע גענדזענע פיסלעך, אַרומגעוויקלט מיט קישקעלעך, און נאָכהער זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אינעם מסחר און האַנדל־וואַנדל.

אין דער באַשטימטער שעה אין דערפרי איז יחיאל שו״ב געגאַנגען דאַווענען. אַ לייכטער, כמעט איראָנישער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּן. דער גאַנצער געטומל און געפילדער פון קאַטשקעס און גענדז, דאָס אירזשען פון די פערד, דאָס קוויטשען פון די חזירים, דאָס סקריפּען פון די וועגענער — דאָס

אַלץ האָט אים אין גאַנצן נישט אינטערעסירט. אויסגעטון אין גאַנצן פון חולין און וואָכענדיקייט, איז ער זיך געגאַנגען זיין וועג.

בלויז 2 מאָל אין יאָר איז יחיאל שו״ב געוואָרן אין גאַנצן אַן אַנדערער מענטש. דאָס איז געווען אין די ימים נוראים, און שמחת תורה. טעג פאַר ראש השנה איז שוין געלעגן אויסגעגאָסן אַן ערנסטקייט אויף יחיאל שו״בס פנים. אין די פרימאָרגנס איז ער געגאַנגען דעם האַלדז פאַרבונדן מיט אַ שאַליק, און זיין גאַנצע האַלטונג איז געווען אַ צוגרייטונג צו אַ געראַנגל מיט שטאַרקע כוחות. און באמת, ווער עס האָט נישט געזען יחיאל שו״ב יום כיפור צום מוסף, אָנגעטון אינעם ווייסן קיטל און איינגעהילט אינעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה, שטייעןביים עמוד אַלס שליח ציבור פון דער גאַנצער עדה יידן און מיט זיין לייבן שטימע שרייט אויס „כבקרת רועה עדרו מעביר צאנו תחת שבטו״, דער ווייסט נישט דעם טעם פון אַ ריכטיקן בעל תפילה.

איך האָב אַלע מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז יחיאל שו״בס דאַווענען איז גאַנץ אַנדערש פון אַנדערע בעלי תפילה דערמיט, וואָס יחיאל שו״ב האָט קיין מאָל נישט געוויינט ביים דאַווענען, נישט געבעטן, נאָר געפאָדערט ביים רבונו של עולם „חיים של שלום, חיים של טובה, חיים של ברכה, חיים של פרנסה״. אַפילו ווען ער איז געשטאַנען פאַרן בורא עולם האָט זיך געפילט זיין ווירדע און שטאָלץ.

שמחת תורה, אין דעם טאָג איז בכלל אוממעגלעך געווען דעם מענטש צו דערקענען; עס איז באַפרייט געוואָרן אין אים אַן איבער־מענטשלעכע ענערגיע. אַהיימגייענדיק שמחת תורה ביינאַכט פונעם שטיבל, אָנגעטון אין די אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיטן שטריימל, האָבן שוין די אייביקע פאַרביקע בעקעלעך געפלאַמט, און דעם גאַנצן וועג האָט ער געזונגען אַ שמחת תורה ניגון און געוואַקלט זיך פון רעכטס אויף לינקס. אין שטיבל, צווישן די חסידים, האָט זיין שמחה דורכגעבראָכן אַלע גרענעצן; ער איז אַרויף אויף די טיש, געזונגען און געטאַנצט מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ ברען, אַז יונגע בחורים זענען געשטאַנען אין פאַרלעגנהייט און געפרעגט איינער דעם צווייטן, ווו נעמט זיך צו אַ מענטש אַ בשר ודם אַזויפיל כוח, אַזויפיל ענערגיע.

צו דעם אַלעמען איז יחיאל שו״ב בכלל נישט געווען קיין בטלן. ער האָט געהאַט זיין מיינונג וועגן וועלטלעכע פראַגן; ער האָט ליב געהאַט האַנט־אַרבעט, ער האָט געקאָנט מיט אַ מעסער אויסשניצן פון האָלץ לייכטער צום ליכט־בענטשן; ער האָט פאַר זיין סוכה, וואָס איז געווען אַ שם־דבר אין שטעטל,

געמאַכט פאַרשידענע שניצוגנען מיט אייגענע הענט צום באַשיינען די סוכה. זיינע גלייך־ווערטלעך און אַפאַריזמען זענען באַוווּסט געווען אין שטעטל. איך געדענק, זיצנדיק ביי דער סעודה יום טוב אין סוכה צוזאַמען מיט יחיאל שו״ב, נאָך אַ גלעזל בראָנפן, פאַר די פיש און נאָך די פיש, האָט יחיאל שו״ב ז״ל געפרעגט מיין פאָטער ז״ל: „יחיאל, ווייסטו פאַר וואָס מען טרינקט לחיים פאַר די פיש און נאָך די פיש און נישט ביי קיין שום אַנדער מאכל?" מיין פאָטער האָט געענטפערט „איך ווייס נישט" — „טאָ וועל איך דיר זאָגן: אויב די פיש איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען פונעם שוחטס הענט און זענען פטור פון שחיטה, זענען זיי ווערט מען זאָל טרינקען לחיים ביים עסן פיש."

אויב מען האָט געדאַרפן חתונה מאַכן אַ יתומה, אָדער אַן אָרעמע כלה, האָט יחיאל שו״ב גענומען די רויטע פאַטשיילע אין דער האַנט, גענומען צו זיך אַ בן־זוג און אַרויס איבער דער שטאָט אין די הייזער. יעדער איינער האָט דאַן געגעבן אַ נדבה איבער די מעגלעכקייטן, ווייל אויב יחיאל שו״ב גייט, איז אַ סימן, אַז דער ענין איז וויכטיק.

אַזעלכע געשטאַלטן זענען געווען אַ זעלטנהייט נישט בלויז ביי אונדז אין שטעטל, נאָר אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנד. יהא זכרו ברוך.



באזכרה ביי דער אזכרה



די פאַמיליע פייערייזן וואָס אין זייער הויז איז געשאַפן געוואָרן די „פועלי ציון"

## „איר האָט געווּנג אייגענע קאַפּיטאַלן" *

### דערקלערט דער סטאַראָסטע די יידישע נשרפים פון ביכאווע ביי לובלין

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גרויסער שריפה אין ביכאַווע, בעת וועלכער דאָס גאַנצע שטעטל איז כמעט ווי פאַרניכטעט געוואָרן און די באַפעלקערונג געפינט זיך אין גרויס נויט, זענען נעכטן אַראָפּגעקומען דער סטאַראָסטע און פאָוויאַטאָווער פאָליציי־קאָמענדאַנט. דער סטאַראָסטע האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געשילדערט די שרעקלעכע נויט, וואָס הערשט איצט אינם שטעטל נאָך דער שריפה און געבעטן דרינגענדיקע הילף. דער סטאַראָסטע האָט דאַן אין אַלעמענס אַנוועזנהייט געווענדעט זיך צו דער יידישער דעלעגאַציע מיט אַ שטוינענדער דערקלערונג: „איר יידן האָט געווּנג אייערע אייגענע קאַפּיטאַלן."

צו דער קריסטלעכער דעלעגאַציע האָט ער געזאָגט: „מיט אייך וועל איך באַזונדער רעדן."

דער דאָזיקער אומדערהערטער אַרויסטריט האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער יידישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט מיט טרערן אין די אויגן געענטפערט, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז געבליבן אָן אַ שטיקל ברויט.

די לאַגע פון די 31 יידישע פאַמיליעס איז באמת אַ פאַרצווייפלטע און עס איז נויטיק דרינגענדיקע הילף.

### פּראַקטיק פון צוויי מאָסן **

אין אַזאַ קליינעם שפּיגל, ווי אַ טראָפּן וואַסער, שפּיגלט אָפּ אַזאַ גוואַלדיק־גרויסער קערפּער, ווי די זון. יעדער ווייסט דאָס און קיינעם וווּנדערט דאָס נישט, ווייל די זון איז ליכטיק, הגם זי האָט אויך פלעקן, וועלכע מען זעט מיט אַ פּשוטן אויג.

---

* אויסצוג פון „נייע פאָלקסצייטונג", 29 יוני 1937.

** אין אַרטיקל פון וו. קאָסאָבסקי צומאָרגנס דעם 30 יוני 1937 אין דער זעלבער צייטונג. — ס'האָט אונדז געלונגען מיט דער איידעלער הילף פון ד"ר חיים דיאַמאַנד אין ניו־יאָרק, צו באַקומען פון ייוו"א די ידיעה. און דער אַרטיקל, וועלכע געבן איבער דעם אונטערגרונד פון דער יידישער לאַגע אין פּוילן ערב דעם גרויסן חורבן. — די רעדאַקציע.

אויב די זון וואָלט אפילו געווען שוואַרץ, ווי אונדזער ערד, וואָלט זי זיך אויך אָפּגעשפּיגלט. דאָס אייגענע איז אויך ריכטיק, ווען עס גייט וועגן סיסטעמען, באַשאַפענע דורך מענטשן, אַ גאַנצער סדר פון מענטשלעכע זאַכן, אַ גאַנצע סיסטעם באַציאונגען, פּאָליטישע אָדערווירטשאַפטלעכע, צווישן די מענטשן שפּיגלט זיך אָפּט אָפּ מיט דער גרעסטער קלאָרקייט אין אַ גאַנץ פּיטשינקן פּאַקט, וואָס וואַרפט זיך אפילו נישט אַלע מאָל אין די אויגן.

אַ כאַראַקטעריסטישן פּאַקט פון דעם מין האָט מען געקאָנט געפינען אין נעכטיקן נומער „נ. פאָלקסצייטונג". מיר מיינען די מעשה מיטן סטאַראָסטע צוליב דער שריפה אין שטעטל ביכאַווע ביי לובלין. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן און פון דעם האָבן געליטן סיי יידן, סיי נישט יידן. איז אַ געמישטע דעלעגאַציע פון יידן און נישט־יידן אַוועק צום סטאַראָסטע בעטן הילף פאַר די נשרפים. איז דער סטאַראָסטע אַרויס מיטן באַקאַנטן לשון פון צוויי מאָסן: איין מאָס פאַר יידן און אַן אַנדער מאָס פאַר פּאָליאַקן. די יידן האָט ער געזאָגט: „איר יידן האָט גענוג אייערע אייגענע קאַפּיטאַלן", וואָס דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז די יידן וועלן פון דער מלוכה קיין הילף נישט באַקומען. צו די פּאָליאַקן האָט ער געזאָגט: „מיט אייך וועל איך באַזונדער רעדן", געבענדיק דערמיט צו פאַרשטיין, אַז זיי, די נישט־יידן, וועט די מלוכה העלפן.

דאָס איז איינער פון די וואָכעדיקע פּאַקטן, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס, וואָס מען רופט אָן „קורס", אַ פּאָליטישער, ווירטשאַפטלעכער, געזעלשאַפטלעכער. אַ סטאַראָסטע איז נישט אַבי־ווער, אַ סטאַראָסטע פאַרנעמט אַ גאַנץ אָנגעזעענעם אָרט אויפן ביוראָקראַטישן לייטער און קאָן, אַלס אַדמיניסטראַטאָר, אין אַ גאַנץ קענטיקן גראַד משפּיע זיין דעם וועטער. מען מוז דעריבער כאָטש אין די גרענעצן, וואָס זענען אין דער פּראַקטיק אָנגעצייכנט פאַר דער פּרעסע, זיך אָפּשטעלן, אויף וויפל מעגלעך, אויפן אויפטו פון סטאַראָסטע אין ביכאָווע.

עס קאָן זיין, אַז דער סטאַראָסטע, וואָס האָט אַ שליטה איבערן שטעטל ביכאַווע, שטייט אויפן שטאַנדפּונקט „פּוילן פאַר פּאָליאַקן" און מיינט דעריבער, אַז די פּוילישע מלוכה האָט נישט בנוגע די יידן די זעלביקע התחייבותן, ווי בנוגע די פּאָליאַקן. אַלס אַ פּשוטער בירגער קאָן ער זיך האַלטן ביי פאַרשידענע מיינונגען, אָבער אַלס סטאַראָסטע מוז ער שטרענג אָפּהיטן די עקזיסטירענדיקע קאָנסטיטוציע, און לויטן ערשטן עיקר־פּונקט פונם קאָנסטיטוציאָנעלן געזעץ איז

„די פוילישע מלוכה דאָס בשותפותדיקע גוטס פון אַלע בירגער״. די קאָנסטיטוציע מאַכט נישט קיין שום „דיסקרימינאַציע״, ווי די יוריסטן דריקן זיך אויס, ד. ה. קיין שום אונטערשיד צווישן יידן און נישט־יידן, און דער סטאַראָסטע האָט דעריבער קיין שום רעכט נישט צו באַהאַנדלען אין זיין אַדמיניסטראַטיווער פראַקטיק די יידן אַנדערש, ווי די נישט־יידן.

אַ מאַסן־שריפה ענלעך צו דער, וואָס האָט חרוב געמאַכט ביכאַווע, איז אַ געזעלשאַפטלעך אומגליק, וואָס פאָדערט די אַקטיווע אַריינמישונג מצד דער מלוכה, און אין פרט פון הילף זענען אַלע בירגער פאַר דער מלוכה־מאַכט גלייך, ווי דאָס דרינגט אַרויס פון דער קאָנסטיטוציע. די דאָזיקע גלייכהייט פאַרן געזעץ פאַרפליכטעט יעדן סטאַראָסטע, יעדן פאַרטרעטער פון דער מלוכה־מאַכט, אַזוי איז די פאָרמעלע זייט פון דער פראַגע.

די פראַקטיק פון צוויי מאָסן איז, ווי יעדער ווייסט, נישט קיין נאָווינע אין פוילן. זי העלפט שאַפן שטימונגען, וואָס שטויסן צו „עקצעסן״, איינצעלנע אָנפאַלן, פאַרשידענע עוולות קעגן יידן, וואָס ווערן באַגאַנגען נישט נאָר פון אָנגעהעצטע עלעמענטן פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך פון די, וואָס דאַרפן שטיין אויף דער וואַך פון געזעץ. והא ראיה: די רעגירונג גופא האָט געפונען פאַר נויטיק צו באַשטראָפן דעם בריסקער סטאַראָסטע און דעם שעף פון בריסקער זיכערהייט־אַמט פאַר פאַלש אינפאָרמירן דעם אינערן־מיניסטער וועגן די בריסקער געשעענישן און פאַר נישט אָננעמען מיטלען תיכף צו מאַכן אַ סוף צום פרווו פון פאָגראָם.

קיינער וועט נישט לייקענען, אַז די אַנטי־קאָנסטיטוציאָנעלע איינשטעלונג וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די צוויי ענטפערס פונם סטאַראָסטע פאַר די ביכאַווער דעלעגאַציע, מוז ווירקן אין אַ גאַנץ באַשטימטן זין, נישט נאָר אויף די מוחות פונם נישט־יידישן טייל פון דער באַפעלקערונג, נאָר אויך אויף די היטער פון אָרדענונג.

אין דעם זעלביקן דינסטאָגדיקן נומער „נ. פ.״ האָן מען געפינען אַ רייע פאַקטן, וואָס זענען געוויס נישט געשאַפן געוואָרן דירעקט דורך דער אַדמיניסטראַטיווער פראַקטיק, וואָס אַ ביישפּיל פון איר האָט געגעבן דער סטאַראָסטע אין ביכאַווע, אָבער די דאָזיקע און ענלעכע פאַקטן וואָלטן טיילוויַיז נישט מעגלעך געווען און טיילוויַיז נישט געקאָנט אָננעמען אַזעלכע שאַרפע פאָרמען ביי אַן אַנדערער אַדמיניסטראַטיווער פראַקטיק, אַן אַנדערער, ווי די, פאַר

וועלכער דער פרעמיער און אינערן־מיניסטער האָט באַשטראָפט, למשל, דעם בריסקער סטאַראָסטע.

פון דעם דינסטאָגדיקן נומער „נ.פ." דערוויסט מען זיך וועגן אַנטי־יידישע עקסצעסן אין ראַדאָמסק, קאָניעצפאָל, קלעשטשאָוו, פּזשעדבאָזש, וואָלאָמין. מען דערוויסט זיך, אַז אין וואַרשע, אויף אַ גרויסער גאַס, ווי אָגראָדאָווע, האָט אַ באַנדע כוליגאַנעס פון העלער הויט דעמאָלירט אַ יידישע דירה און צעשלאָגן די גאַנצע פאַמיליע, וואָס האָט דאָרט געוווינט. מען באַקומט צו וויסן, אַז אין קאַליש האָט אַ פּאָליציאַנט זיך געוווּנדערט, וואָס נישט־יידישע אַרבעטער האָבן זיך אָנגענומען פאַר אַ יידישן פורמאַן, וועלכן ער, דער פּאָליציאַנט, האָט געשלאָגן מיט זיין גומקע. מען לייענט אויך וועגן אַ פּאָליציי־פּשאָדאָווניק אין דאמאטשעווע, וואָס פאַרוועדט צו שיקן ברויט פאַר די פּאָגראָמירטע אין בריסק!

די אויסגערעכנטע פאַקטן, וואָס זענען אויפן ערשטן בליק צווישן זיך נישט פאַרבונדן, זענען אַלע מעגלעך געוואָרן נאָר אין אַ באַשטימטער אַטמאָספער, וואָס שאַפן איר העלפט די פּראַקטיק פון צוויי מאָסן, ווי זי איז אילוסט־רירט געוואָרן לעצטנס אין ביכאָווע. אויב דער פרעמיער און אינערן־מיניסטער האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויפצולייגן אַ שטראָף אויף אייניקע אַגענטן פון דער אָרטיקער מאַכט אין בריסק, האָט ער אויך אַ גאַנץ געגנוגענדיקן גרונט צו פאַראינטערעסירן זיך מיטן אויפטו פון סטאַראָסטע אין ביכאָווע.

וו. ק.

רבקה אַקערמאַן

## אייביק ווײנט אין מיר דאָס האַרץ

געשריבן אין באַהעלטעניש אין בונקער בעת דער מלחמה

איך האָב געמיינט, אַז יאָרן וועלן אַוועק,
וועל איך פאַרגעסן דעם טרויער און שרעק;
ס'וועלן פרישע ווינטן פון נייע צייטן
די אַלטע לײדן פאַרבייטן.

כ'האָב געמיינט, אַז יאָרן וועלן אַוועק,
וועלן זיי נעמען מיט זיך דעם ווייטאָג, דעם שווערן
און צו פּלאָג וועט נעמען אַן עק,
ס'וועלן ליכטיקע טעג צו מיר צוריקקערן.

כ'האָב נאָר געמיינט, אַז יאָרן וועלן אַוועק,
וועט מיט זיי אויך אַוועק דער פינצטערער גזר,
און ס'וועט אין דער צייט זיך אויסדעמפן מיין צער.

איך האָב נאָר געמיינט, איך האָב נאָר געגלייבט,
עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַזוי מוז עס זיין.
דאָס האַרץ פון פרייד באַרויבט,
וועט אויפלעבן און צעפליקן דעם געוועב פון פּיין.

אוי, שווער איז צו טראָגן אַ קינד שווערע קייטן.
נאָך שווערער איז צו טראָגן אַן אייביקע לייד,
וואָס טוט אַן דערבאַרעמונג דעם מענטשן באַגלייטן,
און עס ברענגט נישט קיין היילונג די פאַרגאַנגענע צייט.

רבקה אַקערמאַן

# בעכעווע מיין היים

(יזכור־שורות אויף מיין אומגעבראַכט שטעטל)

אָט זע איך דיך, מיין היים־שטעטל בעכעווע, ווען איך שרייב די דאָזיקע יזכור־שורות. דו שוועבסט פאַר מיינע פאַרטרערטע אויגן, אַזוי ווי דו ביזט געווען אַמאָל פאַרן חורבן, מיט דיינע גאַסן, געסלעך און הויפן, דיינע פרומע און וועלטלעכע יידן, דיינע שבתים, יום־טובים, און אינדערוואָכנס, דיינע שולן, בתי־מדרשים און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַלץ אין דיר וואָס האָט געאָטעמט מיט וואַרעמקייט, מיט ליידן, מיט געראַנגל און קדושה. אַלץ וואָס איז אויסגעמעקט געוואָרן פון דער רשעים־האַנט, וואָס איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן צוזאַמען מיט דיינע טייערע יידן, מיט פרויען, קינדער עופהלעך און זקנים — דאָס אַלץ טרעט נישט אָפּ פון מיינע אויגן און הערט נישט אויף צו האַלטן אין אומבאַשרייבלעכן ווייטיק־קלעם מיין נשמה.

די בענקשאַפט ברומט אין מיר ווי אַ ים, זיך אַנשלאָגנדיק אַלעמאָל אויף די ברעגן מיט אַ געברויז פון כוואַליעס.

איך זע אייך אַלעמען, פאַרשווונדענע הייליקע געשטאַלטן. איר אַלע, וואָס זענט פאַרגאַנגען אין די עינויים קשים פון די גאַז־קאַמערן און קאַלכאויוונס. אומפאַרגעסלעכע, טייערע געליבטע עלטערן און ברידער, שוועסטער, פריינט און באַקאַנטע. איר האָט איצט אויפגעוואַכט לעבעדיקע אין מיין זכרון און מיין טרויער און אבלות זענען אַזוי גרויס און טיף, אַז זיי פאַרשלונגען מיך אינגאַנצן אין אַן אומענדלעכער שוואַכקייט, פון וועלכער איך געפין נישט קיין אויסגאַנג צו לעבן אין פרייד, צו גענוס און געמיטלעכקייט. אייערע מאַרטירער־גופים פאַרשטעלן פאַר מיר דעם שיין פונעם טאָג.

איך קאָן זיך נישט אָפּשטעלן אויף די פרטים פון אייער לעבן און פאַרגיין. ס׳איז מיר שווער צו טראַכטן רואיק וועגן גאַנצן גאַנג פון די געשעענישן, וועגן

קנויל פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך פאַר אייך און פאַר מיר אויפגע־וויקלט. און דאָך מוז איך אויסקלאַגן אין מיין אומבאַהאָלפענער שפראַך דעם גרויל פון אייער אומקום. עס מאָנען ביי מיר אייערע פאַרשניטענע לעבנס. ווערטער פון אַ קינה, וואָס צעטרייסלט מיך אינגאַנצן ווי אַ שוואַרצער שטורעם. יאָמערנדיק ציען זיך אין מיר אייערע געשטאַלטן ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף דער לוויה פון אַ גאַנצער וועלט. אַ וועלט פון הייליקער שלוה און פרומקייט.

פינף הונדערט יידישע משפחות אין קליינעם שטעטעלע. געוועלבלעך, קלייטן, האַנטווערקער, אָרעמקייט און דחקות. דאָ און דאָרט אַ פאַרמעגלעכער אַ תבואה־סוחר, אָדער אַן אונטערנעמער, דודל הימלעבלום, למשל. דער דאָזיקער רייכער ייד, וואָס האָט פונקט פאַר דער מלחמה געלאָזט אויפשטעלן אַ פּרעכטיקן בנין פון אַ מקוה אויף זיין קאָסטן (30 טויזנט זלאָטעס), אָט דער בנין, וואָס איז געוואָרן אַ שם דבר אין דער גאַנצער געגנט מיט זיין רחבות און לוקסוס, די שפּיגלען, די ריינקייט און ציכטיקייט, די מאָדערנע איינריכטונגען. ווי גרויס איז דער ווייטיק וואָס די יידן האָבן קנאַפּ וואָס געגאָסן פון אָט דער מקוה. דער דייטש האָט עס גלייך רעקווירירט פאַר זיך און פאַר יידן פאַרבאָטן דעם אַריינגאַנג.

אין אָט דעם קליינעם יידישן ישוב, 28 קילאָמעטער פון לובלין, האָט עס געשוויבלט און געגריבלט פון תורה און לערנען, פון בילדונג און געזעלשאַפטלעך לעבן, פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און פאַרטייען. ציוניסטן פון אַלע ריכטונגען: אַלגעמיינע, „פועלי־ציון", „מזרחי" און פון די נישט־ציוניסטישע פאַרטייען: דער „בונד", און ביי די רעליגיעזע — די „אגודה", וואָס האָט געהאַט אַ וויכטיקע שולע „בית יעקב" אונטער דער אָנפירערשאַפט פון משה פינקלשטיין און זיין פרוי און קינדער. עס האָבן זיך אַ סך פאַרנומען מיט דער אַרבעט אַרום דער שול, מרדכי רייס, שטולמאַן און אַנדערע.

געווען אַ יידישער פאָלקס־באַנק, וואָס איר הויפּט עסקן איז געווען ישראל זיטמאַן, אַ פלאַמיקער ציוניסט און אַ גייסטרייכער רעפערענט.

בכלל האָט זיך דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע לעבן קאָנצענטרירט אין „בית־עם". דאָס שטעטעלע איז געווען ציוניסטיש און אין איר גרעסטן טייל פרום און טראַדיציאָנאַל. דאָס לעבן איז געפלאָסן מיט זיינע נויטן, געראַנגלען און שטילע פריידן. יעדער יידישער יחיד, אַ גאַנצע וועלט פון פאַסירונגען, געמיט־צושטאַנדן, בענקשאַפטן, ליבע און צער. אַלע צוזאַמען — דאָס שטעטעלע בעכעווע, מיין טייערע און הייליקע היים. דאָרט ווו מיינע ליבע עלטערן האָבן געלעבט און פון זייער קדושה אויסגעטיילט מיין לעבן, וואָס זיי האָבן באַוואַכט און באַשירמט

און עס אויסגעפילט מיט ליבע און צאַרטקייט. און נישט נאָר מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, — יעדער איינער האָט דאָך עלטערן און משפחה געהאַט. יעדנס לעבן איז געווען פאַרוואָרצלט אין היים־באָדן, און דאָס אַלץ איז מיטן וואָרצל אויסגעריסן געוואָרן, אָפּגעמעקט, פאַרטיליקט אין אַש, אין שטויב, אין פלאַם, אין מגיפה פאַרגאַנגען...

די מלחמה איז אויסגעבראָכן. דער דייטש איז געקומען. בעת דער דייטש האָט פאַרנומען בעכעווע (אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט פאַרנומען לובלין), האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע. מען האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז די רוסן האָבן געהאַלטן דאָס שטעטל דריי טעג, און פאַרן אָפּטרעטן האָבן זיי גערופן די יידן אַז זיי זאָלן מיט זיי מיטגיין, ווייל דער דייטש וועט זיי אָנטאָן גרויסע צרות. אַ טייל יידן זענען טאַקע מיטגעגאַנגען, מיט די רוסן. אויך מיין פאָטער און מיין גאַנצע משפחה האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן בעכעווע, אָבער די געטריישאַפט פון מיין פאָטער און זיין זאָרג פאַר מיין גורל האָט אים געשטערט אויסצופירן דעם דאָזיקן פּלאַן. איך בין דעמאָלט פאַרוווּנדעט געוואָרן אין וואַרשע פון די אַרטילעריע באָמבאַרדירונגען, און מיין פאָטער האָט דערנאָך איינגעלייגט וועלטן און אָן אַ דערלויבעניש פון די דייטשן זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע און מיך גענומען קיין בעכעווע אַהיים.

אַהיים? עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אויפן גאַנצן שטעטל האָט שוין געהויערט אימה און פּיין, דער דייטש האָט שוין זיינע מעשי תעתועים, זיינע עקסצעסן געהאַט אָנגעהויבן. דאָס רייסן בערד, דאָס שמייסן מיט דער נאַהייקע, דאָס שלאָגן, קאָפּען מיט די פיס, מכות רצח. די יידן, די אָרעמע יידן, זענען געווען דערשראָ־קענע און טעראָריזירטע אונטער די ווילדע אָנפאַלן פון די דייטשע זשאַנדאַרמען. הפקר איז געווען יעדנס לעבן. צעטראָטן דער כבוד. מיט זיינע רציחות און ברוטאַלקייט האָט זיך „אויסגעצייכנט" דער פאָלקס־דויטש טאָמקאָ. ער פלעגט זיך אַרויסלאָזן אויף אַ „זאַבאַווע", ווי ער פלעגט עס אָנרופן, וואָס איז באַשטאַנען פון איזדיעקעווען זיך אויף יידן, פון שלאָגן און האַקן און אויסהרגענען יידן. ער האָט אין איינער אַזאַ „זאַבאַווע" דערהרגעט מיט זיין שווערד דעם בעכעווער תושב יידל גראַבלער, חיים זיידלער מיט דער טאָכטער, איינשטיין מיטן זון, און נאָך פיל אַנדערע. ער פלעגט זאָגן, אַז די גרעסטע זאַבאַווע פאַר אים איז צו הרגענען יידן. געווען אַ דייטשער בירגערמייסטער (אַ פאָלקס־דויטש) וואָס האָט אָנגעטאָן געבערענטע צרות די יידן. אַרויפלייגנדיק אַלע מאָל גרויסע שטייערן אויף

דער יידישער באַפעלקערונג, אָרגאַניזירנדיק אַרגיעס אויף יונגע יידישע מיידלעך, וואָס איינער אַ ייד האָט אים געמוזט צושטעלן. דער סוף איז געווען, אַז דער ייד איז דערשאָסן געוואָרן און דער בירגערמייסטער אָפגעשאָפן, ווייל זיי האָבן אויך ביידע געזינדיקט צו דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די ערשטע וואָכן פון דער היטלער־אָקופּאַציע אין בעכעווע אין שרעק, אין רויב און גזילה און רציחה, אין שאַנד און שפּאָט, און צוואַנגס־אַרבעט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג צו וואָכן און חדשים ביז צום געטאָ, און ביז צו די מאַסן דערשיסונג, איין גזירה שווידערלכער פאַר דער אַנדערער.

עס איז געקומען די גזירה פון די פּיטערס. יידן האָבן געדאַרפט אָפּגעבן אַלע זייערע פּיטערוואַרג און פעלצן דער דייטשער מאַכט. ביי דער גזירה איז דערשאָסן געוואָרן דער ציוניסטישער עסקן, דער געבילדעטער סאַמועל ניסנבוים, וואָס האָט גאַראַנטירט, אַז די יידן האָבן אָפּגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין פּיטערוואַרג. און ווען מען האָט ביי איינעם אַ ייד געפונען אַ פעלצל, האָט דער איידעלער ניסנבוים דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן. און נאָך און נאָך שווידערס אָן אַ סוף. ווער קען זיי אַלע געדענקען? ווער קען זיי אויסרעכענען און טרוירן אויף די קרבנות, ווען דערנאָך איז געקומען דער שוואַרצער טאָג, וואָס האָט אַלץ אויסגעמעקט און פאַרטרונקען אין שוואַרצקייט דער גאַנצער עדה פון בעכעווער יידן.

געווען איז עס אין יאָר 1942, אין די לעצטע טעג פון סוכות, אין שמחת־תורה. וואָס פאַר אַ טרויעריקער סימבאָל! שמחת־תורה, דער טאָג פון פרייד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם שרעקלעכן תשעה־באב פאַר די בעכעווער יידן.

עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן בעכווע און זיך צונויפזאַמלען אין בעלזשיץ (לובלינער פּאָוויאַט). דער ייד, וואָס וועט זיך געפינען נאָכן אָנגעוויזענעם טערמין (2 טעג) אין בעכעווע וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער מיינע — אומשולדיקע בעכעווער יידן, פרויען, קינדער, זקנים! איר האָט שוין נישט געהאַט קיין ווערטער פון קלאָג, קיין געוויין, קיין זיפץ אין דעם אוצר פון אייערע פאַרטרויערטע נשמות, ווי די שטומע שאָף מיט האַק און פּאַק האָט איר זיך געלאָזט אין וועג צום לעצטן אָרט פון אייער אומקום. ווי וויינט און ליידט אין מיר מיין נשמה! ווי קען איך עס פאַרגעסן?!

אין בעלזשעץ האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע יידן פון בעכעווע און געזוכט

עפּעס אַ רעטונג, אַ באַהאַלטעניש. די בעלזשיצער יידן האָבן זיך אַליין אויסבאַהאַלטן אין בונקערס, אין קעלערס, ווי איינער האָט געקאָנט, ווייל מען האָט שוין געהערט, אַז עס דאַרף עפּעס פּאַרקומען. אַ טויט־אימה האָט אין שטעטל געהערשט. דער טאָג פון „אַקציע״ האָט זיך אָנגעהויבן, דער שוואַרצער בלוטיקער טאָג.

אונדזער משפחה האָט זיך געבעטן ביי איינעם פון די שטעטלדיקע יידן, וואָס ער אַליין איז געווען באַהאַלטן אין אַ בונקער, אַז ער זאָל אונדז דערלויבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון זיין שטוב. ס'איז אונדז שווער אָנגעקומען צו פּוילן ביי דעם יידן ער זאָל אונדז געבן די דאָזיקע דערלויבעניש. צום סוף האָט ער איינגעוויליקט אונדז און נאָך עטלעכע יידן צו פאַרשליסן זיך אויפן בוידעם.

מיט אונדז איז געווען גוטשע זאַנשיין מיטן חתן. דאָס איז אסתרל זאַנשיינס אַ טאָכטער פון בעכעווע. די באַהעלטעניש איז נישט געווען קיין זיכערע, אָבער מיר האָבן געזאָגט, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט, „אולי ירחם״. און מיר זענען געבליבן אין בוידעם פאַרמאַכט.

און דער שוואַרצער פרימאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן. איינגעטוליעטע אין אימה האָבן מיר געהערט די יאָמערייען, די שיסערייען, דאָס פייפן פון די קוילן, וואָס האָבן געצושעט ווי געפּיקטע שלאַנגען, די געשרייען פון די אוקראַאינישע מערדער, די פּישטשענדיקע געוויינען פון פרויען. אונטן איז געפלאָסן בלוט פון יידן אינמיטן פון די צעהעשעטע רוצחים.

מיר האָבן געוואָלט די אויערן זיך פאַרשטאָפּן — דאָס געשריי האָט דורכגעבויערט אַלץ און איז צו אונדז דערגאַנגען. מען האָט געקלאַפּט אויף אונדזערע טרעפּ פונעם בוידעם, צוגעקומען צו דער טיר און אַוועקגעגאַנגען.

די דייטשן האָבן אונדז נישט געפונען. די שחיטה האָט זיך געצויגן פון אין דערפרי, דריי פאַרטאָג, ביז דריי נאָך מיטאָג. די יאָמערייען זענען ביסלעכווייז פאַרשטומט געוואָרן. אַ שווער טויט־שטילקייט האָט זיך געלייגט ווי בליי.

פּלוצים מיר הערן קלאַפּן. באַשטיוולטע פיס. זיי גייען, זיי קומען צו אונדז. דאָס זענען געווען פאָליאַקן. פּוילישע רויב־פייגל, די וואָס גייען נאָך יעדע „אַקציע״ ווי די קראָען, ווי די היענעס צו ראַבעווען יידיש פאַרמעגן. יידיש האָב און גוטס. זיי האָבן אויפגעריסן די טיר פונעם בוידעם און האָבן אונדז געפונען. אויסשרייענדיק פון צאָרן און שנאה. וויפיל מיר האָבן זיך נישט ביי זיי געבעטן, ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, אונדזערע טרערן זענען געפאַלן אויף די טומאה־הערצער, וואָס זענען געווען האַרטער ווי שטיין. מיין פאָטער האָט

זיי געוואָלט אַוועקגעבן גאָלד און געלט, האָבן זיי געזאָגט, אַז עס וועט סיי ווי בלייבן אַלץ ביי זיי, און זיי האָבן אונדז שנעל פאַרשלאָסן און געבראַכט צו אונדז די דייטשע זשאַנדאַרמען און די אוקראַינער מערדער, וואָס זענען געקומען ווי די פאַרבלוטיקטע הינט אויף די שפורן פון קרבן...

ווי קען איך איצט איבערגעבן וואָס עס האָט זיך דערנאָך געטאָן? ווי נעם איך די כוחות דערצו? די שפּאָטן, די זידלערייען, די פּייניקונגען, דער קאַשמאַר, וואָס איז געהאַנגען איבערן שטעטל בעת מען האָט אונדז אַראָפּגעפירט פונעם בוידעם און אונדז געטריבן צום טויטן־פּלאַץ. דער טויטן־פּלאַץ איז געווען ביי דער שול. מיר האָבן זיך ממש געבאָדן אין בלוט און געגאַנגען איבער הרוגים.

ביי אַ פּופציק מאַן זענען מיר געווען: די עטלעכע פון אונדזער בוידעם און די איבעריקע, וואָס מען האָט געפונען אין אַנדערע לעכער און באַהעל־טענישן. און די פּראָצעסיע צום טויט האָט אָנגעהויבן. ביים שול־פּלאַץ האָט מען אונדז אַלע אויסגעשטעלט אין רייען און גענומען אונדז מושטירן. זיי האָבן געזאָגט, ווייל מיר האָבן זיך באַהאַלטן און נישט צוגעשטעלט גלייך, וועט מען אונדז פאַרן טויט פּייניקן. זיי האָבן געהייסן אונדז מאַכן גימנאַסטיק, לויפן, פאַלן, אויפשטיין. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די באַזוכונגען פון אונדזערע מלבושים, דאָס צורויבן אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. אונדז אַראָפּגענומען די זייגערלעך פון די הענט, אונדז אַראָפּגענומען די אוירינגלעך פון די אויערן. מען האָט געמוזט זיי אָפּגעבן ביזן לעצטן גראָשן, און שפּעטער האָט מען יעדן איינעם אַרויסגעשלעפּט פון דער ריי און אַריינגעשלעפּט אין אַ באַזונדערן קאַמער און געשמיסן מיט אַ נאַהייקע אויפן נאַקעטן לייב. די געוואַלדן וואָס האָבן זיך געטראָגן פון קאַמער האָבן געשפּאָלטן די הימלען. ווען מען האָט אַרויסגעפירט מיין שוועסטער און מען האָט זי געפּייניקט, און מיין מאַמע האָט געהערט די געוואַלדן פון איר קינד, האָט מיין הייליקע מאַמע זיך אויסגעריסן בינטן פון אירע האָר. אַז איך האָב דאָס געזען — ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט צום פּייניקן, האָב איך באַשלאָסן אַז וויפל איך זאָל נישט ליידן, וועל איך נישט אַרויסברענגען קיין געשריי, כדי נישט ווי צו טאָן מיין מאַמען. האָט עס די מערדער פאַרדראָסן פאַרוואָס איך בין אַזוי פיל איינהאַלטיפּטיק און שריי נישט, האָבן זיי געזאָגט, ווייל איך שריי נישט וועט מען מיר מער פּייניקן פון אַלע, און זיי האָבן נאָך צוגעזאָגט, אַז איך וועל שוין נישט שרייען, נאָר זינגען און שפּרונגען פון ווייטיק. און אייזערנע ריטן זענען דורך מיין לייב, וועלכעס איז דערנאָך געווען אינגאַנצן שוואַרץ־בלוי מיט ווונדן און בלוט. און ווען מען האָט

מיין מאַמען דער הייליקער, אַריינגעפירט צום פייניקן, האָט זיך נאָר וואָס די נשמה אין איר געהאַלטן און נאָך די פייניקונגען האָבן זיי איר דערשאָסן. און זיי האָבן נאָך פיל פיל מענטשן אויסגעשאָסן אין די רייען ביי דער שול. דערנאָך האָבן זיי ווידער געהייסן אויסשטעלן די מענטשן, אַלץ אויפן שול־פּלאַץ, אָפּגע־קליבן די שטאַרקערע און אָפּגעשיקט זיי אין אַ טראַנספּאָרט קיין מאַידאַנעק, ווו זיי זענען אין צוויי וואָכן אַרום אומגעבראַכט געוואָרן. צווישן זיי איז געווען מיין פאָטער. די מערדער האָבן זיך געגרייט צו דערשיסן די איבעריקע אויפן אָרט, אָבער עס האָט זיי פאַרפעלט קוילן, און אַזוי אַרום זענען עטלעכע פון אונדז פאַרשוינט געוואָרן פון טויט.

די איבערגעבליבענע האָבן זיי געהייסן גיין קיין פּיוסק צום דאָרטיקן געטאָ, ווו אין צוויי וואָכן אַרום איז פאָרגעקומען די זעלביקע שחיטה.

אַזוי איז אומגעקומען מיין טייער היים־שטעטעלע בעכעווע.

איך בין פון די געציילטע געבליבענע שטענדיק אין מיין אבלות צו געדענקען דעם אומקום פון מיינע הייליקע שוועסטער און ברידער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זייער לעצטן וועג, אָ קיינמאָל נישט!

די שורות האָב איך געשריבן מיט ווייטאָק — בלוט און טרערן. זיי דאַרפן פאַראייביקט ווערן.



ליד בית־העלמין בלי יהודים        ביים בית־עולם אָן יידן

**משה ברון**

# יאָרן פון פיין און אומקום *

## 1939—1937

שוין אין די דריי יאָר 1939—1937 האָבן די יידן אין בעכעווע אָנגעהויבן פילן דעם אַנטיסימעטיזם מער ווי פריער. מען האָט נישט געטאָרט גיין אויף דער ניווע נאָר ביז צו קיילה לעווענבוים׳ס הויז, נישט ווייטער, ווייל מען האָט געוואָרפן שטיינער און מען האָט געשלאָגן, פשוט געשלאָגן. עס זענען אויך געווען אַרויסגעשריבן פערשידענע אויפרופן אין פויליש „קויף נישט ביי יידן!” דאָס האָט זיך געצויגן ביז דער מלחמה, ביז די דייטשן זענען אַריין. די גאַנצע צייט האָבן די יידן געלעבט אין אַ מורא: מען האָט מורא געהאַט צו גיין אויף די דערפער, מען האָט מורא געהאַט צו קויפן בהמות, פערד, צוליב די איבערפאַלן פון די פאַשיסטן, די ענדעקעס.

ביז 1939 זענען אין בעכעווע געווען אַ ערך פון 3000 נפשות. עס האָט זיך געפירט אַ גאַנץ שיינע קהילה, אַ שיין יידיש שטעטל מיט אַ סך קולטורעלע אינסטיטוציעס, אונטערנעמונגען. ווען פוילן האָט אָנגעהויבן צוגרייטן זיך צו דער מלחמה, האָט מען צום אַללעם ערשטן געפאָדערט פון די יידן, פון די רייכע יידן, זיי זאָלן געבן פאַר שוץ־לופט. יעדער ייד האָט געמוזט קויפן אַ באָנד, אַ רעגירונגס אָנלייע, פון 50 זלאָטעס. אָפיציעל האָט עס געהייסן אַז מען

---

* דעם 29 נובעמבער 1965 זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע חברים פון „ועד ארגון יוצאי ביחאווה”: מעה ברקאי, משה רידער, יעקב קליימאַן, משה ארליך פון קיבוץ כפר מאַסאַריק, אין דער דירה פון קליימאַן, רחוב השופטים 37 אין תל־אביב, אויפצונעמען די זכרונות פון אונדזער שטאָט־מאַן משה ברון, איינער פון די וויניג־געבליבענע בעכעווער יידן, וואָס האָט מיטגעמאַכט דעם גאַנצן נאַצישן גיהינום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער געפינט זיך איצט אין ישראל פון אַמעריקע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַריבערברענגען פון זיין מוטערסביינער צו אייביגער רו אין ישראל.

קויפט פרייוויליג, אָבער למעשה האָט מען געצווונגען צו קויפן לטובת „אַכראַני פשעז לאָטניטשע" — שוין דורך לופט.

די לעצטע 2—3 חדשים פאַר דער מלחמה האָבן אָנגעהויבן אַ סך יידן צו לויפן פון זייערע ערטער. עס זענען געלאָפן יידן פון לאָדז, פון דער סביבה, און די אַלע זענען דורך בעכעווע געגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט, און געלאָפן ווייטער צום בוג. עס זענען געלאָפן אויך פּאָליאַקן און אַפילו דייטשן, וואָס זענען געווען שפּיאָנען. די דייטשן האָבן פאַרסמ׳ט די וואַסערן און עס איז געוואָרן אַ עפּידעמיע פון דיזענטעריע, אָדער טשאַרוואָנקע ווי מען האָט עס גערופן, און אַ סך יידן זענען געשטאָרבן פון דער קרענק. עס זענען נישט געווען קיין הייל מיטלען, ווייל מען האָט נישט געקאָנט פאָרן קיין לובלין. די בריקן קיין לובלין זענען שוין געווען אויפגעריסן.

## 1941—1940

שוין זומער 1940 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן איבערזידלען יידן פון לאָדזש, קרוקע, און פון די שטעטלעך אַרום קאָנגרעס פּוילן, אויף מזרח. בעכעווע האָט אויך באַקומען זייער אַ גרויסן צאָל פּליטים. די לאַגע פון די פּליטים איז געווען זייער שלעכט און מען האָט זיי געדאַרפט אויסהאַלטן. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס איז נישט געווען לייכט פאַר אַזאַ קליין שטעטל ווי בעכעווע, אָבער מען האָט אַלעס געטאָן וואָס מען האָט געקאָנט. קודם כל האָט מען זיי קוואַרטירט צווישן די משפחות און מען האָט געשאַפן אַ קעך. די קעך איז איינגעאָרדענט געוואָרן ביי דעם בעכעווער רבי׳ן ז״ל. דאָרט האָבן זיך פרויען מטפל געווען יעדן טאָג, געקאָכט פאַר די פּליטים צו ערלייכטערן זייער טרויעריגן שיקזאַל.

ווען די דייטשן זענען אַריין, דאָס איז געווען אַ פרייטאָג, האָט אַ אָפיציר אַ דייטש זיך אָפּגעשטעלט לעבן בעריש וועלטמאַן אויף די טרעפּ, צונויפגענומען אַ סך מענטשן, יידן, און אַזוי געזאָגט צו זיי: „היטלער אַרויף, יידן אַרונטער. איר אַלע וועט פאַרשווונדן ווערן פון פּוילן און אויך פון אייראָפּע". מען האָט גלייך געכאַפּט אַ סך יידן אויף אַרבעט, אויסריייניקן דעם וועג וואָס האָט געפירט נאָך קאָזאַראָוו דורך זשאַבעווילער וואַלד. דאָרט איז געווען זייער גרויסע בלאָטעס. האָט מען געכאַפּט יידן, געשלאָגן און געהרגעט און געצווונגען אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך, און אויך שבת.

אַזוי ווי די פּוילישע פּאָליציי איז זיך צולאָפן און עס איז נישט געווען קיין מאַכט נאָך דעם ווי די דייטשן זענען אַוועק ווייטער ביז צום בוג, איז בעכעווע

געבליבן אָן שוך, אָן מאַכט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע אָנפאַלן פון אַרום־און־אַרום, פּאַליאַקן, סתם גויים — מען האָט געראַבעוועט. האָט מען זיך צונויפגערעדט מיט דער „אונטערוועלט״ און אָרגאַניזירט אַ בירגער שוץ, וועלכע איז באַשטאַנען מיינסטנס פון גויים, אונטערוועלטניקעס, און אויך בערל הינדעס, לייבעלע פריזירער, פעליקס סוכאַצקי, עדעק מוראַוויצקי, און נאָך אַזעלכע פאַרשוינען. די בירגער שוץ האָט עקזיסטירט בערך אַ צוויי וואָכן — דאַן זענען אַריין די רוסן. דאָס איז געווען צווישן יום כיפור און סוכות. די רוסן זענען געווען נאָר אַ פּאָר טעג. עטלעכע יידישע קאָמוניסטן האָבן אָנגעטאָן רויטע לענטעס און זענען אַרומגעפאָרן מיט די רוסן. ד״ר קאָנעצקי איז אויך געווען צווישן זיי. זיי זענען צום ערשטן צוגעפאָרן צו בודנערן און מען האָט געפאָדערט פון אים אַז ער זאָל געבן בהמות פאַר דעם רוסישן מיליטער. בונדער האָט זיך אַביסל אָפּגעהאַלטן, האָט מען אים גלייך צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צום בויך, דאַן האָט ער געזאָגט: „נעמט וואָס איר ווילט און לאָזט מיר לעבן״.

די רוסן זענען געבליבן אין בעכעווע נאָר 4 אָדער 5 טעג. זיי האָבן געזאָגט צו די יידן, אַז ווער עס וויל מיטפאָרן מיט זיי קען מיט זיי פאָרן קיין רוסלאַנד. אַ סך זענען מיטגעפאָרן, אָבער עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געקאָנט זיך דעצידירן; האָבן די רוסן איבערגעלאָזט אַזאַ ערקלערונג, אַז ווער עס וועט וועלן קאָן קומען ביז קשונעוו, ווי זיי וועלן נאָך שטיין צוויי טעג, און פון דאָרט מיטפאָרן מיט זיי.

נאָכדעם ווי די רוסן זענען אַוועק איז דאָס שטעטל ווידער געבליבן אָן שוץ. האָט מען זיך ווידער געוואָנדן צו דער „אונטערוועלט״ און די „אונטערוועלט״ האָט איבערגענומען דאָס שטעטל אין זייערע הענט. דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווייל די דייטשן זענען צוריקגעקומען. זיי האָבן אַריינגעשיקט אַ פאָלקס־דויטש מיטן נאָמען קעלבינסקי פון פּוזנאַן. איידער מיר האָבן געוווּסט ווי ער הייסט האָבן מיר אים גערופן „זבורקעלע״. ער האָט אָרגאַניזירט די פּאָליציי פון די געוועזענע פּוילישע פּאָליציאַנטן, און עס איז געוואָרן רואיקער אין אונדזער סביבה.

אָנפאַנג 1940 האָט מען אַראָפּגעשיקט קיין בעכעווע אַ בירגערמייסטער אַ דייטש און ער האָט איבערגענומען די גאַנצע פירערשאַפט אין שטעטל. ער האָט געהייסן אוגוסט שווייערקא, געווען אַ פאָלקס־דויטש אַ „זשאַנצע״ אין טשעש־קאָוויטש פאַר דער מלחמה. ער האָט גלייך אַרויסגעגעבן פאַרשידענע גזירות, אַזוי ווי אין גאַנץ פּוילן, און מיר האָבן אָנגעהויבן טראָגן לענטעס, ווייסע פּאַסן,

לענטעס מיט מגן־דוד. ווער עס האָט נישט געטראָגן זיי האָט געקאָנט ווערן גלייך דערשאָסן אָדער אַרעסטירט. כדי ער זאָל האָבן צו וועמען צו רעדן און פון וועמען צופאָדערן, האָט ער געשאַפן אַ פאַרשטייערשאַפט פון בעכעווער יידן — אַ יודן־ראַט. די אויפגאַבע פון דעם יודן־ראַט איז געווען צו זיין אין קאָנטאַקט מיט דעם בירגערמייסטער. די ערשטע זאַך וואָס דער יודן־ראַט האָט איינגעפירט איז געווען אַ ראַציאָנאַליזירונג אין פאַרטיילן עסן. מען האָט נישט געקראָגן קיין עסן, ווי ברויט און אַנדערע שפייזן, נאָר אויף קאַרטן. נאָר אַזוי ווי אַרום דאָס שטעטל זענען געווען דערפער, איז ביי אונדז געווען גרינגער מיט עסן ווי אין גרויסע שטעט. דערווירטשאַפטלעכער צושטאַנד פון די יידן אין בעכעווע איז געווען לייכטער.

אין יענע טעג פון 1940 פלעגן קומען באַפעלן פון דער זשאַנדאַרמעריע צושטעלן פאַרשידענע פּראָדוקטן צו אַ באַשטימטער צייט. אַ גרויסע פּראָבלעמע האָבן אָבער געשאַפן די פּראָדוקטן וואָס מען האָט נישט געקאָנט באַקומען, צום ביישפּיל קאַפע. אַלע אַנדערע זאַכן האָט מען זיי צוגעשטעלט, ווי קליידער, וועש א. א. וו. אָבער קאַפע — ווו נעמט מען קאַפע? דער פאַרמיטלער איז געווען יצחק בוכשטיין; ער האָט דאָס געדאַרפט צושטעלן. אַזוי ווי ער האָט נישט באַקומען קיין קאַפע, האָט ער זיך באַהאַלטן און נישט צוגעשטעלט זיך. אַלס שטראָף האָט מען אַרעסטירט זיין פאָטער מיט זיין ברודער אברהם׳טשיק. נאָכ־דעם ווי מען האָט זיי אַרעסטירט איז יצחק אַרויס פון באַהעלטעניש כדי צו באַפרייען דעם פאָטער מיט דעם ברודער. מיט גרויס מי איז אים געלונגען צו באַפרייען בלויז זיין פאָטער. אינדערפרי זענען מיר געוווירער געוואָרן די שרעק־לעכע ידיעה, אַז מען האָט געכאַפּט זיבן יידן און מען האָט זיי געשאָסן. דאָס איז געווען דער פרייז פאַר דעם באַפרייען יצחק׳ס ברודער אברהם׳טשיק. עס איז אויך געווען צווישן זיי אַ פולקעלע רימעזש מיט אַ ברודער, שיעלע זיידלעס פרוי מיט אַ טאָכטער, בוזשע לוזער מיט אַ זון, אידל גראבלער.

די פּאַניק איז געוואָרן גרויס, די לאַגע איז געוואָרן פיינלעך אונטערדריקנד. איין טאָג איז אַריינגעקומען די זשאַנדאַרמעריע פון מענדאוויץ מיט דעם באַרימטן מערדער טאָמקין, אַ פאָלקס־דויטש, און ווי זיי זענען אַריין אין שטעטל, איז ער אַראָפּ פון אָטאָ און אָנגעהויבן שיסן גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער האָט אַזוי דערהאַרגעט 13 מענטשן.

עס איז אויך געווען אַ פאַל, ווען שיעלע גרייס זון האָט אָנגעכאַפּט די

קאָלבע פון אַ מיליטער־מאַן וואָס האָט געוואָלט אויף אים שיסן, און ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַנטלאָפן. ער איז נאָר געראַנירט געוואָרן אין דער האַנט.

אין 1941 פלעגן די געסטאַפּאָ־לייט פון אונטער לובלין קומען און פאָדערן קאָנטריבוציע, 200—300 טויזנט זלאָטעס, אויך לעדער אויף מאַנטלען. אויב מען האָט זיי נישט צוגעשטעלט, זענען זיי אַרויס אין די גאַסן און געשלאָגן ווען זיי האָבן געטראָפן, אַריין אויך אין יודן־ראָט און געשלאָגן, און איבערגעלאָזט אַ רשימה וואָס מען זאָל זיי צושטעלן אין אַ וואָך צייט ווען זיי וועלן צוריק־קומען.

אַזוי האָט זיך געצויגן די סיטואַציע ביז בעכעווע איז אונטערגעפאַלן אונטער די זשאַנדאַרמעריע וואָס האָט זיך געפונען אין מענדראָוויץ, 16 קילאָמעטער פון אונדז. יעדע וואָך פלעגן זיי קומען און פאָדערן פאַרשידענע זאַכן און איבערלאָזן פאַרשידענע אינסטרוקציעס. עס זענען געווען יידן וועלכע האָבן זיך באַפריינדעט מיט די זשאַנדאַרמען און געאַרבעט מיט זיי צוזאַמען. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, ווייל די מענטשן זענען שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן און אַוועק־געשיקט געוואָרן. עס זענען אויך געווען מענטשן וואָס האָבן געזוכט וועגן אָפּצוהאַלטן די זשאַנדאַרמעריע אַז זיי זאָלן נישט קומען אַזוי אָפט קיין בעכעווע מיט פאָדערונגען און שלאָגן און הרגענען יידן. זענען מענטשן געפאָרן קיין לובלין און דאָרט זיך משתדל געווען ביי אַרטיקע כלל־טוערס, אויך דורך בעכעווער יידן וואָס האָבן געוווינט אין לובלין, אויסווירקן ביי דער געסטאַפּאָ אַז די זשאַנדאַרמען זאָלן נישט דושען אַזוי שטאַרק דאָס שטעטל.

מערץ 1941 האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן פאַרשידענע אויפפאָדערונגען, אויך פאַר קריסטן, וועגן צושטעלן באַשטימטע קאָנטיגענטן פון תבואות און בהמות. האָט זיך געמאַכט אַ צייט ווען די פּאָליאַקן האָבן נישט צוגעשטעלט דעם קאָנטיגענט, זענען געקומען די געסטאַפּאָ־לייט און אַוועקגעפירט מיט זיך אַלס זאַקלאַדניקעס דעם בעכעווער רבין, דעם גלח, און דעם פּוילישן דאָקטאָר. זיי זענען געזעסן בערך צוויי וואָכן * ביז מען האָט זיי פריי געלאָזט. שפּעטער האָט זיך דער בעכעווער רבי ז״ל אויסגעדריקט, אַז ער וויל נישט דערלעבן די צייט ווען אַמעריקע וועט ערקלערן קריג דייטשלאַנד. ער האָט זוכה געווען

* לאה כוחובולסקי זאָגט אַז דער רבי איז געזעסן 6 וואָכן.

אַז זיין ווונטש זאָל ערפילט ווערן, ער איז נפטר געוואָרן איידער אַמעריקע איז אַריין אין קריג...

עס איז געווען זומער ווען מען האָט געמאַכט אַ גרויסע אַבלאַווע, אַרומגע־רינגלט דאָס שטעטל מיט זשאַנדאַרמען, און געהייסן אַלע יידן אַרויס אויפן מאַרק און זיך אויסשטעלן 6 אין אַ שורה. דאַן האָט מען געגומען אַ סך מענער, און אַוועקגעפירט קיין בעלזשיץ, לעבן בוג, אויף אַרבעט. כמעט אַ האַלב שטעטל האָט מען אַרויסגעפירט. דאָרט האָבן זיי געאַרבעט גרובנדיק שוץ־גריבער קעגן טאַנקן. ביסלעכווייז זענען די מענטשן צוריקגעקומען נאָכדעם ווי מען האָט זיך וועגן זיי משתדל געווען.

צווישן אַנדערע געזעצן קעגן יידן איז אויך געווען אַ געזעץ אַז אַ ייד טאָר זיך נישט היילן ביי איין קריסטלעכן דאָקטאָר, און איין יידישער דאָקטאָר טאָר נישט היילן קיין קריסטן. יעדער געזעץ האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף. אונדזער פעלדשער שמואל ביבערקלייד, וועלכער האָט נישט געטאָרט היילן אַ קריסטן לויט דעם געזעץ, האָט איינמאָל אויפגענומען אַ קריסטן וואָס איז געקומען צו אים. האָט אים געמסרט דער קריסטלעכער דאָקטאָר הענצעל; זענען געקומען צוויי זשאַנדאַרמען און האָבן אים אַוועקגעפירט קיין לובלין. מער האָט מען פון אים נישט געהערט.

ווייל יידן האָבן נישט געטאָרט גיין אין אַ קריסטלעכן שפּיטאָל, האָט מען געשאַפן אַ יידישן שפּיטאָל ווי דער אַלטער מיגורסקי האָט אַמאָל געהאַט די אַפּטייק. עס זענען דאָרט געווען 16 בעטלעך וועלכע זענען שטענדיק געווען פאַרנומען. אויך דעם בית־המדרש האָט מען פאַרנומען צייטווייליק אַלס שפּיטאָל, אַזוי גרויס איז געווען דער נויט אין געבן הילף די קראַנקע. איך מוז דאָ דערמאָנען נאָכאַמאָל דעם פעלדשער שמואל ביבערקלייד. טעג און נעכט האָט ער געאַרבעט אום צו געבן הילף די קראַנקע, געלאָפן אין שפּיטאָל און געהיילט. צווישן אַנדערע וואָס האָבן גענוסט פון זיין הילף בין איך אויך געווען. אַזוי האָט ער געאַרבעט ביז מען האָט אים אַרעסטירט. ווען די דייטשן האָבן אין 1941 אַטאַקירט די רוסן, האָט געפּאַנעוועט אַ טיפוס, און אַסך מענטשן זענען געשטאָרבן ווייל עס איז נישט געווען קיין מעדיצינען צו העלפן זיי.

אין דער זעלבער צייט זענען דורך בעכעווע דורכגעפאָרן אַסך ס. ס. לייט און דורכפאָרנדיק האָבן זיי אָנגעטאָן געגוג צרות.

ווען דאָס גאַנצע מיליטער איז געגאַנגען פון דער מענדעראָוויצער וועג אויף טורובין, איז אָנגעקומען אַן עראָפּלאַן, אַ רוסישער ווייזט אויס, און האָט

אַראָפּגעוואָרפן 2—3 באָמבעס. די באָמבעס זענען געפאַלן ווייט אויף בודנערס לאַנקעס. האָבן די דייטשן געכאַפּט דוד הימעלפאַרב, דעם געלן דודל, און אים געשיקט אויסגרובן מיט אַ לאָפּעטע די באָמבעס. דאָס איז געווען שבת. איז דודל געשטאַנען און געגראָבן וויסנדיק וואָס עס דראָט אים אויב ער וועט נישט געפינען די באָמבעס — אַריינגעוואָרפן צו ווערן אַ לעבעדיקער אין גרוב אַריין. בודנער אַליין האָט אים אָפּגעראַטעוועט.

### די דייטשע־רוסישע מלחמה

ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשע־רוסישע מלחמה האָט זיך געביטן דער יודן־ראַט. עס איז אַראָפּגעקומען אַ פאָרזיצער פון יודן־ראַט, אַ דייטשער ייד, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע אַרבעטן. ווי ער האָט געוואָלט זיך באַמיען צו העלפן, האָט ער דאָך געמוזט אויספילן די באַפעלן פון דער זשאַנדאַרמעריע. גלייך מיט אים איז געקומען אויך אַ דייטשער דאָקטאָר, אַ ייד, וואָס האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דעם יודנדאַט. זיי האָבן זיך געפירט ווי דייטשן כמעט.

די לאַגע פון די יידישע בעלי־מלאכות איז געווען נישט שלעכט. די גויים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך געגוייטיקט אין זיי. עס זענען געווען פאַר־מיטלערס, שמוגלערס, וואָס האָבן געשמוגלט סחורות פון טרובין און אַנדערע שטעטלעך. איין שטעטל מיט דעם אַנדערן האָבן זיך געטוישט מיט סחורות. קיינע אָפענע געשעפטן זענען נישט געווען, אַלע געשעפטן האָט מען רעקוויזירט, פאַרמאַכט.

די קולטורעלע טעטיקייט אין דער צייט איז געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. אין בית־המדרש האָט מען שוין נישט געקענט דאַווענען, האָט מען איינגעפירט מנינים אין די הייזער. יעדער הויף האָט זיך געהאַט זיין מנין. אין אַט די מנינים האָט זיך געפירט פּאָליטיק אַזוי גוט ווי אין די „הויכע פענצטער".

די דייטשן פלעגן ביינאַכט אַריין אין שטעטל, אָנפאַלן און שלאָגן, הרגנען און ראַבירן. האָט מען געמאַכט טויערן אין אַלע הייזער. יעדער הויף האָט געהאַט אַ טויער, וואָס איז געווען פאַרמאַכט, אָפּגעשלאָסן אויף אסך שלעסער. עס איז אויך געשטאַנען אַ וואַך, וואָס האָט געהיט און געגעבן האַסלעס ווען מען האָט זיך געדאַרפט באַהאַלטן.

אין יעדער הויז האָט מען אויך געמאַכט סקריטקעס, באַהעלטענישן, און ווער עס האָט נישט געקאָנט מאַכן ביי זיך אַ באַהעלטעניש, האָט זיך באַהאַלטן ביי אַ שכן. אַזוי איז געווען די לאַגע ביז עס האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־דייטשע קריג.

מיט דעם אויסבראָך פון די רוסיש־דייטשע קריג האָט זיך די לאַגע פון די בעכעווער יידן פאַרערגערט. גזירות נאָך גזירות זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן. איינע פון די שווערע גזירות איז געווען דער באַפעל אַז אַלע יידן דאַרפן אָפּגעבן זייערע פוטערס. אַ ייד האָט נישט געטאָרט טראָגן קיין פוטער. דער באַפעל איז געווען מען זאָל צושטעלן אַלע פוטערס צום יודנראַט. פאַרשטייט זיך, אַז דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן הונדערט פראָצענטיק. יידן האָבן אַלעס אָפּגעגעבן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז מען געקומען אָפּנעמען די פוטערס. עס איז אָבער נישט אָפּגעגאַנגען גלאַט, קיין שום באַפעל איז נישט אָפּגעגאַנגען גלאַט פאַר יידן. ביי דעם ענין פון די פוטערס זענען געפאַלן קרבנות. דער יודנראַט איז געווען אין דעם הויז פון פסח סטאָלער. די זשאַנדאַרמעריע איז אַריין אין יודנראַט און האָבן זיך געווענדעט צו ניסענבוימען: „האָבן שוין אַלע יידן אָפּגעליפערט די פוטערס?" — „יאָ", — האָט ער געענטפערט. — „ביסט דו פאַראַנטוואָרטלעך?" — „יאָ," — האָט ער געזאָגט. — „מיר וועלן זוכן." זיי זענען נישט ווייט געגאַנגען זוכן. אויפן צווייטן שטאָק האָט געוווינט יענקל צוקערמאַן, אַ פוטער סוחר. זענען זיי אַרויף צו יענקל צוקערמאַן און האָבן דאָרט עפּעס געפונען, זיי האָבן אים גלייך גענומען מיט זיך און אויף דעם וועג, וואָס גייט פון בעטאנצי (?) אים געשאָסן. יענקעלע צוקערמאַנס פרוי האָט מען אויך געשאָסן. זי איז געגאַנגען אַ קליין קעלנערל, אַ פוטערנעם קעלנערל, און דאָס איז אויך געווען אַ חטא... שפּעטער איז מען געגאַנגען פאַנגען נאָך יידן, און איינער פון די, איז געווען מאיר לוסטמאַן. ווער געדענקט נישט מאיר לוסטמאַן אין די יאָרן פון בלי? ער האָט צוערשט באַצאָלט פאַר די דריי קוילן וואָס מען האָט אים שפּעטער אַריינגעשאָסן. דאָס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין טרויער.

## דאָס יאָר 1942

דאָס יאָר 1942 איז געווען אַמשווערסטן אין שטעטל ביי אונדז און אויך אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך. יעדער חודש, יעדע צווייטע חדשים, פלעגן אַראָפּקומען געסטאַפּאָ־לייט, איבערלאָזן אַ באַפעל מען זאָל צוגרייטן פאַר זיי אַ געוויסע סומע געלט, זיי וועלן קומען צוריק אין אַ וואָך צייט. דאָס שטעטל איז געוואָרן אויסגעשעפּט, עס איז שוין נישט געווען קיין מיטלען מער. און יעדער האָט געפרעגט די זעלבע שאלה: נו, וואָס וועט זיין ווייטער?

נאָכדעם ווי די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידן האָט זיך שטאַרק געענדערט

צום שלעכטן, האָט מען אָנגעהויבן זוכן פאַרשידענע וועגן צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אַ סך יידן האָבן געהאַט באַציאונגען מיט די פויערן, פלעגן זיי זיך אַרויסכאַפּן אין די דערפער אַריין אום צו ברענגען אַביסל פּראָדוקטן. מען פלעגט זיך דאַביי איינשטעלן דאָס לעבן, ווייל מען האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין פון שטעטל. דער הונגער אָבער רעכנט זיך נישט מיט קיין געפאַר, און יידן זענען טאַקע געפאַלן אויף דעם וועג אין דאָרף, אָדער אויף דעם וועג צוריק פון דאָרף. איינער פון זיי איז געווען חיים שיע ראָזענבערג (איך געדענק נישט דעם צווייטן נאָמען, נאָר זיין טאָכטער האָט געהייסן דינה). פון דאַן אָן איז שוין קיין ייד נישט אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט.

דער טויט־שרעק וואָס האָט געהאַנגען איבער אונדז איז געווען אַ סך ערגער פון דעם טויט אַליין. טאָג און נאַכט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „בבוקר תאמר מי יתן ערב ובערב תאמר מי יתן בוקר מפחד לבבך אשר תפחד וממראה עיניך אשר תראה״ — אין דער פרי ווען זאָגן הלוואי זאָל שוין קומען דער אָוונט און אין אָוונט ווען זאָגן הלוואי זאָל שוין קומען דער פרימאָרגן פון מורא, וואָס דו וועסט מורא האָבן און פון דעם וואָס דו וועסט מיט דיינע אויגן זען. אַזוי איז דאָס געווען ביי אונדז. עס איז געקומען דער טאָג, האָט מען געבעטן אויף דער נאַכט, איז געקומען די נאַכט, האָט מען געבעטן אויף דעם טאָג.

### מיר גייען צו צוואַנגס־אַרבעט

אין דער שווערער לאַגע וואָס עס האָט זיך געשאַפן איז די צוואַנגס־אַרבעט געווען אַ צושפּיל. די דאָזיקע אַרבעט איז באַשטאַנען פון גיין אויף די שאָסייען און טרייבן דעם שניי. דאַביי זענען שלעגערייען געווען אַ גאַנץ פּשוטע טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אָנפאַנגס ווינטער האָט מען געקאָנט שיקן עמעצן אַנדערש צו דער אַרבעט, אַ פאַרטרעטער; מיינסטנס זענען די פאַרטרעטער געווען פּליטים, וואָס האָבן געוואָלט פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס. אָבער שפּעטער האָט מען שוין נישט געקאָנט, יעדער איינציקער האָט געמוזט אַליין גיין אַרבעטן.

איינמאָל ווען מיר זענען געשטאַנען אויף דעם שאָסיי אין די שנייען, זענען צוגעקומען גויים און האָבן זיך געריצט מיט אונדז יידן. איז אַרויס שמואל רוזנער (מען פלעגט אים ריפן שמואל מערדער ביי אונדז), און האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די גויים. עס איז אויף זיי געפאַלן ממש אַ פּחד פאַר אים, ווי ער איז געשטאַנען און פאַרטיידיקט אַלע יידן. טרויעריק איז אָבער געווען דער סוף פון

שמואלן; ער איז געהרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט זיינס אַ פריינד שלום מאַרקרייך און אַ פרוי פון לאָדזש, צוליב די פרוי, וואָס איז נישט געווען איינגעמאָלדן אין בעכעווע און האָט געהאַט אָנגעגעבן אַן אַדרעס, אַז זי וווינט ביי שלום מאַרקרייך, ביי שמואל רוזנער. די געסטאַפּאָ איז געקומען און האָט זיי אַלע דריי גענומען, אַוועקגעפירט אויפן וועג צו בודנערן, און דאָרט אין פּאַסע געהרגעט.

אַ מאָל איז געווען אַ פאַל, ווען געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיך אַריינגעריסן אין יודנראַט און האָבן גענומען שלאָגן די מענטשן דאָרט. אַלע זענען זיך צעלאָפן, נאָר שיעלע לובעלסקי, דער סעקרעטאַר, איז געבליבן. האָבן זיי אים אַזוי צע־הרגעט, אַז ער איז געלעגן כמעט דריי חדשים קראַנק, ביז ער איז צו זיך געקומען.

ווען מען האָט אויפגעשטעלט מיידאַנעק, דעם באַוווסטן לאַגער לעבן לובלין, האָט מען געכאַפּט אַ סך בעכעווער יידן און אַוועקגעשיקט זיי דאָרט אויף אַרבעט, אויפשטעלן באַראַקן. אַ סך פון די יידן זענען איבערהויפּט נישט צוריקגעקומען.

עס איז אפשר כדאי צו דערמאָנען דאָ דעם משומד, וואָס איז געווען אין דער לובלינער פּאָליציי און האָט אָנגעפירט מיט אַ לאַגער אין לובלין. געהייסן האָט ער דוכט זיך מיר דאַווידזאָן. פאַרשטייט זיך, אַז דער שמד האָט אים אויך נישט געהאָלפן צום סוף, אָבער אין אָנהויב האָט מען אים געגעבן אָנצופירן מיט דעם לאַגער אויף דער בראָוואַרנע. פון דעם לאַגער האָט מען גיפירט יידן אויף פאַרשידענע צוואַנגס־אַרבעטן אין לובלין. אַממייסטן האָבן געליטן די פּליטים, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט זיך אויסקויפן, אויך נישט אַנטקעגנשטעלן.

איינמאָל איז אַרויס אַ פאָדערונג צוזושטעלן שניידערס כדי זיי זאָלן פאָרן קיין לובלין סאָרטירן פוטערס. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע האָבן געוואָלט זיך צושטעלן. אמת, מען האָט זייער פּראָפּאַגאַנדירט אויף גוט, אָבער מען האָט שוין געוווּסט וואָס הייסט דייטשע פּראָפּאַגאַנדע. סוף־סוף האָט מען זיך צוגעשטעלט. איך בין אויך געווען צווישן די. מען האָט אונדז געפירט אויפן לאַגער ראַשקעוויטש אין לובלין, ווו עס איז געווען די פאַבריק פון אַעראָפּלאַנען. עס איז שווער צו באַשרייבן דעם קבלת פנים, וואָס מיר האָבן דאָרט באַקומען. אין לאַגער זענען געווען אַ סך באַראַקן און פון דאָרט איז מען געגאַנגען בויען מיידאַנעק. אין עטלעכע באַראַקן האָט מען סאָרטירט פוטערס, מען האָט אויך צעטרענט פאַר־שידענע אָנטועכץ, וואָס מען האָט גערויבירט ביי יידן. איך האָב געאַרבעט ביי די פוטערוואַרג, סאָרטירט. סאָרטירנדיק פוטערס, שטריימלען, האָב איך געלייענט פאַרשידענע נעמען. איך נעם אַ פוטער אין די הענט און לייען: הענדל ערלינגער.

איך האָב זיך פאַרטראַכט — אַ שטאַרקער קלאַפּ פון אַ ס.ס.־מאַן האָט מיך אויפגע־וועקט און געהייסן לויפן. עס איז פאַרביי דער טאָג. ווינציק מענטשן זענען אַרויס פון דעם לאַגער; אַלע זענען געבליבן דאָרט און געגאַנגען שפּעטער קיין מיידאַנעק. מיר האָט געגליקט עפּעס אַ מזל...

זייענדיק אין לאַגער האָט מען איינמאָל געברענגט לובלינער יידן, האָבן מיר זיי געפרעגט: „וואָס איז געשען?" — „אָט דאָס איז די ליקווידאַציע" — האָבן זיי געזאָגט. — „מיר האָבן באַצאָלט גרויסע סומען געלט מען זאָל אונדז אַריינ־נעמען אַהער און נישט פאַרשיקן ערגעץ אַנדערש. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָ איז די עקזיסטענץ". זיי האָבן אונדז דערציילט ווי מען האָט אויפגעברענגט דעם געטאָ. ווייניק יידן זענען געבליבן קאָנצענטרירט אויף מיידאַן 10, מיידאַן טאַטאַרקע האָט מען עס גערופן. געציילטע יידן זענען דאָרט געבליבן פון לובלין.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז גענומען פון דעם לאַגער און געפירט אין אַ באָד אַריין. די פירער זענען געווען אוקראַאינער, זיי האָבן געהערשט דאָרט. אויף דעם וועג האָט מען נישט געטאָרט רעדן קיין וואָרט. מען האָט אונדז אַדורכ־געפירט דורך דער גאַנצער ליוואַרטאָווסקע גאַס, אָבער קיין ייד האָט מען שוין נישט געזען, אַ חוץ עטלעכע יידישע פּאָליציאַנטן. אין באָד האָט מען ביי אונדז צוגענומען אונדזער אָנטועכץ און מען האָט אונדז געגעבן אַנטועכץ פון לאַגער. אַ טאָג שפּעטער בין איך אַנטלאָפן פון דעם לאַגער.

עס האָט זיך צוגערוקט יום־טובים צייט פון 1942. מיר האָבן אָפּגענומען גרוסן פון אַרום בעכעווע, אַז פאַרשידענע שטעטלעך ווערן אַריינגעיאָגט אין צענטערן און פון דאָרט פירט מען זיי אַוועק, נישט אויף נייע אַרבעטס־פּלעצער, נישט אויף נייע איינוווינס־שטעלן, נאָר נאָך... מיידאַנעק, נאָך סאָביבור, נאָך טרעבלינקע, נאָך טראַווניק.

### די אויסזידלונג צום פאַרניכטונג

עס איז געוואָרן קלאָר פאַר אונדז, אַז מיר שטייען פאַר אויסזידלונג, און מיר האָבן זיך געגרייט. וואָס הייסט געגרייט? מען איז געשטאַנען אויף דער וואַך צו געבן האַסלעס, ווען מען וועט הערן אויטאָבוסן קומען באַלאַגערן דאָס שטעטל, כדי די מענטשן זאָלן זיך באַהאַלטן.

ראש השנה האָבן מיר געדאַוונט, געבעטן הילף פון הימל... נאָך יום כיפור, עס איז געווען ביינאַכט, דינסטיק אויף מיטוואָך, האָבן מיר געהערט אויטאָבוסן פאָרן. זיי זענען אָנגעקומען זייער שטיל, מיט קליינע ליכט, אַרויפגעפאָרן אויף

דער ניווע, און אַראָפּ באַלאַגערנדיק דאָס שטעטל פון אַלע זייטן. אויף די דעכער זענען געשטאַנען דייטשן און אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. דאָס איז נאָך נישט געווען קיין אויסזידלונג — נאָר אַ פאָרצוג, אַ לאַפּאַנקע. מען האָט געכאַפּט וועמען מען האָט געקאָנט. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט מען געהערט קלאַפּן פון קוילן, און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן מענטשן און אַרויסטרייבן אויפן מאַרק. אַ סך זענען געלעגן באַהאַלטן, אָבער מ׳האָט זיי געפונען און אַרויסגעשלעפּט און אויף דעם אָרט דערשאָסן. איינע אַ פרוי, שימעלע שוסטער, שימעלע שפּיגלס, האָט זיך באַהאַלטן אונטער דעם בעט, האָט מען זי געפונען און דערשאָסן. אברהם ערליך, חיים דודלס זון, איז געווען קראַנק, האָט ער באַשלאָסן ער וועט זיך נישט צושטעלן; מען האָט אים געפונען און דערשאָסן. פון די פּליטים זענען געווען צוויי שוועסטער, עלטערע פרויען, וואָס זייערע מענער זענען אַמאָל געווען אין דייטשלאַנד גרויסע פּערזענלעכקייטן; האָבן זיי באַשלאָסן זיך נישט צושטעלן, נו האָט מען זיי אויך געשאָסן. מען האָט דעם טאָג אויך געשאָסן פּרץ קעלערשטיין. משהלע קליימאַן איז נישט געווען זיכער אויב זיי שטייען אויף די דעכער, איז ער געלאָפן ביז צו קאַליצקין און לעבן קאַליצקין איז ער דערשאָסן געוואָרן פון אַן אוקראַינער. דעם גאַנצן טאָג האָט מען געהערט נאָר שיסן און שיסן.

פון פריערדיקע געשעענישן האָט מען געוווּסט אַז מען כאַפּט מענער, נישט פרויען, אָבער אין דעם מיטוואָך, אין דעם שוואַרצן מיטוואָך, האָט מען צוגענומען אויך פרויען און מיידלעך ביז 16 יאָר. עס זענען געווען פאַלן, אַז פרויען זענען געגאַנגען מיט קינדער, האָט מען די קינדער פון זיי צוגענומען, אָדער די פרויען האָבן אַליין אַוועקגעגעבן די קינדער עמעצן אַנדערש, און זיי אַליין זענען אויך אַוועק אויף דעם פּלאַץ. די אַלע וואָס זענען געווען אויפן פּלאַץ האָט מען אַרויפֿגעזעצט אויף אויטאָבוסן און אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ, לעבן לובלין.

נאָכדעם ווי עס האָט זיך אַביסל איינגעשטילט און די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן מענטשן אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון זייערע באַהעלטענישן. מען האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן און זוכן אייגענע, ווער, וואָס, ווען... עס זענען געלעגן הרוגים, מען קען זאָגן אין די צענער, אין יעדן הויז. די אַלע הרוגים האָט מען צומאָרגנס, דאָנערשטיק, אַרויסגעפירט אויף דעם בית הקברות און אין איין קבר מקבר געווען.

אָבער מיט דעם האָט זיך נאָך גאָרנישט געהאַט דערליידיקט, ווייל די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אַ באַפעל, אַז ביז זונטיק פרי, 10 אָדער 11 אַזייגער, טאָר

זיך קיין איין ייד נישט געפינען אין בעכעווע, אַלע מוזן אַרויספאָרן קיין בעלזשעץ. נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, האָט מען אָנגעהויבן לויפן איינער צום צווייטן — וואָס זאָל מען טאָן? ווו זאָל מען גיין? ווי וועלן קאָנען אַזויפיל יידן אַריין אין אַזאַ קליין שטעטעלע ווי בעלזשעץ, וואָס דאָרט האָבן שוין פון פריער געוווינט אַ פּאָר טויזנט יידן? אויף די אַלע שאלות איז קיין ענטפער געווען. איין זאַך איז יאָ געווען קלאָר — מען מוז פאַרלאָזן בעכעווע. די גויים, וואָס האָבן שוין געוווסט אַז מיר מוזן אַוועק, זענען שוין געווען גרייט כלומרשט צו קויפן דאָס יידישע גוטס, נישט קויפן, פאַרשטייט זיך, נאָר טאַקע נעמען, ראַבעווען, זיי וועלן דאָך מוזן סיי־ווי־סיי אַלעס איבערלאָזן. דאָס זענען געווען די נעכטיקע „גוטע״ שכנים, די גוטע גויים, אומשטיינס געזאָגט!... ווי ווערט דאָרט געזאָגט אין איכה: „ראוה צרים שחקו על משבתיה״ — די פיינט האָבן געזען און האָבן זיך אויס־געלאַכט אויף איר בראָך. דאָס האָבן מיר געפילט דאָ.

אָבער עס איז נישט געווען וואָס צו טאָן, מען האָט אָנגעהויבן זיך איינפּאַקן, אומשטיינס געזאָגט איינפּאַקן. וואָס האָט מען שוין געקאָנט מיט זיך מיטנעמען? פורן איז געווען שווער צו קריגן, האָבן זיך צונויפגעפורט 2—3 משפחות און געדונגען אַ פור, מען זאָל קענען אַוועקפאָרן בכדי זונטיק אין דער פרי שוין זיין אויסער דעם שטעטל.

דעם טאָג איז שווער צו פאַרגעסן. אויסגעשטעלטע שורות יידן, גרעסטער טייל רואינירטע משפחות, מיט זייער ביסל קליין אָרעמקייט, וואָס איז נאָך געבליבן נאָך די ראַבירונגען, גרייט זיך צו לאָזן אין וועג אַריין קיין בעלזשעץ. פורן, פורן רירן זיך אַרויס אויף דעם מענדעראָוויצער וועג, אַ סך גייען צו פוס נאָך די פורן, פאַרצאָגטע און פאַרצווייפלטע, קעגן דעם באַשטימטן גורל...

### אין בעלזשעץ

מען איז אָנגעקומען קיין בעלזשעץ. עס איז געווען זייער, זייער ענג, עס איז נישט געווען ווו אַריינצוגיין, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. נאָך דריי טעג האָט זיך ווידער דאָ אָנגעהויבן די זעלבע געשיכטע ווי אין בעכעווע אין דעם שוואַרצן מיטוואָך. עס זענען אָנגעקומען אויטאָמאָבילן... די בעלזשעצער איינ־ווינער האָבן זיך געהאַט באַוואָרנט אין באַהאַלטעכישן, אָבער די פּליטים — זיי זענען געווען די קרבנות, די ערשטע קרבנות פאַרשטייט זיך, די אַנדערע זענען געווען די בעלזשעצער.

מען האָט זיך צוגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ און מען האָט אַלע צוגענומען. אַ סך זענען געהרגעט געוואָרן אויף דעם אָרט.

ווען איך בין אַרויס פאַרנאַכט פון באַהעלטעניש מיט מיינע צוויי ברידער, האָבן מיר געפונען דעם גרויסן חורבן. מיר זענען געגאַנגען זוכן באַקאַנטע, אַ לעבעדיקן מענטש, מיר האָבן קיינעם נישט געפונען. נאָכער האָט זיך אַרויסבאַוויזן שמחה, בערל צוקער, מרדכי קילערשטיין מיט שרה ערליך, משה ערליכס אַ שוועסטער. האָבן מיר געטראַכט וואָס צו טאָן? אַרומדרייען זיך איז געווען אַ מורא, בלייבן איז געווען אַ סכנה, ווו גייט מען, וואָס טוט מען?

מיר האָבן פּרובירט זוכן וועלכע עס איז נישט אינפאָרמאַציע, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז בעלזשיצער יידן זענען געבליבן לעבן, אָבער מיר האָבן זיי נישט געזען. די זעלבע נאַכט זענען מיר געלאָפן אַ פּאָר קילאָמעטער נאָך בעלזשיץ, אין אַ וואַלד. מיט אונדז איז געווען אַ יינגל פון 14—15 יאָר, אַ בעלזשיצער. האָבן מיר אים געבעטן ער זאָל צוריקגיין און זען אפשר וועט ער עפּעס געוווּיר ווערן. ער איז געגאַנגען און האָט געהערט, אַז עס איז דאָ אַ פאַראָרדענונג פון דער זשאַנדאַרמעריע, אַז יעדער ייד וואָס איז געבליבן לעבן דאַרף גיין צופוס קיין מענדערעוויץ צו דער באַן...

מיט אַ טאָג פריער, אין בעלזשיץ, האָבן זיך געטראָפן פאַרשידענע מענטשן און מען האָט גערעדט, וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם אַלעם. האָט איטשע מענדל דער מלמד געזאָגט: „איך בין שוין אַן אַלטער מענטש, אָבער איר זענט דאָך יונגע, וואָס טוט איר דאָ? עס זענען דאָ וועלדער — לויפט! גייט! טוט עפּעס!" דער געדאַנק האָט שוין אַרומגעשוועבט פון לאַנג, און מער האָט פּרובירט עפּעס אָרגאַניזירן, פאַרבינדן. מיר האָבן זיך געווענדעט צו יצחק הימלעפאַרב, זעען, אפשר. ער איז דאָך געווען אַ מאָל אַ פירער פון „הנוער הציוני". מעגליך אַז יצחק האָט געהאַט אין געדאַנק עפּעס צו טון. אָבער... מען האָט אים געשאָסן אין דעם טאָג פון אויסזידלונג.

די יידן וואָס מען האָט געפירט צופוס זענען אָנגעקומען צו די וואַגאָנען מיט כלאָראָפאָרם, און דאָרט האָט מען זיי אַריינגעשטופּט צו 100—150 מענטשן אין אַ וואַגאָן. ווען עס איז געקומען צו דודל הימעלבוים ער זאָל אַרויפגיין, האָט ער געזאָגט, אַז ער גייט נישט, ער וועט שטאַרבן דאָ. מען האָט אים נאָכאַמאָל געפרעגט און ער האָט ווידער געזאָגט, אַז ער גייט נישט. איז צוגעגאַנגען אַ זשאַנדאַרם און האָט אים געשאָסן פאַר די אויגן פון אַלע בעכעוער, וואָס זענען דאָרט געווען.

### אין פּיוסק און אין באַהעלטעניש

עס איז געווען אַ באַפעל, אַז די יידן, וואָס זענען געבליבן לעבן נאָך דער אויסזידלונג זאָלן גיין נאָך פּיוסק. ווי איך האָב שוין געזאָגט, די זעלבע נאַכט האָב איך געטראָפן בערל צוקער, דעם העלדישן בערל. האָב איך צו אים געזאָגט: „בערל, איך וויל גיין אין וואַלד אַריין, עפּעס טאָן." — „דו נאַרישער מענטש," — האָט ער געזאָגט — „די דייטשן זענען אין סטאַלינגראַד, גייסט דו זיין אַ גרויסער העלד?" איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. דאָך האָב איך זיך געטראַכט, במקום איך זאָל גיין צום טויט, זאָל דער טויט קומען צו מיר. איך מיט נאָך צוויי ברידער, אויך שלמה גערשאָנאָווס (?) קלענערער זון אהרון, און אַ סך יידן פון אָסמעליץ, פון מענדראָוויץ, האָבן זיך פאַרנומען און געלאָזט אויף דעם וועג קיין פּיוסק. אויפן וועג האָבן מיר געהאַט פאַרשידענע צרות, מען האָט אונדז געוואָלט ראַבירן דאָס וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט אויף זיך. מיר זענען דאָך צוגעקומען צו פּראַווניק און איבערגענעכטיקט אין דאָרף. עס איז צוגעקומען אַהרעלע און האָט געבעטן מיר זאָלן העלפן באַהאַלטן דאָס גאָלד וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, פולע קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד, אוירנגלעך, זילבער. מיר האָבן אים געהאָלפן.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט: איך מיט צוויי ברידער... — און דאָ גייען מענטשן זוכן ווי צו באַהאַלטן רייכטום, זייער האָב־און־גוטס, דאָס איז אַ געפערלעכער וועג צו גיין צוזאַמען מיט זיי...

אין דערפרי זאָגט צו אונדז אַ פויער: „אפשר איז דאָ ביי אייך שניידערס?" — „יאָ, עס איז דאָ." — „אפשר ווילט איר אַרבעטן?" — „יאָ." דער גוי האָט אונדז אַריינגענומען און מיר האָבן געאַרבעט ביי אים 3—4 טעג. נאָכדעם האָט ער אונדז אַרויסגעוואָרפן. מיר האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין. האָט מען אונדז געזאָגט, אַז עס איז דאָ פאַראַן שטיין־האַקערייען און מען קאָן זיך באַהאַלטן אין אַ גרוב דאָרטן. האָבן מיר טאַקע אַזוי געטאָן. מיר האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן, אָבער די צווייטע נאַכט האָבן מיר שוין מורא געהאַט דאָרט צו בלייבן, ווייל דער גוי קאָן אונדז מסרן. מיר האָבן זיך אַזוי אויסבאַהאַלטן דאָ און דאָרט ביז דעם נייעם יאָר 1943.

### מיר גייען צו די פּאַרטיזאַנער

די זעלבע צייט האָבן מיר געהערט אַז אַרום דער געגנט זענען דאָ יידישע פּאַרטיזאַנען, און זיי געפינען זיך אין די גווישיצער וועלדער לעבן בעראָווקע.

ווער, וואָס, ווען האָבן מיר נישט געוווּסט. מיר דריי האָבן דעמאָלס געאַרבעט ביי די גויים, אָבער נישט גענעכטיקט ביי זיי, מיר האָבן זיי נישט געטרויעט.

איינמאָל ביינאַכט זענען אַריינגעקומען פּאַרטיזאַנער צו דעם גוי ווו מיר האָבן געאַרבעט און האָבן געוואָלט אים ראַבירן. דער גוי איז געקומען צו אונדז בעטן, אַז מיר זאָלן אים אָפּהיטן. מיר האָבן געזאָגט די פּאַרטיזאַנער ווער מיר זענען. איך גיב אַ קוק — קושע (?) ערליך, חיים דודלס, שולץ (?) אַ זון איז דאָ, אַ בחור אַ העלד, אויך שמואל פעלטשערס זין — צוויי ברידער. זיי האָבן מיר שפּעטער דערציילט, אַז מענדל רייס טאָכטער איז מיט זיי. עס איז דאָ נאָך אַ גרופּע פון עטלעכע־און־צוואַנציק מאַן, און זייער באַזע איז אין וואַלד, אין אַ פאַרלאָזענעם בנין. מיר האָבן זיך גלייך פאַרבונדן און די זעלבע נאַכט זענען מיר אַוועק צו זיי. אַלע זענען געווען באַוואָפנט מיט געווער, ביקסן. איינער פון די אָנפירערס איז געווען אַ קעלשעוויצער אָדער אַ בישטשיצער, די נעמען געדענק איך נישט גענוי. מיט זיי איז געווען אויך איינער אַ רוס, וואָס איז אַנטלאָפן פון געפאַנגשאַפט. מיר דריי האָבן נישט געוואָלט אַריינגיין צו זיי, ווייל מיר האָבן שוין מער געוווּסט די לאַגע ווי אַזוי זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער מיר זענען געבליבן מיט זיי אין פאַרבינדונג.

אין ניי־יאָר האָבן מיר געאַרבעט ביי אַ געוויסן פּריץ, וואָס איז געווען אַנטלאָפן פון מזרח פּוילן. זיינס אַ זון איז אויך געווען איינער פון די פּאַרטיזאַנער פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״, וואָס האָבן געהאַט די איינציקע אויפגאַבע צו כאַפּן יידן און זיי הרגענען.

די זעלביקע נאַכט זענען מיר געגאַנגען אין פּראַווניקער וואַלד, צווישןביידע זייטן פּראַווניק, אויף דעם וועג וואָס פירט קיין לובלין. פּלוצלינג הערן מיר: „הענט הויך! (אויף רוסיש). ווער זענט איר?״ ווי מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט האָבן מיר געזען, אַז דאָס זענען אונדזערע חברה, נאָך אַ יידישע גרופּע פּאַרטיזנער פון די מענטאָווער וועלדער, אַממערסטן פון מיליטער־לייט, פּיאַסקער יידן. צווישן זיי זענען אויך געווען אשר־שלמה ביינישעס, יענקעלע, אַ ברודער־זון פון שלמה־ביינישעס, יענקעלע קלאָדער, דער זון פון שלום (?) קלאָדער, מיט אַ שוועסטער. אין דער נאַכט איז געווען אַ צוזאַמענרוף פון עטלעכע גרופּן אין מענטאָווער וואַלד. מיר האָבן דאָרט געטראָפן עטלעכע רוסן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט אַלע גרופּן. די גרופּן זענען געווען צעטיילט צו 10 ביז 15 מאַן.

עס איז געווען מיט זיי איינער אַ לובלינער, וואָס האָט געהייסן העניעק. ער איז געווען אַ העלד.

אין מענטאָוווער וואַלד איז געווען אַ גרויסע גרופּע יידן, אַלטע וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט האַלטן קיין געווער, מיט קינדער, פרויען, וואָס האָבן געלעבט פון דעם, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן געבראַכט ביינאַכט צו עסן. ביינאַכט איז מען געגאַנגען זיך שאַפן עסן. דאָס איז געווען די ערשטע אויפגאַבע, בכדי זיך אויסצוהאַלטן. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס וועט נישט האַלטן לאַנג, מען איז דאָך סוף כל סוף נישט מער ווי 50 קילאָמעטער פון מיידאַנעק. מיר האָבן געוווּסט, אַז די דייטשן וועלן דאָ זיכער אַראָפּקומען ווען נישט איז.

מיר האָבן זיך באַייטאָג אַוועקגעריקט פון דער באַזע. שפּעטער האָבן מיר געהערט שיסערייען אין וואַלד און מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז עס — די דייטשן זענען אַריין. זיי האָבן אַלע אויסגעשאָסן.

די זעלבע נאַכט זענען מיר דריי געגאַנגען אויף דעם אָרט זעען אפשר וועלן מיר עמעצן טרעפן. דער וועג פון מענטאָוווער וואַלד ביז דעם טראָוווניקער וואַלד, אויף דעם וועג פון לובלין אויף מענדאָוועץ, איז געווען בערך אַ 10—15 קילאָמעטער. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אויף דעם וועג. צוגייענדיק צום בישטשיצער וואַלד האָבן מיר געהערט שטאַרקע שיסערייען פון בישציץ. מיר האָבן אָפּגעוואַרט אַ צייט, געזוכט ווי זיך צו באַהאַלטן, ווייל אין די יונגע וועלדלעך זענען די בוימער זייער שיטער און עס איז שווער זיך באַהאַלטן, און דאָרט האָבן די דייטשן אויך געמאַכט איבונגען. אויפן צווייטן טאָג זענען מיר צוגעקומען צום זעלבן אָרט און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אַלע אויסגעהרגעט. צווישן די געהרגעטע זענען געווען די בעכעווער שמואל ערליך, שולץ (?) אַ זון, מענדל רייס אַ טאָכטער, שמואל ביבערקליידס צוויי זין.

### מען שלאָגט זיך מיטן געדאַנק: וווהין?

ווען מען האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל, אַז מען דאַרף פאַרלאָזן בעכעווע, האָבן אַ סך יידן זיך געעצות, צו זאָלן זיי פאָרן קיין בעלזשיץ, קיין פּיוסק, אָדער קיין קרושניק. פאַרוואָס קרושניק? פּשוט, ווייל דאָרט איז דער באַפעל נאָך נישט געווען. האָבן זיך אַ סך דעצידירט צו פאָרן קיין קרושניק, אָדער קיין זאַקשוועק. קומענדיק קיין זאַקשוועק האָט מען געזען ווי קליין איז דאָס שטעטעלע, אָבער

מען האָט זיך דאָך איינגעקוואַרטירט ווי עס איז. צוויי טעג שפּעטער האָט מען אַרומגענומען דאָס שטעטל און מען האָט גענומען זוכן בעכעווער יידן, ווייל די בעכעווער יידן האָבן געדאַרפט זיין אין בעלזשיץ און נישט אין זאַקשוועק. די וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, זענען ניצול געוואָרן לפי שעה, און די, וואָס מען האָט געכאַפּט, האָט מען דערהרגעט. דאַן האָט מען געשאָסן לייבצ׳י טויב מיט אַ זון, משה בעקער מיט אַ זון און אַנדערע (איך געדענק נישט די נעמען). נאָכער, ווי מען האָט אויסגעכאַפּט די בעכעווער יידן און זיי ליקווידירט, האָט מען געגעבן אַ באַפעל, אַז גאַנץ זאַקשוועק ווערט ליקווידירט און אַלע דאַרפן אַריבער קיין קרושניק. די בעכעווער, וואָס זענען נאָך געבליבן לעבן האָבן שוין נישט געזען קיין צוועק פאַר זיך אַריבערצופאָרן קיין קרושניק און זיי האָבן דעצידירט אַוועק צו די גויים. צווישן די זענען געווען די משפחות רייסעס, לעווענבוים, בראָון. זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן אין דער געגנד פון בעכעווע. ווי עס איז נאָר געוואָרן טונקל זענען מיר אַלע אַוועק אין די וועלדער פון לעשני־צוווקע. ביינאַכט איז יעדער געגאַנגען זוכן זיין באַקאַנטן קריסט און זען אויב עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט ער זאָל אים אויפנעמען. די רייסעס זענען געגאַנגען קיין קעלטשאַוויץ. איך מיט מיינע צוויי ברידער זענען אָנגעקומען קיין בעכעווע, און מיר זענען אַריין צו אַ געוויסן יוזעף גאַשטשעצקי. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא, אָבער דאָך וועט ער אונדז אַרייננעמען פאַר אַ נאַכט. די נאַכט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין 6 חדשים. ער האָט אונדז געהאַלטן אין די שווערסטע באַדינגונגען, ווייל עס איז נישט געווען מעגלעך צו זיין אין שטאָט ווו די שכנים זענען געווען איינער לעבן דעם צווייטן. לעבן אונדז איז געווען איינער אַ וואָינאַ־ראָוויטש, אַ שכן פון גאַשטשעצקי, און ער האָט געהאַלטן גענײדעס (?) אַ זון מיט אַ טאָכטער.

אין צווישנצייט, דאָס איז געווען פּאַזשדזשיערניק (אָקטאָבער), האָבן פאַרשי־דענע יידן אָנגעהויבן זיך באַווייזן אין בעכעווע, צוריק פון פּיוסק, בעלזשעץ און קרושניק. די גויים ווידער האָבן זיך פאַרנומען מיט הלשנות, ווייל מען האָט זיי צוגעזאָגט 2 קילאָ צוקער פאַר יעדן יידן וואָס זיי וועלן אַרויסגעבן. זיי האָבן געזוכט יידן ביינאַכט אין די פעלדער און זיי אַרויסגעגעבן. אַזוי האָבן זיי דער־ציילט אַז זיי האָבן געכאַפּט שמואל שעכטער, חיים דעם געלן, לייבוש הימלעבלום...

עס זענען אויך געווען יידן, וואָס האָבן זיך אַליין צוגעשטעלט צו דער זשאַנדאַרמעריע און געזאָגט „שיס מיר!" עס איז די מענטשן נמאס געוואָרן צו זיין נע ונד אָן אַן אויסזיכט זיך אויסבאַ־האַלטן, און זיי האָבן באַשטימט

ביי זיך בעסער צו פאַלן פון די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע, איידער פון די הענט פון די פויערן. אַזאַ פאַל איז געווען מיט שמואל בערישעס זון.

מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי גויים פאַר געלט, ביי איינצלנע, וואָס האָבן באמת געהאַט אַ גוט האַרץ, אָבער אַזעלכע זענען געווען יחידים. עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן טובעלע לעווענבוים מיט לייבטשע הימלעפאַרב. זיי זענען געזעסן בערך איבער אַ יאָר אין בעכעווע, נאָכער האָט מען זיי אויסגעגעבן, ווייל מען האָט מורא געהאַט זיי ווייטער צו האַלטן, און די פוילישע פּאַרטיזאַנער פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" האָבן זיי צוגעפירט צו שעכטערס הויז און דערהרגעט. מען האָט אויך דערהרגעט שעבעלע פּיניעלעס. ער איז געזעסן מיט נאָך אַ בחור — איך געדענק נישט זיין נאָמען — אים האָט מען אויך געהרגעט. אברהמעלע לאָטערמאַן, פּערל לאָטערמאַנס אַ זון, איז געלעגן צוויי וואָכן אין אַ הונט־באַדע. מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט, אַוועקגעפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע און געהרגעט. דער סך הכל איז, אַז איינצלנע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

### דאָס יאָר 1943

דער ערשטער ווינטער אין די וועלדער. איין גרופּע פּאַרטיזאַנער זענען געפאַלן, אומגעקומען, די צווייטע איז אַוועק, און מיט דער דריטער האָבן מיר נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט. מיר זענען ווייטער געגאַנגען דריי. מיר האָבן געטראָפן נאָך צוויי יידן, בעכעווער, צוויי ברידער, איציק הערשס צוויי איינ־יקלעך. זיי זענען אויך גיך אומגעקומען.

דער ווינטער איז אַריבער און עס האָט זיך צוגעריקט דער זומער. מען איז געגאַנגען ווייטער אין די וועלדער זוכן קאָנטאַקט. זומער איז געווען פאַר־שטענדלעך לייכטער אין די פעלדער. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין דער בעכעווער זייט, הערן וואָס טוט זיך דאָרט. מיר האָבן געהערט, אַז די גרופּע פּאַרטיזאַנער פון יענקל קליינמאַן געפינט זיך אין דער בעכעווער זייט. קודם כל האָבן מיר געזאָרגט זיך צוכאַפּן צו אַ פּלאַץ ווו מען קאָן נעכטיקן. האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו בודנערס וועלדל, דער זאַגאַיניק, ווי מען רופט עס. דאָרט האָבן מיר געוואַרט אַ טאָג ביז מיר זענען צוגעגאַנגען צו דעם ערשטן פויער. אָנגע־קלאַפּט ביי אים און געזוכט וואָס נישט איז עפּעס אינפאָרמאַציע. דער גוי האָט אונדז געזאָגט, אַז עס קומט דאָ איינע, אַ מיידל, לאה הייסט זי. זי קומט אַמאָל בעטן אים ער זאָל איר פאַרקויפן אַ קילאָ ברויט. מיר האָבן געבעטן דעם גוי, אַז ווען זי וועט קומען, זאָל זי דאָ וואַרטן אויף אונדז ביז די און די שעה.

די צווייטע נאַכט — לאה האָט געוואַרט. דאָס איז געווען לאה קליינמאַן. די פרייד איז געווען גרויס, אירע נאָך מער ווי אונדזערע. מיר האָבן איר געפרעגט וואָס הערט זיך, וואָס טוט זיך דאָ, ווער איז דאָ? האָט זי אונדז דערציילט, אַז זי ליגט דאָרט ווייט, אויף אַ פעלד פון בוריקעס, מיט ברוך העכטמאַן, מוישקעס אַ זון, מוישקע גאַרבערס אַ זון; אַז אין לעשניצוווקער וואַלד געפינען זיך בעכעווער יידן, וואָס די גויים האָבן זיי אַרויסגעיאָגט, ווייל זיי ווילן זיי מער נישט האַלטן; דאָרט געפינט זיך משה ערליך און יצחק טראבינער. מיר האָבן זי געבעטן זי זאָל אונדז מיט זיי פאַרבינדן.

אין די קליינע וועלדלעך פון לעשניצוווקע איז געווען אַ סכנה צו זיין, דאָך האָבן מיר באַשלאָסן זיך טרעפן דאָרט מיט די יידן. מיר זענען געקומען אין וואַלד אַריין און מיר האָבן דאָרט געטראָפן: פסח דיאַמענדס אַ שניר, חיים דיאַמענד — נישט דער זעלבער ווי אין בעכעווע! — חיים דיאַמענדס פרוי, דיאַמענדס ברודער בערעלע, אסתר גרשונס פאַמיליע, יאָסל זאַנענשיין פון לאָדזש, און צוויי זין זיינע. זיי זענען געזעסן און געגעסן קאַלטע אָפּגעקאָכטע קאַר־טאָפל. — וואָס טוט איר דאָ? ווי נאָך לעבט איר? האָבן זיי דערציילט, אַז זיי זענען דאָרט ווייל די גויים ווילן זיי מער נישט באַהאַלטן. נאָר משה מיט יצחקן קענען זיך נאָך באַהאַלטן. ווען משה און יצחק זענען צוגעקומען, האָבן זיי געזאָגט צו אונדז „קומט מיט אונדז". מיר האָבן זיי דערציילט וואָס מיר טוען און ווי מיר לעבן, ווייל עס איז זייער געפערלעך זיך אָנצוטרויען אין אַ גוי. מיר האָבן באַשלאָסן גיין אונדזער וועג און האָבן זיי איבערגעלאָזט.

זייענדיק אין וואַלד, האָבן מיר געהערט אַז מען האָט זיי אַלע געפונען אין לעשניצער וואַלד און אויסגעשאָסן, עטלעכע־און־צוואַנציק מענטשן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז פסח דיאַמענדס צוויי טעכטער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָב איך זיך געטראָפן מיט זיי. די גאַנצע משפחה איז אומגעקומען. אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז דאָרט איז געווען גדליהו בלעכערס אַ זון, אויך דער זון פון שלמה זייגמאַן.

איינמאָל האָבן באַשלאָסן מיינע צוויי ברידער צוריקגיין אויף די מענדאָוויצער וועלדער, און איך אַליין בין געבליבן מיט לאהן. באַלד פרימאָרגן האָבן מיר געהערט אַ געפערלעכע שיסעריי איבער דעם גאַנצן וואַלד. מיר זענען שוין געווען צוגעוווינט מיט שיסערייען, און איך האָב נאָך באַוווּנדערט לאהן ווי זי האָט זיך געהאַלטן. די שיסעריי איז געווען אַ שטאַרקע: אַרטילעריע, מאַשין־געווער, און בילעריי פון הינט. מיר זענען געלעגן אַזוי, געביטן אונדזערע פּאָזיציעס יעדעס

מאָל, אַ גאַנצע טאָג. איך האָב געהערט, אַז די הינט־בילעריי דערנענטערט זיך נישט און דאָס שיסעריי דרייט זיך אויף פאַרשידענע זייטן, איז געוואָרן אַ ביסל גרינגער. איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן נישט געגעבן קיין צייכן פון לעבן. שפּעטער זענען מיר געגאַנגען צו ברוכן, וואָס איז געווען באַהאַלטן ביי אַ גוי. דאָרט האָב איך איבערגעלאָזט לאהן און בין צוריקגעגאַנגען זיך טרעפן מיט מיינע ברידער.

## בעכעווער יידן צענעמען בעכעווער הייזער

ווען מען האָט אויסגעזידלט פון בעלזשיץ, האָט מען דאָרט איבערגעלאָזט אַ קליינע טייל יידן, זיי זאָלן אַרבעטן. דאָס איז געווען אַ פאַרמאַכטער געטאָ, קיין פרעמדע יידן האָבן נישט געקאָנט אַריין. די יידן, וואָס זענען דאָרט געווען, האָבן געקראָגן ספּעציעלע דערלויבענישן דאָרט צו זיין. פון די מענטשן האָט מען אויסגעטיילט אַ גרופּע, צווישן זיי אויך עטלעכע בעכעווער יידן, ווי בעריש וועלטמאַן און אַנדערע (די נעמען געדענק איך נישט), און מען האָט זיי געשיקט קיין בעכעווע דאָרט צענעמען אַלע יידישע קליינע הייזער. די גרופּע איז געוואָרן איינגעקוואַרטירט אין בית המדרש. ווי די באַהאַלטענע יידן האָבן געהערט, אַז עס זענען נאָך דאָ אַ פּאָר יידן אין בעכעווע, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסשיקן צעטלעך מיט פראַגעס, וואָס מען זאָל טאָן? צי קען מען אַריינקומען אין שטאָט, אָדער נישט? מיר אַליין האָבן געשיקט אַ צעטל מיט אַ קריסט און בערע שוועלטמאַן האָט צוריק געשריבן: „זיצט, די בעסטע דערלויבעניש איז צו זיצן באַהאַלטן."

אויך יאָסל בראַנד האָט אַרויסגעשיקט זיינס אַ שוועסטערס אַ זון, ער זאָל געוויר ווערן צי ער קאָן קומען. ער האָט באַקומען די זעלבע תשובה.

נאָכער, ווען מען האָט צענומען דאָס גאַנצע שטעטל, ווען עס איז שוין גאָרנישט געבליבן, האָט מען די יידן צוריקגעפירט קיין בעלזשיץ, און בעכעווע איז געבליבן ריין, אַפילו פון די יידישע הייזער. עס זענען שטיין געבליבן נאָר די גמויערטע הייזער.

## לאהס רינג

זייענדיק אין וואַלד, האָט מיר לאה דערציילט, אַז זי האָט געגעבן אַ גוי

אַ גאָלדענעם רינג צו פאַרקויפן, און ער האָט עס איר נישט געוואָלט אָפּגעבן. איך בין געגאַנגען צום גוי און איך האָב עס אויפן אָרט פון אים צוריקגענומען. ער האָט געמאַכט אַרעש, און מיר האָבן זיך געמוזט אָפּטראָגן פון דאָרט. מיר זענען אַריבער אויף דער קעלטשאָוויצער זייט.

„כאַפּט די יידן, כאַפּט דעם ייד, הורראַ!"

אין אַ געוויסן אויפדערנאַכט, ווען מיר זענען אַרויס פון וואַלד נעמען עסן, האָבן מיר געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי פון דאָרף אויף דער לעשניצוווקע, קעלטשאָוויצער קאָלאָניע. עס איז געווען איינגעפּירט אין די דערפער, אַז אויב עס איז אַ געפאַר פון פּאַרטיזאַנער, דאַרף מען נעמען קלינגען און אַלע גויים דאַרפן אַרויסגיין מיט העק און יאָגן די פּאַרטיזאַנער. מיר הערן אַ קלינגעריי און געשריי: „כאַפּט די יידן, כאַפּט דעם ייד, הורראַ!" מען קלינגט און מען קלאַפּט אָן אַן אויפהער.

איך האָב געוווּסט, אַז דאָס דאַרף זיין יענקל קליינמאַן מיט דער גרופּע, כאָטש איך האָב נישט געהערט פון זיי לאַנג. פּלוצלינג הער איך אַ שאָס — „אוי!" און עס ווערט שטיל. איך האָב מיך צוגעריקט אויף אַ בעסערע פּאָזיציע צו זען וואָס עס קומט פאָר, און איך זע: יענקל מיט נאָך 4 חברה. פרעג איך זיי: „וואָס איז געשען?" האָבן זיי מיר דערציילט, אַז זיי זענען געווען באַהאַלטן ביי אַ געוויסן גוי, אַ באַקאַנטער גוי פון זיינע עלטערן. דער גוי האָט געוואָלט אַרויסרייסן פון זיינע הענט די ביקס, און דאָס גאַנצע דאָרף האָט אָנגעהויבן זיך יאָגן נאָך אים. איינער פון די חברה, אַ לובלינער, גרין הייסט ער (ער לעבט היינט אין אַמעריקע), האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און האָט אַוועקגעשאָסן דעם גוי. עס איז געוואָרן שטיל.

ווידער אַ נס, אָפּגעראַטעוועט פון טויט

איינמאָל, זייענדיק אין בודנערס זאַגאַיניק פון לעשניצוווקע, זענען מיר אַריין צו דעם גוי ווו איך האָב געהאַט געטראָפן לאהן, און געבעטן ביי אים זאַלץ. אַרויסגייענדיק פון אים, קומט אַן קעגן אונדז אַ שורה מענטשן מיט געווער, אַ 20 מאַן, איינער נאָך דעם אַנדערן. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין וועג וווהין צוריק צוציען. מיר האָבן פּרובירט זיך מאַסקירן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. איך האָב געקענט אַ סך פון זיי, בעכעווער און וואַרשעווער שקצים, וועלכע האָבן געלערנט מיט מיר אין שולע. — „ווער זענט איר?" —

„מיר באַהאַלטן זיך אויס, געגאַנגען דאָ אַרויסנעמען אַ ביסל קאַרטאָפל, אָפּקאָכן זיך עסן." זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז אויספאָרשן מיט וועמען מיר קומען אין קאָנטאַקט, ווו באַהאַלט זיך אויס פּסח דיאַמענט, די משפּחה זיינע. מיר האָבן שוין געהאַט געהערט, אַז די גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען. „ליידער," — זאָגן מיר — „ווייסן מיר נישט, אפשר ווייסט איר?" מען נעמט אונדז און מען גייט פירן אונדז צום שיסן. דאָס זענען געווען די, וועלכע האָבן אויסגעהרגעט אין לעשניצוווקע אַלע יידן, פּוילישע מיליטער־לייט פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ".

עס איז געשען אַ נס, מיר האָבן פּשוט געהאַט מזל. אויף דעם וועג האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח ווער פון זיי וועט אויספילן דעם טויט־אורטייל, ווער וועט שיסן. זיי האָבן אַזוי לאַנג דיסקוטירט, ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. — „אַנטלויפט, גייט ווייטער!" — האָבן זיי געזאָגט. מיר זענען געראַטעוועט געוואָרן אויך דאָס מאָל.

עס זענען געווען מערערע פאַלן אַזעלכע פון די „העלדן" קעגן יידן. זיי זענען נישט געווען העלדן קעגן די דייטשן.

אין דעם דאָרף אָסאָווע

איינמאָל זענען מיר געגאַנגען אין דעם דאָרף אָסאָווע אויפן וועג אַלשעוויץ. דאָרט האָט מיין ברודער געהאַט אַ געוויסן רייכן גוי, אַ באַקאַנטער, וואָס פלעגט ברענגען גרינוואַרגס קיין בעכעווע. דאָרט, אין דאָרף אָסאָווע, האָט מען דערציילט פאַלן פון בעכעווער יידן, וואָס האָבן פּרובירט זיך אויסבאַהאַלטן, ווי די משפּחה פון מענדל שאַרפּשטיין, און דער קאַמאַשן־מאַכער (איך האָב פאַרגעסן ווי ער האָט געהייסן). פּנחס יואלס משפּחה איז אויך דאָרט אומגע־קומען. פּנחס יואל זעלבסט איז געפאַלן אין דער סביבה פון בעכעווע.

לאחר ככלות הכל

ווער עס וועט וועלן פאָרשן די געשיכטע, ווי אַזוי האָבן די דייטשן אומ־געבראַכט די פּוילישע יידן, און אויך אַ גרויסע טייל פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום, וועט דאַרפן צעטיילן די געשיכטן פון דער צייט אויף עטלעכע עטאַפּן. די מערדער האָבן אָנגעפאַנגען מיט דעם אַוועקנעמען פון די יידן די געווייג־לעכע מענטשן־רעכט, דערנידערנדיק זיי ביז צו דער נידעריקסטער שטופע. דאַן די צוואַנגס־אַרבעטן אונטער אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אין הונגער

און דורשט, נויט, מיט געשלעגן און מערדערייען. זיי האָבן אַלץ געטאָן מיט אַ ציל צו מטמטם זיין דעם געדאַנק פון די מענטשן, אַז זיי זאָלן נישט פעאיק זיין צו דענקען זיך קעגנשטעלן. עס איז נישט געווען קיין קאָנטאַקט צווישן איין שטאָט מיט דער אַנדערער, צווישן איין שטעטל מיט דעם אַנדערן, מען האָט קוים געוווּסט וואָס עס קומט פאָר. און ווען מען האָט אָנגעהויבן צו הערן און צו וויסן, און מען האָט אָנגעהויבן געבן אַ טראַכט צו טון, וואָס צו טון, איז שוין געווען צו שפּעט.

עס איז צום ביישפּיל געווען אַ צייט ווען מען האָט געזאָגט, אַז מתיס ראָזענזאָן האָט אַ רעוואָלווער. ווי מען האָט זיך דערוווּסט פון דעם אין שטעטל, איז מען געגאַנגען צום פאָטער און מען האָט אים געהייסן ער זאָל נעמען דעם רעוואָלווער און באַגראָבן, אַז נישט, וועט דאָס שטעטל חלילה אומגליקלעך זיין; מען וועט אויסהרגענען דאָס גאַנצע שטעטל. יחיאל ראָזענפאַרב, יחיאל אברהמיקס, וואָס איז געווען דער גרעסטער העלד, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ מעסער אין קעשענע, און דאָס איז געווען זיין געווער. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט מורא. האָבן אים די גויים געכאַפּט און אַליין אומגעבראַכט. אַזעלכע פאַלן זענען געווען אַ סך.

איינס איז קלאָר: נאָר די פּוילישע ערד, די פּוילישע אַטמאָספער, און די פּוילישע יידן־פּרעסער האָבן זיך אויסגעטויגט פאַר די דייטשע מערדער־אַקציעס קעגן די יידן. ווען די יידן האָבן זיך געגעבן אַ כאַפּ און אָנגעפאַנגען צו קעמפן, זיך קעגנשטעלן, לויפן אין די וועלדער און אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַן־גרופּעס איז שוין געווען צו שפּעט. דאָך האָבן זיי אַ סך אויפגעטון און אַ סך דייטשן זענען פון זייערע הענט אומגעקומען. פון דעם האָט מען געקאָנט לערנען, וואָס וואָלט געווען ווען די יידן וואָלטן פון אָנהייב אָן גענומען אַזאַ שטעל און נישט גיין ווי שעפּסעלעך צו דער שחיטה. דאָס איז אַ גוטע לערע פאַר דער צוקונפט, אָבער די זעקס מיליאָן וואָס זענען אומגעקומען קאָן דאָס שוין נישט העלפן...

רבקה אַקערמאַן

## אין ליימיקן גרוב

כ׳ליג איינע אַליין אין גרוב פון ליים.
כ׳האָב קיינעם נישט, כ׳האָב נישט קיין היים; —
קיינער איז אַרום מיר איצט נישטאָ;
ווי לאַנג ציט זיך די שעה!

כ׳מורמל נאָר דאָס איינציקע וואָרט:
„דער טאָג שטייט אויף אין אָרט”.
כ׳טו נישט מער נאָר כ׳זאָג און כ׳זאָג
„ווי לאַנג ציט זיך דער טאָג”.

די שמאָלע, ליימיקע גרוב, —
דאָס איז מיין איינציקע שטוב.
נאָר כ׳בין דאָ באַוואָרנט פון נויט, —
ווייל איינער אַ מאַן ברענגט מיר ברויט.

אַ שיינער, יונגער ערנסטער מאַן, —
האָט זיך איינגעשפּאַנט אין חוב-געשפּאַן;
ער האָט רחמנות אויף מיר און ער וויינט,
ער איז אַזוי שוואַרץ און באַחנט.

ער קומט צו מיר יעדן אויף דער נאַכט —
און פרעגט וואָס איך מאַך,
ער דערלאַנגט מיר דאָס ברויט
און גייט אַוועק, מער קיין וואָרט ער פאַרטרויט.

כ׳טו נאָר מורמלען אין מיין לייטיקן גרוב:
„מאַטעלע, קום צו מיין גרוב;
ברענג מיר ברויט! ברענג שוין ברענג,
אין מיין הונגער-נויט געדענק”.

און תיכף הייב איך מיינע אויגן אויף
שטייט מאַטעלע מיט אַ שטיק ברויט.
ער דערלאַנגט מיר דאָס ברויט און זאָגט מיר שטיל:
„בעט פאַר מיר ג-ט, בעט גאָר פיל.

און בלייב דאָ קינד מיינס, און האָב נישט קיין מורא,
איך מוז איצט אַוועקגיין,
דו בעט נאָר דעם בורא,
ער וועט דיר העלפן, וועסט זען”.

פאָטער אין הימל, דו ביסט פאַר מיר גוט,
דו שפּייזסט מיך און דיין חסד אויף מיר רוט,
און דערפאַר ווייל דו געדענקסט אין מיר,
וועל איך דיך ליבן אָן אַ שיעור.

דיר קומט דער בעסטער און טיפסטער דאַנק
פאַר דיין גרויסן געשאַנק.
דו טוסט מיך היטן און שפּייזן,
דו איינער קענסט מיך אויסלייזן.

ג-ט פון אברהם, דו ביסט זייער גרויס!
נאָר דו געזוועלטיקסט בלויז.
איבער דיר איז קיין ג-ט נישטאָ מער.
כ'שיק דיר מיין אָנטציקונגס-טרער.

ג-ט פון ישראל, אונדזערער ביסט.
דו ווייסט דאָך וואָס דו טוסט;
דו שטראָפסט קיינעם נישט אומזיסט,
ווייל גערעכט זייער ביסט.

דו ביסט דערבאַרמיק, שטאַרק און גרויס,
דו נעמסט פון צרות אַרויס,
דו איינער העלפן קענסט מיר בלויז.
אָך ג-ט! ווער גלייכט זיך דיר אוים?!



השוק לאחר השואה, בלי יהודים

דער מאַרק נאָכן חורבן אָן יידן

משה ארליך

# אין די שרעקלעכע טעג

ווינטער 1939—1940.

איך בין דעמאָלט געקומען צו פיס פון וואַרשע קיין בעכעווע. איך האָב געהערט אַז די רוסן געפינען זיך אין בעכעווע, אָבער קומענדיק אַהין זענען די רוסן שוין נישט געווען. אַ גרויסע טייל פון דער יוגנט זענען אַוועק מיט די רוסן. מען האָט געגלויבט, אַז די רוסן וועלן צוריקקומען און מיט דער האָפענונג האָט מען געלעבט.

אין דער צייט האָט געהערשט די אונטערוועלט. אין אַ טאָרג־טאָג האָט מען געוואָלט אָנפאַנגען צו ראַבירן די יידישע געוועלבער. יאָסל בראַנד האָט באַצאָלט אַ סך געלט דער אונטערוועלט און זיי האָבן פאַרהיטן דעם פאָגראָם. ביסלעכווייז האָבן די דייטשן גענומען די מאַכט אין שטעטל. ס'איז געווען אַ פאָלקס־דויטשע מיטן נאָמען בורקין. זיין אויפגאַבע איז געווען היטן און צו האַלטן אָרדענונג, און ביינאַכט — ראַבירן. נאָכהער איז אַריין די דייטשע געסטאַפּאָ. זיי האָבן געשאַפן דעם יודענראַט און אַרויפגעלייגט אַ גרויסע קאָנטרעבוציע אויף דער יידישער באַפעלקערונג. דער יודענראַט האָט אויסגעפירט די דייטשע באַפעלן און געשיקט די באַפעלקרונג אויף צוואַנגס־אַרבעט. דער האַנדל איז געוואָרן אָפּגעשטעלט, די פאָלקס־דייטשן פון קעלציוויץ זענען געקומען קיין בעכעווע און געראַבירט דאָס יידישע פאַרמעגן.

אין יענע שווערע טעג זענען צוריקגעקומען די געפאַנגענע פון פוילישן מיליטער ביי די דייטשן, אויסער איינער, וואָס איז געפאַלן — יעקל אלבורט.

ווען דער שניי איז אָנגעפאַלן האָט מען גענומען יידן צו רייניקן די שאָסייען. אויך דאָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ באַרבאַרישן אופן, מיט שלאָגן און הרגענען, אַרויסנעמען יידן מיט אָנגעטאָענע טליתים. אין דער זעלבער צייט זענען אָנגעקומען פליטים פון לאָדזש און קראָקע, וואָס האָט נאָך מער פאַר־

שווערט די לאַגע פון דער בעכעווער באַפעלקערונג. אויך אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס זענען אַוועק מיט די רוסן, האָבן אָנגעפאַנגען צוריקקומען אין שטעטל.

אין חודש מערץ 1940 איז אַרעסטירט געוואָרן דער בעכעווער רבי ז״ל. די דייטשן זענען די ערשטע מינוט געבליבן געפּלעפט ווען דער רבי האָט צו זיי גערעדט מיט אַן עכט פיינעם דייטש.

זומער 1940 האָט דער ראַט געמאַכט פון דעם מאַרק אַ גאָרטן און לעבן דער שקאָלע געמאַכט אַ פּלאַזשע. ביי די אַרבעטן זענען יידן געוואָרן קרבנות פון שלאָגן און הרגענען. דעמאָלט האָט מען אַרעסטירט יהושע לובעלסקי. מען האָט געמאַכט אַ בלבול אַז מען האָט ביי אים געפונען קוילן. מען האָט אויך אָנגעהויבן כאַפּן אויף אַרבעט צו מאַכן אָקאָפּעס אויף דער גרענעץ בעלזיץ־טושעוויץ, דאָס איז געווען די גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. מען האָט יעדעס מאָל געפאָדערט אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך זאַמלען פאַר דער גמינע און פון זיי אַרויסגענומען מענטשן און געשיקט קיין לובלין אין די לאַגערן.

### מען ראַבירט די פּיטערס — און מען הרגעט

ווינטער 1941 איז די עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרן קאַטעסטראָפאַל. אַז מען האָט געכאַפּט אַ ייד אויסערן שטעטל, איז ער גלייך געשאָסן געוואָרן. אין דער צייט איז אַרויס דער באַפעל פון פּיטערס. די געסטאַפּאָ איז אַריין אין יודענראַט און ניסנבוים האָט גאַראַנטירט, אַז אַלע יידן האָבן אָפּגעגעבן אַלע פּיטערס דער מאַכט. אין הויז פון פסח סטאָלער, ווו דער יודענראַט איז געווען, האָט אויך געוווינט יענקעלע צוקערמאַן. מען איז אַרויף צו אים און געפונען אַ פוטערל. מען האָט גלייך אַראָפּגעפירט צוקערמאַנס פרוי און נויסבוימען צום באַרג פון בית־העם און גלייך אויפן פּלאַץ דערשאָסן. זייער בלוט איז גערינען באַרג אַראָפּ. נאָך אַ קרבן פון די פוטערס איז געווען מאיר לוסטמאַן. ער איז געשאָסן געוואָרן ביי לייבל רימערשס וואַנט. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות. אַ פחד האָט אַרומגענומען דאָס שטעטל. די געסטאַפּאָ פון בעלזיץ איז יעדעס מאָל אַריינגעקומען אין שטעטל און סתם געשאָסן יידן, און אין איין טאָג זענען דערשאָסן געוואָרן בוזשע לוזערס און יודל גראַבלער, נחמיה זיידלערס פרוי און איינע פון די לאָדזשער פליטים.

אַ טיפוס האָט געבושעוועט אין שטעטל. דער בית המדרש איז פאַר־

וואַנדלט געוואָרן אין אַ בית חולים. ענדע ווינטער האָט מען באַפוילן, אַז אַלע שניידער און פעלצן מאַכער זאָלן זיך צושטעלן. מען האָט זיי געשיקט קיין לובלין אין לאַגער „פלגר לשקביץ״. די אַלע זענען מער נישט צוריקגעקומען, אויסער מיר. עס דערמאָנט זיך מיר ווען איך האָב געסאָרטירט די פּיטערס, וואָס זענען געווען פון גאַנץ אייראָפּע, האָב איך געפונען דעם פוטער פון הענדל ארלינגער. איר נאָמען איז געווען אָנגענייט ביים קאָלנער.

### ליקווידירונג פון געטאָ לובלין

מען האָט אָנגעהויבן צו ליקווידירן דעם לובלינער געטאָ און אויך די אַרומיקע שטעטלעך. עס איז געווען אַ געוואַלדיקע פּאַניק. מען האָט געהערט יעדן טאָג, אַז אַן אַנדער שטעטל איז ליקווידירט געוואָרן, מענטשן זענען געשלאָפן אין אָנטאָן, מען האָט זיך גערעכט יעדן טאָג. די שטימונג האָט זיך געהאַלטן ביז נאָך ראש השנה.

דאָס שטעטל הויבט אָן הונגערן, מען לאָזט זיך אַרויס אונטער דער שטאָט זוכן פרנסה און עס פאַלן ווייטער קרבנות: ישראל היטלמאַכער איז געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן, חיים שיעס טאָכטער איז אויך דערשאָסן געוואָרן; שמואל ביבערקלייד איז אַרעסטירט געוואָרן דורך אַ בלבול און איז מער נישט צוריקגע־קומען. אויף צוואַנגסאַרבעט האָט מען אָנגעפאַנגען כאַפּן טאָג־טעגלעך. אַ צעוויל־געקליידערטער דייטש מיטן נאָמען ענגעלמאַן, ימח שמו, האָט דערמאָרדעט שיעלע געווערץ און נאָך אַנדערע יידן.

יעדעס מאָל ווען די געסטאַפּאָ איז געקומען, האָט דער יודענראַט געמוזט צושטעלן קאַפּע, שטיוול און לעדער.

אויף ווי ווייט יידיש בלוט איז געווען הפקר באַווייזט דער פאַקט: אין יודענראַט איז געווען יצחק שלמה גרשון דונס; ער האָט געדאַרפט צושטעלן דער געסטאַפּאָ סחורות אָדער מיידלעך... האָט ער עס נישט אויסגעפירט און האָט זיך אויסבאַהאַלטן. האָבן די דייטשן אַרעסטירט דעם פאָטער זיינעם און זיינס אַ ברודער. אַז יצחק האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך צוגעשטעלט און האָט אָפּגעהאַנדלט מיט די דייטשן: אַנשטאָט זיין פאָטער, וואָס איז באַפרייט געוואָרן האָט ער צוגעשטעלט זעקס יידן וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין ברודער. צווישן די זעקס יידן זענען געווען צוויי ברידער פון די רימאַזעס און איינער צאַלקע.

### מען ראַבירט און מען פאַרשיקט

ראש השנה 1941. געדאַוונט האָט מען נאָר אין פּריוואַטע שטובן, און יעדער איינער האָט זיך געזען ווי אַ טאָג פאַרן טויט...

עס איז אָנגעקומען דער בלוטיקער דאָנערשטיק. אויף שווערע לאַסט־אויטאָס זענען אָנגעקומען אוקראַינער און האָבן אַרויסגעטריבן אַלע יידן אויפן מאַרק. אין די בונקערס, וואָס מען האָט זיך אָנגעגרייט, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די יונגע מענטשן. פרויען אין די מיטעלע יאָרן, האָט מען אַרויסגעשיקט אין די לאַגערן. אין צווישן האָט די פּוילישע באַפעלקערונג געראַבירט די געוועלבער. נאָך דעם האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז זונטיק פרי מוזן אַלע פאַרלאָזן דאָס שטעטל און פאָרן קיין בעלזיץ. אין דעם טאָג זענען געווען אַ סך קרבנות.

די טעג פרייטיק און שבת האָבן זיך יידן פאַרנומען מיט פּאַקן דאָס וואָס איז נאָך געבליבן נאָכן רויבן פון די פּאָליאַקן. הגם ווער האָט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט יעדן איינעם. זונטיק פרי האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי פאַר אַ יריד : לעבן יעדער שטוב איז געשטאַנען אַ וואָגן איינגעפּאַקט מיט די לעצטע בעבעכעס. דאָס איז געווען דער לעצטער וועג פון די בעכעווער. צום סוף פון דעם קאַראַוואַן איז נאָכגעגאַנגען צופיס הערש לייב בעל עגלה מיטן טלית און תפילין אונטער דעם אָרעם.

### מיר לויפן אין די וועלדער און דער טויט יאָגט נאָך

די לאַגע איז געוואָרן שווער און טרויעריק, ווען אין דער געגנט האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די פּוילישע באַנדע, וועלכעס איינציקער ציל איז געווען אויסצוגעפינען באַהאַלטענע יידן און זיי הרגענען. מיר האָבן זיך געלאָזט אין די וועלדער און פעלדער.

זייענדיק אין באדנערס זאַגאַינעק, אין איין געוויסן פרימאָרגן, האָט אונדז אויפגעוועקט אַ שטאַרקע שיסעריי אויפן וואַלד פון אַרמאַטן און מאַשין געווער. דעם זעלבן טאָג בין איך געבליבן אין וואַלד בלויז מיט לאה קליימאַן, די שוועסטער פון יענקל קליימאַן. די שיסערייען האָבן געדויערט פון פרי ביז נאַכט. אונדזער גליק איז געווען, וואָס די דייטשן זענען נישט אַריין אין וואַלד, נאָר געשאָסן אויף אונדז. צומאָרגנס האָבן מיר זיך צעשייט, איך האָב געדאָרפן גיין זיך טרעפן מיט מיינע ברידער.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען אַרויס פון וואַלד, האָבן אונדז פלוצלונג באַלאַגערט עטלעכע חברה מיט ביקסן. דאָס איז געווען אַ גרופּע שקוצים

פון בעכעווע און אַרום דער געגענט. עטלעכע פון זיי האָב איך פערזענלעך געקענט פון די שול־יאָרן. זייער פרייד איז געווען גרויס — סוף סוף האָבן זיי געכאַפּט יידן... זיי האָבן אונדז געפּאָרשט, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס נאָך יידן, און דער עיקר האָבן זיי געוואָלט וויסן ווו עס באַהאַלט זיך אויס די משפּחה פּסח דיאַמענט. ווען מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט געהערט און געזען קיין שום יידן אין דער געגנט, האָבן זיי באַשטימט אונדז צופירן אין וואַלד און דערשיסן. אויפן וועג האָבן זיי אָנגעהויבן צווישן זיך קריגן, ווער פון זיי וועט זיין דער שיסער. איינער האָט באַפוילן אויף דעם צווייטן ער זאָל דאָס מאַכן (ווייזט אויס, מיר זענען געווען זייערע ערשטע קרבנות) און אַזוי ווי זיי זענען נישט אַדורכגעקומען צווישן זיך, האָבן זיי אונדז באַפרייט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו דערווייטערן זיך פון דער געגנט, און מיר זענען אַוועק אויף די יאַסאָווער פעלדער און זיך אויסבאַהאַלטן אין ווייץ. ביינאַכט זענען מיר געגאַנגען צו באַקאַנטע פּויערים, צו באַקומען עפּעס וואָס צו עסן און האָבן אָנגעהויבן פרעגן, וואָס עס הערט זיך אין דער געגנט. האָבן זיי דערציילט וויפל יידן מען האָט געכאַפּט אין דעם דאָרף און דערהרגעט. צי די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט, האָבן מיר זיי געפרעגט. ניין, דאָס האָבן די פּוילישע געמאַכט.

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָב איך זיך דערוווּסט פון אַ פּויער פאָלגענדס: אין דאָרף אַסאָווע האָט זיך אויסבאַהאַלטן מענדל שאַרפשטיין מיט דער פאַמיליע. די ערשטע טעג פלעגט די פרוי זיינע, שרה, נייען ביי די פּויערים, און נאכהער האָבן זיי די גאַנצע פאַמיליע אויסגעהרגעט. דעם זעלבן גורל האָט געטראָפן יחזקאל קאהן צוזאַמען מיט דער משפּחה פון בערל צייג.

דער זומער איז אין פולן ברען, די נייע קאַרטאָפל ווערן פאַרטיק. ביינאַכט קאָכן מיר זיי אויף אַ פייער אין וואַלד, און אַזוי לעבן מיר.

מיר גייען אויף אַלשעוויץ בכדי צוצוקומען צו אַ געוויסן פּויער, וואָס פאַר דער אויסזידלונג פון בעכעווע האָט מיין ברודער אים אָוועקגעגעבן אַביסל פאַרמעגן צו באַהאַלטן... דאָס איז אַ רייכער פּויער, וועלכער איז גוט באַקאַנט געווען אין בעכעווע מיטן נאָמען נאָוואַק. שווער איז געווען צוצוקומען צו אים. מיט פיל פאַרזיכטיקייט, פאַרטאָגס, האָבן מיר אים אָפּגעוואַרט, כדי אים צו

טרעפן, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן. ענדלעך איז אונדז געלונגען. ער האָט אונדז גענומען צו זיך אויף אַ בוידעם בלויז נאָר אויף דריי טעג. זיצנדיק אויפן בוידעם האָבן מיר באַמערקט, אַז דער גאַנצער הויף איז ארומגעצויגן מיט טעלעפאָן דראָטן. די זאַך איז אונדז געוואָרן פאַרדעכטיקט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין אָוונט וועלן מיר אַנטלויפן און אים נישט דערציילן. אַזוי ווי מיר זענען נאָר אַרויס אין פעלד, האָט מען אָנגעהויבן אונדז באַשיסן. מיר האָבן איבערגעוואַרט די נאַכט אין פעלד און אין דער פרי זענען מיר צוריק צו אים אויפן בוידעם. אין דערפרי ווען ער האָט אונדז אַרויפגעברענגט פרישטיק, האָט ער זיך געפרעגט, צי מיר זענען גוט געשלאָפן. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז שוין לאַנג זענען מיר נישט אַזוי גוט געשלאָפן ווי ביי אים אויפן בוידעם. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב געהערט ביינאַכט שיסן, האָט ער זיך צעלאַכט... געוויס, זאָגט ער, מען האָט געכאַפּט עטלעכע יידן, אָבער איר האָט נישט וואָס מורא צוהאָבן. איר קאָנט שלאָפן ביינאַכט זיכער. דאָס איז אונדז געוואָרן נאָך מער פאַרדעכטיקט, צי וויל ער נישט אונדז פאַרנאַרן און דערלעדיקן אונדז. דעם זעלבן אָוונט זענען מיר אַוועק אָן זיין וויסן.

ביי אים איז געוועזן דער שטאַב פון א. ק. און זיין זון איז געוועזן איינער פון די פירערס. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז ער האָט אויסבאַהאַלטן שיינדל ביבערקלייד מיט דער פאַמיליע און שפּעטער זיי דערהרגעט (נאָך דער באַפרייאונג האָט די פוילישע מאַכט אים אַרעסטירט). מיר האַלטן זיך אַ געוויסע צייט אַרום דער געגנט און מיר גייען אויף דער זאַרשאַווע קאָלאָניע, גאַנזאָווע קאָלאָניע און קעלטשעוויצע קאָלאָניע. טאָג־טעגלעך האָט זיך איר געשיכטע, ווי אָט, אָט, ווערן מיר ניצל פון אַ געזירכטן טויט.

דער הערבסט רוקט זיך אונטער, דעם ווייץ האָט מען שוין אָפּגעשניטן, די פעלדער ווערן לער און ליידיק; שווער ווערט אונדז דאָס באַוועגן זיך און וואַנדערן. מיר מוזן וואַנדערן, ווייל ווי ווער האָט אונדז נאָר געזען, איז שוין געוואָרן פאַר אונדז אַ געפאַר, אַז אין אַ קורצע צייט וועלן דאָ זיין דייטשן אָדער פוילישע באַנדעס א.ק.* זייענדיק אויף דער גאַנזאָווע קאָלאָניע, האָט מען אונדז דערציילט אַז אין לעשניצווקע האָט מען אויסגעהרגעט אַ סך יידן פון בעכעווע. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען ועמען דאָס האָט

* אַרמיאַ קראַיאָוואַ.

געטראָפן דער אומגליק: דאָס זענען די עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין לעשניצוווקע, וואָס מיר האָבן זיך מיט זיי געזען מיט אַ צייט צוריק. שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז די גויים וואָס האָבן זיי אויסבאַ־האַלטן האָבן זיי אַליין אויסגעהרגעט. אַ טייל זענען געפאַלן פון דער א. ק.־באַנדע, וואָס מיר אַליין זענען געווען אין זייערע הענט.

„כאַפּט דעם יידן!"

אין אַ געוויסער נאַכט זייענדיק אין קעלטשעוויצע קאָלאָניע, האָבן מיר דערהערט געשרייען „כאַפּט דעם יידן". די געשרייען האָבן זיך פאַרשטאַרקט, מען האָט אָנגעהויבן קלינגען אין דאָרף אויף אַלאַרם, און אַלעס שרייט „כאַפּט דעם יידן". מיר האָבן אָנגעהויבן צו דערנענטערן זיך צו די געשרייען בכדי צו וויסן וואָס דאָרט קומט פאָר. די געשרייען האָבן זיך פאַרשטאַרקט, כאַפּט אים און כאַפּט אים. פּלוצלונג האָבן מיר געהערט אַ שאָס און אַלעס איז שטיל געבליבן. מיר האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן און ווייטער זען. פון דער־ווייטנס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע שאָטנס פון מענטשן. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט, האָבן מיר דערקענט אַ גרופּע פון יידישע פּאַרטיזאַנער מיט יענקל קליינמאַן. מיר האָבן זיי אויפגעהאַלטן און דאַן האָבן זיי דערציילט פאָלגענדס: די גרופּע איז איינגעשטאַנען אַ לענגערע צייט אין קעלטשעוויצע קאָלאָניע, די גויים האָבן געהאַט צייט זיי נאָכצוקוקן און נאָכצופאָרשן. אין דעם זעלבן אָוונט איז יענקל אַליין אַוועק צו זיינעם אַ באַקאַנטן פּויער. אויפן וועג האָבן זיך דערוויל אָרגאַניזירט עטלעכע פּויערים און געוואָלט אים נעמען. ער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט און געוואָלט שיסן, אָבער די ביקס האָט נישט געשאָסן. ער האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, און די גויים האָבן גענומען אים יאָגן און שרייען „כאַפּט דעם ייד". אויפן וועג האָבן זיך אָנגעשלאָסן נאָך גויים און אַלע האָבן אים געיאָגט און געכאַפּט. ווען די איבעריקע חברה האָבן דערהערט, זענען זיי אַרויס און געשאָסן דעם גוי, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט יענקלען. ווען די גויים האָבן דערזען אַ געהרגטן פון זיי, זענען זיי זיך צעלאָפן און עס איז געוואָרן שטיל. און איצט גייען זיי צוריק אויף זשאַבעוואָלער וועלדער. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן דאָרט.

מיר פאַרלאָזן די בעכעווער געגנט, און אַרום די דערפער אַ גרויסער בית הקברות פון יידן. זיי האָבן זיך פּרובירט ראַטעווען פון די דייטשן און געפאַלן פון פּוילישע באַנדעס.

פיל האָט מען אונדז דערציילט פון יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. אין וואלער גאלגאַזאָווסקע וואַלד איז געפאַלן קונע צייג, די זין פון נתן שאַרפשטיין און נאָך אַדערע, וואָס זייערע נעמען האָב איך נישט באַקומען. אין קאָזעראָוו האָט מען געכאַפּט אַ גרופּע יידן און געפירט זיי אויפן בית הקברות צו שיסן, אויפן וועג זענען זיי אַנטלאָפן. אַ צייט שפּעטער זענען זיי געפאַלן, צווישן זיי טובה לעווענבוים.

### מיט דער פּאַרטיזאַנקע

ראש השנה. שוין באַלד אַ יאָר ווי מיר וואַלגערן זיך אַרום אין וועלדער און קיין האָפענונג איז נישטאָ, אָבער לעבן ווילט זיך. טאָג־טעגלעך האָט זיך איר געשיכטן פון געפאַר, טויט און הונגער; נישט איין מאָל זענען מיר מקנא אַ הינט, ער איז פריי און מיר נישט.

מיר קערן זיך צוריק אין די וועלדער מענטאָוו, זשאַביוואַלע. איין נאַכט האָבן מיר אין וואַלד דערזען מענטשן פון ווייטנס. מיר האָבן זיך דערנענטער צו זיי. עטלעכע פּאַרטיזאַנער גרופּן, פון מענטעוו און גליסק לובלין האָבן זיך צונויפגעטראָפן, נאָך אַ צייט נישט זעענדיק זיך. פון בעכעווע זענען געווען דריי: איך, מיין ברודער יענקל און אשר קליימאַן.

דעם 15טן יוני 1944 זענען געפאַלן מיינע צוויי ברידער: אברהם און מענדל ערליך פון פוילישע מערדער. צוויי יאָר האָבן מיר זיך געמאַטערט און געקעמפט פאַרן לעבן, און אַ קורצע צייט פאַר דער באַפרייאונג זענען זיי געפאַלן.

**שמואל רובין**

# אין די טעג פון ליידן און פיין

אין חודש סעפּטעמבער 1939 האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות פון די יידן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין און טראַכטן וועגן קריג. די קריג האָט אויסגעבראָכן. די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן צו באַהאַלטן די סחורות אין די קעלערס, און אין די שפּייז־געשעפטן האָט מען גלייך גאָרנישט געקריגן אפילו נישט קיין נאַפט און זאַלץ, זייף און אַנדערע זאַכן, וואָס דער מענטש דאַרף צו האָבן. די מהומה איז געווען גרויס, און די באַפעלקערונג האָט אָנעהויבן פּאַקן אין די קעלערס זייערע פאַרמעגנס מיט דער האָפענונג, אַז דאָרט וועט דאָס געראַטעוועט ווערן. נאָך 2 וואָכן זענען די מערדער אַריין אין שטעטל, און עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די פּאַניק: מען האָט אָנגעהויבן שניידן די בערד פון די יידן, מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן צו פאַרשידענע אוממענטשלעכע אַרבעט. אַלע יידן פון 16 יאָר, האָבן זיך געדאַרפט פאַרשרייבן. מען האָט געשאַפן אַן אַרבעטס־אַמט מיט אַ יודענראַט, באַפוילן אָנטון אַ מגן־דוד אויף די הענט — אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות פון די בעכעווער יידן. אַ גאַנצע וואָך זענען מיר געגאַנגען צו פאַרשידענע אַרבעטן, און ווען מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָבן זיי אונדז באַצאָלט מיט שטעקנס איבערן קערפּער און — „ראַוּס שמוציקע יודע". איך בין געווען צופרידן, אַז כ'בין אַרויס מיט אַ גאַנצן קאָפּ, אַנדערע קלעפּ האָבן מיר נישט געהאַרט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט; די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן ביז דעם ווייסל און דאָס שטעטל איז געוואָרן הפקר. אינצווישן האָבן די פּאָליאַקן אָנגעטון געהאַקטע צרות. נאָך 2 וואָכן זענען געקומען די רוסן. זיי זענען געווען אין כשאַנאָוו און צו אונדז זענען נאָר געקומען פּאַטרולן. עס האָט נישט לאַנג גענומען און מיר האָבן זיך ווידער געפונען אין אַ שווערער

לאַגע: די רוסן גייען צוריק ביז דעם בוג. אין שטעטל איז געוואָרן פינצטער, די יוגנט איז אַוועק מיט די רוסן.

די דייטשן זענען ווידער דאָ און מיט זיי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פיין. מיר האָבן געליטן אַ גאַנצן ווינטער גרויסע און געברענטע צרות. איך בין נישט אומשטאַנד צו געדענקען אַלע דאַטעס ווען וואָס איז פאָרגעקומען, אָבער אייניקע געדענק איך דאָך. תשעה באב 1940 האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע שטעטל און אַרויסגעפירט אַ סך מענער. איך בין אויך געווען צווישן די אומגליקלעכע, אויך מיין פעטער — טוביה ברכהס מאַן; מיין שוואָגער ישראל מאַרקעוויטש, דער היטלמאַכער; לייבטשי סטאָלער מיט אַ זון; משה עלקיס אָרליכס אַ זון; משה יצחקס קלאדע, דער שניידער, און נאָך זייער אַ סך, וואָס איך געדענק נישט די נעמען. די אַלע מענטשן האָט מען געפירט נאָך לובלין אויף ליפּאָווע פלאַץ. דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין, אָן עסן און אָן טרינקען. דאַן האָבן מיר שוין געזען אונדזער גרויסן חורבן. אינמיטן דער נאַכט האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען ווי די בהמות און מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל בעלזיץ, וואָס איז געווען לעבן דער גרענעץ צווישן די דייטשן און די רוסן. דאָרט האָט זיך געעפנט פאַר אונדז דאָס ריכטיקע גיהינום. מען האָט יעדן טאָג געשאָכטן מענטשן ווי בהמות, און געאַרבעט זייער שווער, טאָג און נאַכט. מיר האָבן געגראָבן גראָבנס 5 אויף 5 מעטער, קעגן רוסישע טאַנקן.

אָבער אין אונדזער שטעטל בעכעווע האָט מען נאָך פאָרלויפיק געלעבט. די צרות זענען געווען אַנדערש ווי ביי אונדז אויף דער גרענעץ. מיר האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן בריוו נאָך פאַרשידענע וועגן צו אונדזער יודענראַט, נאָך בעכעווע, מען זאָל עפּעס טון און אונדז ראַטעווען פון דאָרט, ווייל עס איז אַ גרויס שעכט־הויז. אין שטעטל בעכעווע איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה וועגן אונדז און מיט וואָס קען מען העלפן. מען האָט דאָך געפונען אַ וועג און געהאָלפן. איין טאָג זענען מיר געקומען פון דער פינצטערער אַרבעט און עס האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ וואָגן מיט עסן פון אונדזער ליבן שטעטל, און אויך בריוולעך פאַר אַ סך מענטשן. די פרייד איז געווען זייער גרויס. אין מיין בריוו איז געווען געשריבן, אַז מען וויל מיך אויסקויפן, אָבער איך האָב געוווּסט ביי מיר אין האַרץ, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך דורכצופירן, ווייל איך האָב זיך געדאַרפט באַהאַלטן און נישט גייען צו דער אַרבעט. און דאָס האָב איך נישט געקאָנט דורכפירן, ווייל מען האָט יעדן טאָג אַריינגעשאָכן

אין די הייזער, ווו מיר האָבן געוווינט, אַזוי אַז ווער עס איז נישט אַרויס פון די הייזער איז געבליבן טויט. האָב איך באַשטימט צו גיין צו דער אַרבעט ווי לאַנג די פיס וועלן מיר טראָגן. אָבער עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן אַנדערע צרות. מיין פעטער טוביה איז געוואָרן שטאַרק קראַנק אויף דעזינטעריע, און איך האָב געזען אַז דער מענטש וועט אויסגיין. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו טון פאַר אים וואָס נאָר עס איז מעגלעך בכדי אים צו ראַטעווען. איך האָב אים באַהאַלטן אויף אַ בוידעם, ווי איך האָב גערעכנט, אַז עס וועלן נישט צוקומען קיין קוילן פון די מערדער, און האָב פון אים געוואַשן און גערייניקט, געקאָכט וואַרעם וואַסער, געגעבן צו טרינקען און געלייגט צום בויך הייסע קאָמפּרעסן — דאָס איז געווען אַלץ וואָס איך האָב געקענט טון, און גאָט האָט באַוויזן אַ נס, אַז עס איז אים בעסער געוואָרן. נאכער האָט מען אים אַוועקגעשיקט פון דאָרט, וווהין ווייס איך נישט ביז היינטיקן טאָג...

### מיר לויפן צוריק קיין בעכעווע

טאָג אַרויס, נאַכט אַריין און ס׳נימט נישט קיין סוף צו די פּיין. ס׳איז שוין אַדורך עטלעכע מאָנאַטן און דער ווינטער קומט אָן, מיר קומען פון דער שווערער אַרבעט נאַס, קאַלט, הונגעריק, און ווונדן אין די פיס פון גייען צו דער אַרבעט יעדן טאָג ביז 10 קילאָמעטער. אָבער עס נעמט נישט קיין סוף. יעדן טאָג האָב איך געבעטן, אַז איך זאָל נישט אויפשטיין, איז אָבער גאָט אַ צו להכעיסניק און אויף צרות איז מען זייער שטאַרק. אין אַ העלן פרימאָרגן, נאָך דעם אַפּעל, דאָס הייסט מסדר, איז מען פון בעלצער יודענראַט געקומען זאָגן, אַז עס איז דאָ פון בעכעווע 2 מוטערס מיט עסן פאַר אַלע מענטשן. מיר האָבן דאָס עסן באַקומען מיט אַ סך טרערן — נישט טרערן, נאָר בלוט. די 2 מוטערס זענען געווען: מיין שוועסטערביילע און די מאַשעלקי ערליך. ביי דעם עסן האָב איך זיך איינפאַרשטאַנדן מיט מאשעלקיס זין, אַז מיר ביידע דאַרפן נעמען פיס פון דאָ. אָבער דאָס איז נישט אַזוי איינפאַך אַפּצורעדן נעמען פיס, ווייל דאָס איז דער גרענעץ־פּאַס און עס איז געווען שטאַרק באַוואַכט פון אַלע זייטן מיט די קאַלטע מערדערס. אָבער טראָץ דעם האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. עס איז געווען בלויז 3 קילאָמעטער וועג, אָבער פאַר אונדז איז עס געווען 30! דאָרט האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז 2 מאַמעס, אָבער ווי אַזוי קומט מען אַהין? יעדן מעטער האָבן מיר געזען דעם טויט פאַר די אויגן, און ווען מען כאַפּט אונדז, ווערן מיר גלייך געהאָנגען ביי די פיס פאַרקערט מיטן קאָפּ

אַרונטער. מיר זענען אָנגעקומען און מיר האָבן געטראָפן די 2 מוטערס. ווײנען האָבן מיר שוין נישט געקענט, עס איז שוין נישט געווען מער קיין טרערן. מיר האָבן זיך אָביסל אָפּגערוט און אויך געגעסן ביי אַ גוי, געטוישט די צעריסענע קליידער, מען זאָל אונדז נישט מערקן, און אויף דער נאַכט זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין בעכעווע.

ווידער אין דעם אַנדערן פייער. איך בין אַ שיינע פּאָר וואָכן נישט אַרויס פון שטוב, עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז מען זוכט מיר, אָבער איך האָב זיך צוגעוווינט, אַז איך בין אין מיין היים. אָבער וואָס מאַכט מען ווייטער? אין שטעטל איז גאַנץ שלעכט, מען האָט נישט צו עסן, מען טאָר נישט אַרויס פון שטאָט, ווער עס ווערט געכאַפּט ווערט דערשאָסן. אָבער הונגער ברעכט אַלץ, און איך מיט מיין שוועסטער לאהלע האָבן זיך געלאָזט אין די דערפער צו ברענגען עסן אַהיים, און גאָט האָט געגעבן אַז מען האָט מיך 2 מאָל געכאַפּט מיט עסן און מיך נישט דערשאָסן.

ס.ס. פאַרלאַנגט פון דעם יודענראַט שניידערס — צום הרגענען

אַזוי האָב איך מיך געמוטשעט אַ לאַנגע צייט. איינער האָט נישט געוווּסט פון צווייטן ווו מען געפינט זיך, אָבער נישט געזאָרגט — צרות זענען אָנגעקומען איינע נאָך דער אַנדערער. אין אַ פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ מאַשין פון ס. ס. און מען האָט געוואָלט פון אונדזער שטעטל 30 שניידערס, און זיי זאָלן צוגע־שטעלט ווערן אין עטלעכע שעה. זיי האָבן געדאַרפט 30 יידן אָוועקהרגענען... וואָס האָט געטאָן אונדזער יודענראַט? יעדע פאַמיליע, וואָס האָט געהאַט 3—2 זין האָט געדאַרפט געבן אַ זון. נו, האָט דוד רובין געדאַרפן געבן אַ זון, און מיינע שוועסטערן און ברידער האָבן זיך ווידער געוואַנדן צו מיר, אַז איך זאָל פאָרן, ווייל די גרעסערע ברידער דאַרפן אויסהאַלטן די היים. איך האָב נישט קיין סך געטראַכט און האָב געזאָגט, אַז טוט וואָס איר ווילט, איך וועל נישט פאָרן און איך בין אַנטלאָפן פון דער היים. עס איז נישט געווען קיין ברירה, און מיין ברודער מענדל האָט זיך אַליין געשטעלט צו די מערדער אין די הענט. עס איז אַוועק אַ פּאָר שעה און עס האָבן זיך געמאָלדן 30 יונגע ביימער פון אונדזער שטעטל צו דעם טויט, פרייוויליק. 3 נאָך מיטאָג איז געקומען אַ לאַסט אויטאָ פון די מערדער און מען האָט די 30 העלדן געפירט קיין לובלין אויף זייער לעצטן וועג, קיין מיידאַנעק. נאָך עטלעכע טעג זענען די יונגע ביימער פון בעכעווע שוין געווען טויט.

וואָס טוט איך ווייטער? אין שטעטל האָבן זיך די שטיינער געריררט פון די געוויינען פון מענטשן. איך האָב שוין נישט מיין ברודער, אויך נישט מיין שוואָגער ישראל מארקעוויטש דעם היטלמאַכער. וואָס טוט מען ווייטער? די נויט איז גרויס, נישטאָ צו עסן. מיר האָבן זיך געלאָזט אין די דערפער אַרבעטן ביי די גויים, מען זאָל האָבן אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער און מען זאָל אויך קענען עפּעס אַהיים ברענגען. מיי ברודער חיים איז אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף אַרבעטן סטאָלעריי פאַר די גויים, ער זאָל אויך קענען עפּעס ברענגען אַהיים, און אַזוי האָבן מיר זיך געמוטשעט וואָכן און חדשים, און אין דער שטאָט האָבן מענטשן זיך געווונטשן דעם טויט, ווייל עס וועט נאָך קומען ערגערע צייטן, און עס איז טאַקע אַזוי געווען.

די דייטשיש־רוסישע מלחמה

1941. די מערדער האָבן אָנגעגריפן די רוסן. עס איז געוואָרן זייער שלעכט. די פּאַניק פון די יידן איז געוואָרן זייער גרויס. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַלעס צו גערבוריכן. אין אַ העלן פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל אַז אַלע יידן דאַרפן אָפּגעבן אַלע פוטער־זאַכן פאַר דער דייטשער אַרמיי, מיט אַ דאַטום, ביז דעם און דעם טאָג, ווער עס וועט נישט אָפּגעבן וועט ווערן געשאָסן. עס איז געקומען דער פינצטערער טאָג און די מערדער זענען געקומען אָפּנעמען דאָס פוטער פון די יידן. די מענטשן זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע פלעצער און צוגעמאַכט די הייזער. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, די מערדער האָבן אָנגעהויבן זוכן פיטער. דער ערשטער קרבן איז געווען פישל לוסטמאַן, דער בעקער. מען האָט געכאַפּט זיין זון מאיר, און עטלעכע סאָלדאַטן האָבן אים געשאָסן. מען האָט אים צעריסן דעם גאַנצן קאָפּ. פון פישל לוסטמאַן זענען זיי אַריבער אין אונדזער זייט און גלייך אַרויף צו יעקב מרדכיס, פיטער סוחרים, און מען האָט ביי אים געפונען אַ פּאָר שיך מיט פיטער. דער מאַן איז אַנטלאָפן, אָבער די פרוי שייבעלע, האָט געהאַט אַ קליין קינד און איז געבליבן אין דער היים. די מערדער האָבן גענומען די פרוי מיטן קינד, אפשר 3 מעטער פון אונדזער טיר, געהייסן אַוועקזעצן דאָס קינד און די מוטער געשאָסן. שפּעטער לעבן איר האָט מען געשאָסן דעם פּרעזוס (דער נאָמען פון פּרעזוס גלויב איך איז געווען נוסבוים, ער האָט געוווינט לעבן געלן דוד), זייער אַ טייערער ייד. אַזוי האָבן מיר געהאַט זייער אַ פינצטערן טאָג אין שטעטל. איך בין נישט אומשטאַנד אייך אַלעס איבערצוגעבן ווי עס האָט אויסגעזען. און אַזוי האָט

יעדן טאָג געבערענגט זיינע צרות אין שטעטל. נאָך דעם האָט מען יעדן טאָג געכאַפּט מענטשן. ווי איך האָב שוין פריער דערמאנט, בין איך אַנטלאָפן אין דאָרף, און קיינער האָט נישט געוווּסט וווּ איך בין. אָבער איך האָב דאָך געוואָלט זען מיין פאַמיליע, און האָב ווידער זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און געגאַנגען זען אין שטאָט מיינע עלטערן און שוועסטערן. האָב איך געטראָפן אַ נייע צרה: מיין שוועסטער טובה און מיין שוואָגערס שוועסטער און נאָך אַ סך מיידלעך האָט מען אַוועקגעפירט דורך לובלין קיין מיידאַנעק. איך האָב שוין מער נישט געוויינט, ווייל איך האָב שוין נישט געהאַט קיין טרערן צום וויינען, און אין האַרצן האָב איך מיר געטראַכט אפשר איז שוין איר בעסער ווי מיר... ביי אונדז אין דערהיים איז נאָך געבליבן מיין פאָטער און מיין קליינע שוועסטער לאהלע, די צווילינג פון מיר, מיין שוועסטער שרה מיט קליינע קינדער און איר מאַן, מיין שוועסטערביילע מיט אַ קליין קינד פון אַ פּאָר חדשים; איר מאַן האָט זיך אַליין געהאַנגען אויפן צמענטשאַזש פון בעכעווע. וועגן אַלע אנדערע משפחה רעד איך שוין נישט, ווייל איך ווייסט נישט ווי זיי זענען פאַרלוירן געוואָרן. די לאַגע איז געווען זייער קריטיש, דער קאָפּ פּלאַצט פון זאָרגן, ווו מען דרייט זיך און ווו מען שטייט, איז דער טויט פאַר די אויגן. אויב נישט פון דייטש איז פון פּאָליאַק. וואָס טוט מען ווייטער? ווי אַזוי זעצט מען פאָר דאָס לעבן אין אַזאַ מצב? אַזוי האָבן זיך געשלעפּט די צרות ביז פאַר די ימים טובים 1942.

די „אויסזידלונג"

1942. פאַר ראש השנה איז געוואָרן אַרויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן אין אַלע דערפער, אַז אַלע יידן דאַרפן פאָרן נאָך בעלזיצע לובלין, דאָרט איז געוואָרן אַ זאַמל־פּונקט פון אַלע יידן פון גאַנצן אומגעגנד לובלין, און וועלכער גוי וואָס וועט האַלטן אַ ייד, וועט ווערן פאַרברענט מיט זיין הויז. די פּלאַקאַטן האָבן געהייסן יודען ריין, ריין פון יידן. אַלע מענטשן פון די דערפער זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין די שטעט און מען האָט גענומען פּאַקן זאַכן, אָבער די מענטשן האָבן נאָך נישט געגלייבט וואָס עס שטייט זיי פאָר. איך האָב שוין ליידער געוווּסט, ווייל איך בין שוין געווען אין בעלזיץ. צענדליקער פירן זענען געפאָרן פון בעכעווע נאָך בעלזיץ. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט הונדערטער מענטשן, וואָס זענען געפאָרן. ווו מען פאָרט האָט קיינער נישט געוווּסט. מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל בעלזיץ. טויזנטער מענטשן ליגן אין

די גאַסן, די הייזער זענען שוין פול. אויס מיט בעכעווע, איצט איז אונדזער פרשה אַ נייע — בעלזיץ. וואָס וועט זיין דאָ, וואָס ווילן זיי מאַכן מיט אַזויפיל מענטשן? מיר דאַרפן שוין נישט זאָרגן וועגן דעם, די מערדער מאַכן שוין פּלענער פאַר אונדז. מיר האָבן זיך אָפּגעמוטשעט עטלעכע טעג אָן עסן און אָן טרינקען, אַ סך מענטשן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. עס איז געקומען די שעה ווען די מערדער האָבן אָנגעהויבן מאַכן ריין די שטאָט. אין מענדערוויץ־נעדזוועציע זענען שוין געשטאַנען הונדערטער וואַגאָנען מיט קאַלך, און מען האָט אַלע מענטשן געפירט אין די אייוונס צו פאַרברענען. אין שטעטל זענען געבליבן טויזנטער טויטע, וואָס די אוקראַינער האָבן אויסגעשאָסן אין די קעלערס און אויף די בוידעמס. די אַקציע האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג, די קולות האָט מען געהערט ביז דעם 7טן הימל, אָבער גאָט האָט אַלעס געזען און געשוויגן און נישט געהאָלפן...

מיר לויפן אין וואַלד און פאַלן אין די הענט פון פּאַליאַקן־מערדער

צומאָרגנס פרי האָט זיך ווידער באַוויזן אַ פּאָר הונדערט יידן אין שטעטל. מיר זענען געבליבן פון אונדזער פאַמיליע אַ פּאָר געציילטע מענטשן: מיין חיים, שרה לאה און מיין מומע נאָכעיע קאַרמאַן מיטן מאַן און קינדער, און שלום מארקעוויץ, אַ ברודער פון מיין שוואָגער. דער באַפעל פון די מערדער איז געוועזן זיך מעלדן אין זאַקליקאָוו. האָט מיין מומע קאַרמאַן געזאָגט ניין, מיר וועלן גיין ווו די אויגן וועלן אונדז פירן און נישט גיין צום טויט גלייך. מיר האָבן זיך געלאָזט אין די פעלדער און וועלדער, און זענען אַריינגעפאַלן אין זאַקשיוויק, אָבער זייער שלעכט — גלייך אין די הענט פון די פּוילישע פייערלעשער. זיי האָבן געשריגן: „מיר האָבן געכאַפּט יידישע באַנדיטן, מאָרגן ווערט איר אַלע אויסגעשאָסן”. האָבן מיר געזאָגט גוט, עס וועט אונדז זיין שוין בעסער. דאָס איז געוועזן פרייטיק־צונאַכטס. זונטיק אין דער פרי איז אָנגעקומען פּירן און דער קאָזע זענען געוועזן ביז 35 מענטשן. מ׳האָט אונדז אַלע געפירט קיין קראשניק צום יידישן בית־עולם, אונדז אויסצושיסן. אָבער אין קראשניק איז געוועזן אַן אַרבעטס־לאַגער, און דאָרט איז געוועזן אַ פרעזעס מיטן נאָמען פסח קאָווע, אַ קראַשניקער ייד, און ער האָט אונדז אויסגעקויפט פון ערשטן טויט. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז אונדז האָבן צו דער אַרבעט, און מען האָט אונדז ווידער איינגעזעצט אין קאָזע פון קראַשניק. דאָרט זענען מיר געזעסן עטלעכע טעג אָן עסן און אָן טרינקען. דאָרטן האָט מען אונדז צעטיילט:

פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער, מיר האָבן נאָר געקענט רעדן דורך די שפּאַרעס פון די ווענט. מיר האָבן געגעבן די 2 שוועסטערן דאָס גאַנצע געלט, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען העלפן ווו זיי וועלן זיין, אָבער די מערדער האָבן באַשלאָסן, אַז די פרויען דאַרפן נישט האָבן קיין געלט. נאָך אַ פּאָר טעג זיצן אין לאַגער זענען אָנגעקומען גרויסע קצינים פון ס. ס. מיט זייער גרויסע הינט און זיי האָבן געמאַכט אַ סעלעקציע, דאָס הייסט, ווער עס קען אַרבעטן און די איבעריקע צום טויט. ליידער צום גרויסן באַדויערן, זענען מיינע שוועסטער, שרה און לאה, געגאַנגען צו טויט. און מיר, די צוויי ברידער, האָבן געזען מיט אונדזערע אויגן ווי די הינט רייסן שטיקער לעבעדיק פלייש פון אונדזערע צוויי שוועסטער...

אין לאַגער בודזין

אַלע מענטשן וואָס זענען געבליבן לעבן האָט מען געפירט אין אַ לאַגער בודזין, לעבן קראשניק. דאָרט זענען געווען אַ פּאָר טויזנט יידן. דאָרט האָב איך אויך געטראָפן שלום קלאַדע דעם שניידער און נאָך עטלעכע בעכעווער. אין לאַגער בודזין האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די טאָג־טעגלעכע צרות ווי אין אַלע לאַגערן. איך וואָלט באַדאַרפט שרייבן אַ פּאָר וואָכן כדי צו באַשרייבן אַלע לאַגערן, ווו איך מיט מיין ברודער חיים זענען געווען, די לאַגערן פון פוילן: בעלזיץ, ליפּסקי, בודזין, ריישי, פלאַשאָוו; די לאַגערן אין דייטשלאַנד: פלוסנבערג, אַ טויטן לאַגער, אורנינבורג לעבן בערלין, אויך זייער אַ שווערער לאַגער, ברעמען; די לאַגערן פון פראַנקרייך, עלזאַץ־לאָטאַרינגען לעבן קאלמאר, און אויך אַ לאַגער וועסערלינג, און דער לעצטער לאַגער אין דייטשלאַנד זאַנטפּוסטן. דאָרט בין איך באַפרייט געוואָרן אין 8טן מאי 1945. מיין ברודער חיים האָט מען פאַרברענט אין אַפּריל 1945. ער איז געווען זייער געשוואָלן פון הונגער, אָבער איך האָב זיך נאָך געהאַלטן.

דאָס איז אַן איבערבליק פון מיין לעבן פון 5 יאָר צרות און לייד, וואָס קיין מענטש אין דער וועלט קען זיך דאָס נישט פאָרשטעלן.

לאה סוחובולסקי — קליימאַן
(קאַליפאָרניה)

# מיינע איבערלעבונגען*

איך גיב איבער אין אַ קורצן אינהאַלט די זכרונות פון די מלחמה איבער־לעבונגען אין היטלערס צייט, ימח שמו וזכרו. איך זע עס ווי אַ פליכט, אַלס אַ לעבעדיקער עדות, צו דערמאַנען פאַר דורי־דורות די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען אויף אַזאַ גרויזאַמען און שרעקלעכן אויפן אומגעקומען, און אין צוזאַמענ־האַנג מיט דעם אויך מיינע אייגענע איבערלעבונגען.

### מיטן אויסברוך פון קריג

ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן בין איך געווען אין וואַרשע און האָב דאָרט מיטגעמאַכט דאָס גאַנצע גיהנום מיט די באָמבעס, מיט די איינגעפאַלענע הייזער. איך בין געווען אין אַ בונקער. שטייענדיק ביי דער טיר, האָב איך געהערט אַ רוף מען זאָל אַרויסלויפן, און ווי איך בין אַרויסגעלאָפן, איז אַ באָמבע אַריין אין הויז און דאָס גאַנצע הויז איז איינגעפאַלן. נאָכדעם ווי וואַרשע האָט זיך אונטערגעגעבן, בין איך אַוועק צוריק נאָך בעכעווע. אַ פחד האָט געהערשט צווישן די יידן אין פוילן און אויך אין אונדזער שטעטעלע בעכעווע, און עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דאָס יידיש־מאַרטירישע גלות, דייטשן פון איין זייט — פאָליאַקן פון דער צווייטער זייט. מען האָט אונדז געשלאָגן, ראַבירט, צוגענומען אַלץ וואָס מען האָט פאַרמאָגט. מען האָט אַרויסגענומען יידן פון די הייזער אויף צוואַנגס־אַרבעט, אָן עסן, אָן טרונעקן, און מען האָט געשאָסן יידן אין די גאַסן.

די דייטשן זענען געווען נאָר עטלעכע וואָכן, זיי זענען אַרויס און די רוסן זענען אַריין. זיי זענען געבליבן ביז אָנפאַנג 1941, דאַן זענען ווידער אַריין די

* פון אַ בריוו, געשריבן דורך יעקב קליימאַנס שוועסטער אין סאַנט־יאַגאָ.

דייטשן. ווען די רוסן זענען אַרויס, איז שלום* מיט אַ האַלב שטעטל יונגעלייט אַוועק מיט זיי קיין רוסלאַנד. מיט זיי איז געווען אויך וויצנבליט מיט דער גאַנצער פאַמיליע און שלמה קיכעלמאַכער. איך האָב דאַן דערהאַלטן פון שלומן אַ קאַרטל, אַז ער האָט זיך אָנגעגעבן אין דער פוילישער אַרמיי, בכדי ער זאָל קענען אָנקומען דאָ ווו ער האָט אַ ברודער. מען האָט שוין מורא געהאַט אַרויסצושרייבן, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. די פוילישע אַרמיי איז דאָך שפּעטער געווען פאַרבונדן מיט דער ענגלישער אַרמיי. מער ווייס איך נישט פון אים, ער איז געפאַלן ערגעץ דאָרט, אָבער איך ווייס נישט ווו.

## די גרויסע צרות הויבן זיך אָן

אין אַ געוויסן פאַרטאָג, ווען יידן האָבן געדאַווגט אין שול, זענען די דייטשן זיי באַפאַלן, אַרויסגענומען מיט די טליתים, אַוועקגעפירט ביז צו דער בריק, לעבן רבן, און זיי מערדערלעך געשלאָגן און געפייניקט. מען האָט זיי די בערד ארויסגעריסן מיטן פלייש. צווישן די יידן איז געווען מרדכי רייס, וועמען די מערדער האָבן ספּעציעל געפייניקט. ער איז געווען אַ דיקער מענטש, האָבן די מערדערלעכע דייטשן זיך אַרויפגעשטעלט אויף אים, אויף דעם בויך, און געגאָסן ווייסער אויף זיין קאָפּ. איך בין דאַן געוועןביים רבן און האָב אַרויסגע־ק:קט דורך אַ לאָך.

אַ שטיקל צייט שפּעטער האָבן די דייטשן אַרעסטירט דריי וויכטיקע פּער־זאָנען: דעם בעכעווער רבי, און להבדיל דעם גלח און דעם פּוילישן דאָקטאָר. דער רבי איז געווען זעקס וואָכן אין טורמע, און מיט אַ גרויסע אינטערווענץ און אויך מיט געלט האָט מען דעם רבין באַפרייט. ווען ער איז אַרויס פון דער טורמע, איז ער געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס. אין דער טורמע האָט ער נישט געוואָלט עסן און האָט ממש געהונגערט, ווייל עס זענען געווען גרויסע שוועריקייטן אים אַריינברענגען אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ שטיקל פּוטער. אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַק, געלעגן קראַנק, און אָנפאַנג 1942 געשטאָרבן.

---

* יעקב קליימאַנס ברודער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט הכשרה אין אַ קיבוץ און איז געפאָרן פון וואַרשע נאָך בעכעווע אויסצופילן די פּאַפּירן פאַר דער רייזע נאָך ארץ ישראל.

לאה סוחובולסקי — קליימאַן
(קאַליפאָרניה)

# מיינע איבערלעבונגען*

איך גיב איבער אין אַ קורצן אינהאַלט די זכרונות פון די מלחמה איבער־לעבונגען אין היטלערס צייט, ימח שמו וזכרו. איך זע עס ווי אַ פליכט, אַלס אַ לעבעדיקער עדות, צו דערמאַנען פאַר דורי־דורות די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען אויף אַזאַ גרויזאַמען און שרעקלעכן אויפן אומגעקומען, און אין צוזאַמענ־האַנג מיט דעם אויך מיינע אייגענע איבערלעבונגען.

מיטן אויסברוך פון קריג

ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן בין איך געווען אין וואַרשע און האָב דאָרט מיטגעמאַכט דאָס גאַנצע גיהנום מיט די באָמבעס, מיט די איינגעפאַלענע הייזער. איך בין געווען אין אַ בונקער. שטייענדיק ביי דער טיר, האָב איך געהערט אַ רוף מען זאָל אַרויסלויפן, און ווי איך בין אַרויסגעלאָפן, איז אַ באָמבע אַריין אין הויז און דאָס גאַנצע הויז איז איינגעפאַלן. נאָכדעם ווי וואַרשע האָט זיך אונטערגעגעבן, בין איך אַוועק צוריק נאָך בעכעווע. אַ פחד האָט געהערשט צווישן די יידן אין פוילן און אויך אין אונדזער שטעטעלע בעכעווע, און עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דאָס יידיש־מאַרטירישע גלות, דייטשן פון איין זייט — פאָליאַקן פון דער צווייטער זייט. מען האָט אונדז געשלאָגן, ראַבירט, צוגענומען אַלץ וואָס מען האָט פאַרמאָגט. מען האָט אַרויסגענומען יידן פון די הייזער אויף צוואַנגס־אַרבעט, אָן עסן, אָן טרונעקן, און מען האָט געשאָסן יידן אין די גאַסן.

די דייטשן זענען געווען נאָר עטלעכע וואָכן, זיי זענען אַרויס און די רוסן זענען אַריין. זיי זענען געבליבן ביז אָנפאַנג 1941, דאַן זענען ווידער אַריין די

* פון אַ בריוו, געשריבן דורך יעקב קליימאַנס שוועסטער אין סאַנט־יאַגאָ.

דייטשן. ווען די רוסן זענען אַרויס, איז שלום* מיט אַ האַלב שטעטל יונגעלייט אַוועק מיט זיי קיין רוסלאַנד. מיט זיי איז געווען אויך וויצנבליט מיט דער גאַנצער פאַמיליע און שלמה קיכעלמאַכער. איך האָב דאַן דערהאַלטן פון שלומן אַ קאַרטל, אַז ער האָט זיך אַנגעגעבן אין דער פוילישער אַרמיי, בכדי ער זאָל קענען אָנקומען דאָ ווו ער האָט אַ ברודער. מען האָט שוין מורא געהאַט אַרויסצושרייבן, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. די פוילישע אַרמיי איז דאָך שפּעטער געווען פאַרבונדן מיט דער ענגלישער אַרמיי. מער ווייס איך נישט פון אים, ער איז געפאַלן ערגעץ דאָרט, אָבער איך ווייס נישט ווו.

### די גרויסע צרות הויבן זיך אָן

אין אַ געוויסן פאַרטאָג, ווען יידן האָבן געדאַוונט אין שול, זענען די דייטשן זיי באַפאַלן, אַרויסגענומען מיט די טליתים, אַוועקגעפירט ביז צו דער בריק, לעבן רבן, און זיי מערדערלעך געשלאָגן און געפייניקט. מען האָט זיי די בערד אַרויסגעריסן מיטן פלייש. צווישן די יידן איז געווען מרדכי רייס, וועמען די מערדער האָבן ספּעציעל געפייניקט. ער איז געווען אַ דיקער מענטש, האָבן די מערדערלעכע דייטשן זיך אַרויפגעשטעלט אויף אים, אויף דעם בויך, און געגאָסן וואַסער אויף זיין קאָפּ. איך בין דאַן געווען ביים רבן און האָב אַרויסגעקוקט דורך אַ לאָך.

אַ שטיקל צייט שפּעטער האָבן די דייטשן אַרעסטירט דריי וויכטיקע פּערזאָנען: דעם בעכעווער רבי, און להבדיל דעם גלח און דעם פוילישן דאָקטאָר. דער רבי איז געווען זעקס וואָכן אין טורמע, און מיט אַ גרויסע אינטערווענץ און אויך מיט געלט האָט מען דעם רבין באַפרייט. ווען ער איז אַרויס פון דער טורמע, איז ער געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס. אין דער טורמע האָט ער נישט געוואָלט עסן און האָט ממש געהונגערט, ווייל עס זענען געווען גרויסע שוועריקייטן אים אַריינברענגען אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ שטיקל פּוטער. אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַק, געלעגן קראַנק, און אָנפאַנג 1942 געשטאָרבן.

* יעקב קליימאַנס ברודער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט הכשרה אין אַ קיבוץ און איז געפאָרן פון וואַרשע נאָך בעכעווע אויסצופילן די פּאַפּירן פאַר דער רייזע נאָך ארץ ישראל.

### די מיטלאַלטערישע גזירות

עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יעדער ייד זאָל טראָגן אַ געלע לאַטע אויפן לאַץ און אויף די פּלייצעס. אַזוי האָט מען געמוזט גיין מיט די צוויי געלע לאַטעס ביי דער אַרבעט און איבעראַל, מען זאָל לייכט דערקענען דעם יידן צום שלאָגן. אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט מען אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער ייד מוז טראָגן אַ ווייסע לענטע מיט אַ בלויען מגן־דוד, אויף דער רעכטער האַנט.

אין דער גרויסער געביידע פון מולעס הויז זענען איינגעשטאַנען די דייטשע ס. ס., און פונקט קעגן איבער איז געווען די פּוילישע געמינע. צווישן מולעס הויז און דער געמינע האָט מען אויסגעלייגט אַ שיינעם גאָרטן, אין וועלכן יידן האָבן געמוזט אַרבעטן. די דייטשן פלעגן אַרויסגיין אויפן באַלקאָן, זיך אַוועקזעצן ווי כראַביעס און קוקן ווי די אָרעמע יידן אַרבעטן. טאָמער איז זיי עפּעס וואָס נישט געפעלן, האָבן זיי גלייך געשאָסן דעם יידן אין קאָפּ אַריין.

### מען הרגעט און מען ראַבעוועט

אין אַ שיינעם פרימאָרגן פון סעפּטעמבער 1942, דריי אַזייגער פאַרטאָג, האָבן די דייטשן באַלאַגערט דאָס שטעטל, אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די שטובן באָרוועס און נאַקעט, און געטריבן צו דער ניווע־פּלאַץ. זיי האָבן אונדז געטריבן אַ גאַנצן טאָג אין הונגער, דורשט און שרעק — און מיט קלעפּ. די היץ איז געווען זייער גרויס און מען האָט געחלשט פאַר אַ ביסל וואַסער. ביז פאַרנאַכט האָבן די מערדער אונדז אַרומגעטריבן אויפן פּלאַץ, דאַן אַרומגעשטעלט ביקסן און מאַשין־געווער און געשאָסן אויף אונדז. עס זענען געווען פיל קרבנות, און ווער עס איז געבליבן לעבן האָט געפונען אַהיימקומענדיק ליידיקע הייזער, ליידיקע שטובן.

ווען מען האָט אונדז אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די היימען און פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ, האָט מען אַוועקגענומען פון חנה־שרה צוויי מיידלעך, קליינינקע. האָט חנה־שרה אָנגעהויבן זיך צו וואַרפן און צו בעטן מען זאָל איר נישט אַוועקנעמען די קינדער, האָט געכאַפּט אַ מערדער — אַ דייטש און איר געגעבן מיט דער קאָלבע איבערן קאָפּ. זי איז באַלד געפאַלן פאַרגאָסן מיט בלוט אויף דער ערד, און די קינדער האָט מען אַוועקגענומען.

### די אויסזידלונג... צום טויט

צומאָרגנס איז געווען אַרויסגעהאָנגען פּלאַקאַטן, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרלאָזן

דאָס שטעטל און פאָרן קיין בעלזשעץ; ווער עס וועט פאַרבלייבן, וועט דערשאָסן ווערן. אַזוי האָט מען אַלע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך פאַרנאַרט קיין בעלזשעץ און דאָרט האָט מען אַלע אויסגעשאָסן. אַ פּאָר יונגע מענטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן. צווישן די בין איך אויך געווען.

ווען מיר זענען געזעסן אויף דעם פּלאַץ און געוואַרט אַוועקצושיקן ווערן אין די לאַגערן אַריין, זענען אָנגעקומען צען לאַסט־אויטאָס. מען האָט זיי אָנגעפילט מיט מענטשן אַוועקצושיקן. איך בין געשטאַנען אין דער ריי און בין געבליבן צום לעצטן אויטאָ. אַזוי ווי איך בין געשטאַנען גרייט אַרויפצוגיין אויף דעם אויטאָ, האָט יצחק טורבינער — איך וועל אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן! — פאַרמיטלט מיט איינעם אַ מיליטער־מאַן, אַ דייטש, אָדער אַן אוקראַינער, און איך האָב אים געגעבן 500 זלאָטעס ער זאָל געבן דעם מיליטער־מאַן, אַז ער זאָל מיך אַרויסראַטעווען. ער האָט אַזוי געטאָן און האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט. איך בין אַנטלאָפן און נאָך מיר זענען נאָך עטלעכע פרויען אַוועק און זיך געראַטעוועט.

פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ וואַנדערונג צווישן פעלדער און וועלדער, הונגער, באָרועס, שרעק און קעלט, מורא האָבנדיק פאַר דעם טויט יעדער מינוט. וואַנדערנדיק ביינאַכט אין די וועלדער, האָב איך געטראָפן משה ערליך מיט זיינע צוויי ברידער. איך בין מיט זיי צוזאַמען געווען אַ שטיקל צייט. נאָכער האָב איך געטראָפן יאסע טאוב, יענקל פאַשקעוועטס טאָכטער, יאָסל בראַנדס פרוי מיט איר צוויי־יאָריקן ייִנגעלע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט אַ פּאָליאַק, וועלכער וויל זי מיטן קינד אויסבאַהאַלטן און אויב איך וויל, קען איך זיין מיט איר צוזאַמען. זי האָט געלט גענוג צו באַצאָלן פאַר מיר אויך. ווען דער פּאָליאַק איז געקומען צופאָרן, 12 ביינאַכט מיטן וואָגן שטרוי, האָט ער געוואָלט אויך מיך מיטנעמען, אָבער מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל נישט מיטפאָרן, און איך בין אַוועק אין אַ צווייטער ריכטונג. זיי זענען אָפּגעפאָרן.

איידער זיי זענען אָפּגעפאָרן איז דאָס ייִנגעלע געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז ער האָט זיך געווענדעט צו מיר אויף פּויליש, איך זאָל אים געבן אַ שטיקעלע ברויט. איך האָב אים געגעבן אַ שטיקעלע ברויט, האָט ער עס גלייך אויפגעגעסן און געקומען בעטן נאָך אַ שטיקעלע ברויט. האָט אים די מאַמע געזאָגט: „גיי נישט בעטן, זי וועט נישט קריגן קיין אַנדער ברויט מער." זיצנדיק אַזוי אין וואַלד האָט זי מיר דערציילט די געשיכטע פון איר ייִנגעלע.

דאָס ייִנגעלע האָט געהייסן בעניעק, נאָך בעריל בראַנד. זיי זענען געווען

צוזאַמען, זי און יפת (?) און דאָס קינד און יאָסל, ביי אַ גוי. זענען אַראָפּגעקומען די פּאָליאַקן און האָבן מיט שטעקנס געשלאָגן אַזוי, אַז דעם קינדס מאַנטעלע איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. דאָס קינד האָט דערנאָכדעם דערציילט, אַז יאָסקע האָט געשריגן: „בעניעק, נקמה זאָלסטו נעמען! אַז דו וועסט בלייבן לעבן, זאָלסטו נעמען נקמה אין די אַלע אַנטיסעמיטן, אין די אַלע דייטשן, אין די גויים, ווייל איך פאַרליר מיין לעבן ביי זיי.״ ווי טרויעריק און טראַגיש איז צו הערן פון אַ צוויי־יעריקן קינד, וואָס דערציילט אין באַהעלטעניש אין וואַלד די ווערטער פונעם טאַטן, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן! שפּעטער בין איך געוויר געוואָרן פון אַ צווייטן פּאָליאַק, אַז זיי זענען דערשאָסן געוואָרן פון דעם זעלבן פּאָליאַק, וואָס האָט זיי אַוועקגעפירט.

די פּאָליאַקן האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן, געאַרבעט מיט זיי האַנט ביי האַנט. אַלע גרעסערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן: טרעבלינקע, מיידאַנעק, אוש־וויץ — זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין פּוילן. פון אַלע אַנדערע לענדער האָט מען געבראַכט די יידן קיין פּוילן. מיידאַנעק איז געווען אין לובלין. דאָס טאָר מען נישט פאַרגעסן, דאָס דאַרף מען געדענקען פאַר דור־דורות!

### יידן צענעמען יידישע הייזער אין בעכעווע

ענדע 1942 איז די געגנט שוין געווען יודנריין. איך האָב מיך אַרומגע־וואַלגערט. איך האָב געהערט אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע יידן, מיידלעך און יינגלעך, וואָס די דייטשן האָבן גענומען קיין בעכעווע, זיי זאָלן צעוואַרפן אַלע יידישע הייזער. איך בין ביינאַכט אַריינגעגאַנגען קיין בעכעווע מיטן געדאַנק זיך אַריינכאַפּן אין דער גרופּע אַריין. איך האָב געדענקט, אַז אַזוי וועל איך זיין זיכערער. מען האָט אָבער די מענטשן פון דער גרופּע געציילט ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט און ביים צוריקקומען פון דער אַרבעט. איך בין מסתמא אַריין שפּעט, ווייל איך האָב שוין געטראָפן דאָרט אַלע מיינע באַקאַנטע. עס איז דאָרט געווען אַ מיידל, מרים גרין. זי האָט מיר געזאָגט: „לאה, איך וועל דיר שוין אויסבאַהאַלטן. קום אַריין און זיי מיט מיר איבער נאַכט, און עס קען זיין, אַז דו וועסט אַריין אין דער גרופּע.״ זי האָט מיר אַריינגענומען אין בעט אַריין. אין מיטן דער נאַכט איז מען געקומען ציילן די מענטשן, די קעפּ. יעדערער איז פאַרשטענדלעך טויט געוואָרן. מרים האָט מיר אַרונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע, איבערגעדעקט, אַז מען זאָל מיר נישט אָנזען. די דייטשן זענען געגאַנגען מיט אַן עלעקטריש לעמפּל און געציילט די קעפּ און מיין

האַרץ איז כמעט אַרויסגעשפּרונגען פון שרעק, אָבער איך בין אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

### וואַנדערנדיק אין די וועלדער

וואַנדערנדיק צווישן די וועלדער האָב איך אָנגעטראָפן אויף חיים לעווענבערגס שוועסטער; וווהין זי איז אַהינגעקומען ווייס איך נישט. אויך האָב איך זיך געטראָפן מיט לייבוש (איך געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען). איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט חיים לעווענבערג. ער איז געווען אין מיידאַנעק און איז פון דאָרט אַנטלאָפן. מיט חיימן צוזאַמען בין איך געווען עטלעכע חדשים, 2—3 דאַכט זיך מיר. מען האָט באַצאָלט אַ גוי ער זאָל מאַכן אַ גרוב פאַר אונדז און מען האָט אים באַצאָלט מיט גאָלדענע פינפערלעך. ביינאַכט, דעם 20־טן סטיטשען (יאַנואַר) 1943, האָט מען אונדז אַרויסגענומען פון גרוב צום שיסן. מיר זענען געווען פיר: חיים לעווענבערג, ברוך העכטמאַן, אַ קוזין פון יצחק טורבינער, אַ בעלזשעצער, און איך. מען האָט אונדז אַוועקגעשטעלט צו דער וואַנט. איידער מען האָט געשאָסן האָב איך זיך געבעטן ביי חיימן, דעם געוועזענעם העלד חיים לעווענבערג, לאָמיר זיך נישט לאָזן, לאָמיר עפּעס טאָן, לאָמיר פּרובירן אַנטלויפן. אָבער חיים איז געווען אַזוי צעבראָכן גייסטיש, מאָראַליש און פיזיש, אַז ער האָט געזאָגט: „איך האָב נישט וואָס צו לויפן. מיין פרוי און קינד האָט מען מערדערלעך דערהרגעט. מיין גאַנצע פאַמיליע איז אויסגעהרגעט, צו וואָס האָב איך צו לויפן? עס איז מיר שוין נישט ניחא מיין גאַנץ לעבן." הערנדיק פון אַזאַ ריז ווי ער איז געווען, האָבן מיר אַלע פאַרלוירן דעם מוט, און אַזאַ ווערעמל ווי איך אוודאי. איך בין געשטאַנען אין מיטן, צווישן זיי, ווען מען האָט געגעבן דעם ערשטן שאָס. ברוכס קאָפּ איז אַרויפגעפאַלן אויף מיין אַקסל און איך בין אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט. עס זעט אויס אַז איך בין פאַרחלשט געוואָרן און גלייך אַוועקגעפאַלן מיט דעם געשאָסענעם ברוך. מען האָט די איבעריקע אַלע דערשאָסן. ווי לאַנג איך בין אַזוי געבליבן ליגן ווייס איך נישט. איך האָב מיר אויפגעכאַפּט פאַרבלוטיקט, אין אַ קאַלוזשע בלוט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך פאַרשטאַנען אַז כ'טאָר דאָ נישט בלייבן קיין מינוט, בין איך אַנטלאָפן. געלאָפן בין איך צו וואַסער זיך אָפּוואַשן אַביסל און פון דאָרט אין וואַלד אַריין. נאָכער בין איך ווידער צוריקגעקומען, אַריינגעלאָפן אין אַ סטאָדאָלע, אָפּגעריסן אַ ברעט און אַרונטערגעקראָכן אונטערן שטרוי. איך האָב געמאַכט אַ ביסל שלאַג, און אַזוי

ווי איך בין אַריינגעקומען אין דער סטאָדאָלע, זענען עטלעכע גויים מיט ווידלעס אין די הענט אַריין און אָנגעהויבן איבערדרייען דאָס שטרוי, זוכנדיק מיך. זיי האָבן געזוכט, געזוכט, און זענען אַוועק. איך בין געבליבן דאָרט אַ האַלב טויטע איבערן טאָג. ביינאַכט בין איך אַרויסגעלאָפן און אַוועק אין וואַלד אַריין. אין דעם אַנדערן עק פון דאָרט, אויפן פעלד, איז געשטאַנען אַ פרייע סטאָדאָלע מיט שיטערע ברעטער. איך האָב אַריינגעשטופט ביידע הענט, אַרויסגענומען אַ ברעט מיט די טשוועקעס, און בין אַריין אין דער סטאָדאָלע, אין אַ ווינקל אַריין. אַזוי בין איך געלעגן איבערן טאָג, און ביינאַכט בין איך אַרויסגעלאָפן זוכן עפּעס עסן.

פון דאַן אָן, פון דעם מאָמענט ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך מיר געמאַטערט אַליין, איינער אַליין צווישן הימל און ערד. איך בין געלעגן צווישן קאַרטאָפלעס, צווישן קאָרן, אין הונגער און נויט, אין שרעק און מורא. די היץ איז געווען גרויס און איך האָב געוואָלט טרינקען, אָבער קיין ביסל וואַסער איז נישט געווען. איך געדענק ווי איינמאָל, זיצנדיק צווישן קאָרן, האָב איך זיך אויסגעטון נאַקעט און געבעטען... איז געקומען אַ רעגן און האָט מיר געגעבן אַ ביסל וואַסער. איך האָב אויפגעשטעלט מיין מויל און אַריינגענומען דאָס וואַסער אין מויל אַריין.

אָפט מאָל פלעגט מען זיך אַרויסכאַפּן פון וואַלד ביינאַכט, אויסגעקאָפּעט אַ ביסל קאַרטאָפל און מען איז געגאַנגען אָפּקאָכן. מען האָט אויפגעשטעלט אַ ביסל וואַסער — עס האָט גענומען אַביסל צייט ביז מען האָט דאָס אַלעס צונויפגעשאַפּן, אַ טעפּל, וואַסער, קאַרטאָפלעס, אַ ביסל האָלץ — און איידער די קאַרטאָפלעס האָבן אָנגעהויבן צו קאָכן, האָט מען געהערט אַ שיסעריי. נו, דאָס איינציקע וואָס מען האָט געקאָנט טון איז געווען איבערדרייען דאָס טעפּל מיטן וואַסער, אויסלעשן דאָס פייער און אַנטלויפן פון אָרט. אַזוי איז מען געלאָפן פון איין פּלאַץ אויף דעם צווייטן ווי ווילדע חיות, וואָס די יעגער־הינט לויפן זיי נאָך. משה ערליך געדענקט אויך דעם פאַל מיט די קאַרטאָפלעס.

איך בין אַמאָל געגאַנגען ביינאַכט זוכן עסן. איך האָב געוואָלט אַריינגיין צו דער דישוווע*. עס איז געווען ווינטער־צייט, ביינאַכט, און איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין וועג. מיינע פיס זענען געווען פאַרבונדן מיט שמאַטעס, ווייל די שיך האָט מען מיר געהאַט צוגעגנבעט ווען איך האָב געדאַרפט איינמאָל אַנטלויפן שנעל. בין איך אַזוי געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט, ביז פאַרטאָג.

* דישווו — אַ גויה אין לעשניצוווקע ביי בעכעווע.

ווי עס איז געוואָרן ליכטיק, האָב איך זיך געפונען אויף אַ וועג ווו עס זענען געפאָרן דייטשן. איך האָב געזען אַ שטיבל מיט אַרומגעשאָלעוועטע ווענט און געפאַלענע בלעטער פון דיביימער. בין איך אַריין אין אַ וואַנט צווישן די בלעטער און זיך באַהאַלטן איבערן טאָג. דער גוי האָט נישט געוווסט אַז איך ליג דאָרט. די דייטשן זענען דורכגעפאָרן. ווען עס איז געוואָרן פינצטער, בין איך אַרויס און געלאָפן ווייטער זוכן אַן אַנדער וועג.

אַזוי האָב איך געוואַנדערט טאָג און נאַכט. דער שניי איז געווען טיף ביז די קני. עס איז מיר נישט גוט געוואָרן אויפן וועג, האָב איך געכאַפּט אַ ביסל שניי און זיך אָפּגעוואַשן דאָס פּנים, אַריינגעכאַפּט אַביסל שניי אין מויל אַריין — און געשפּאַנט ווייטער. ענדליך בין איך דורכגעגאַנגען דורך אַ צמענ־טאַזש אויף דער זאַדעמביע גאַס צו דער דישווונע. זי האָט מיר געגעבן אַ ביסל עסן. אַדאַנק איר האָב איך מיר אַזוי אויפגעהאַלטן. איך האָב מיר געמאַכט אַליין אַ גריבל און בין אין אים געלעגן אַ פּאָר חדשים, איבערן ווינטער, ביז עס האָט זיך צוגעריקט די באַפרייאונג.

די באַפרייאונג איז נישט געקומען צו שנעל. עס איז פּשוט אוממעגלעך אונטער אַזעלכע באַדינגונגען צו באַהאַלטן אַלץ אין געדאַנק, אין זכרון. עס שוועבן אַרויף פאַרשידענע מאָמענטן פון די איבערלעבונגען, נישט רעגלמעסיק און נישט גענוי לויט דער צייט־לויף, אָבער יעדער מאָמענט האָט זיין ווערט אַלס פאַקטישער אונטערצייכענונג פון דער בעסטיאַלער עפּאָכע פון דעם דייטשן היטלעריזם.

לויפנדיק פון דעם טויט

איינמאָל בין איך אַרויסגעגאַנגען זוכן אַ ביסל עסן, האָב איך אָנגעטראָפן אויף איינעם אַ מיליטער־מאַן. ער האָט מיר גלייך געשלאָגן אין קאָפּ אַריין און פאַרקלאַפּט מיין אויער. ביז היינט־צו־טאָג לייד איך אויף דעם אויער. אַ האַלבער קאָפּ איז מיר געווען געשוואָלן. קיין מעדיקאַמענטן האָט מען נישט געהאַט, האָב איך צוגעלייגט אַ נאַסע שמאַטע און אַזוי זיך געהיילט...

און אַזוי כסדר, טאָג־איין טאָג־אויס, לויפנדיק פון דעם טויט פאַר די אויגן, ביינאַכט צווישן פעלדער און וועלדער און וואַסערן. איינמאָל בין איך געגאַנגען ביזן האַלבן קערפּער אין וואַסער, דורכגעגאַנגען אויף דער לעשניצוווקע צו דער דישוווּנע נאָך אַביסל עסן. די דייטשן זענען געשטאַנען ביי בונקערן אין

פּאַלאַץ, האָבן זיי, ווי עס ווייזט אויס, געהערט דעם רויש פון דעם וואַסער, האָבן זיי געשאָסן, און אַ קויל איז אַדורכגעלאָפן מיר לעבן פוס.

אויף דער לעשניצוווקע זענען געווען אויסבאַהאַלטן דובטשע רייס מיט זיין פאַמיליע, צוזאַמען אַ 15 פּערזאָן. מען האָט זיי אויסגעהרגעט אויף אַ שויד־דערלעכן אופן. בערעלע פּסח סטאָלערס מיט זיין פרוי האָט מען געשאָסן אונטער אַ וואַנט ווו מיר זענען געווען. דער גוי האָט אונדז דאָס דערציילט. פון רוסלאַנד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז טויבעלע לעווענבוים און לייב הימעלפאַרב זענען געווען ביי אַ גוי, אויך אויף דער לעשניצוווקע. זיי זענען געווען דאָרט אַ לענגערע צייט, און די גויים האָבן מורא געקריגן, האָבן זיי אַליין זיי דערהרגעט.

### די באַפרייאונג ריקט זיך אָן

עס האָט זיך אונטערגערוקט דאָס יאָר 1944 און עס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ ביסל די באַפרייאונג. אין די פעלדער איז געווען אַ שטאַרקע שיסעריי, לעבן מיר ממש אין פעלד איז דורכגעפאָרן אַ טאַנק מיט דייטשן. איך בין געווען זיכער, אַז דאָ איז מיין טויט, אָבער עס איז געשען אַ נס, איינער פון אַזוי פיל נסים, וואָס איז מיר געשען און איך בין געבליבן לעבן.

אין אויגוסט 1944 זענען אַריין די רוסן. איך בין נאָך אַלץ געלעגן אין די פעלדער, געהערט די שיסעריי, אָבער האָב נישט געוווּסט ווער איז דאָ אין דער בעכעווער געגנד, וואָס האָט געהייסן אָסט־זייטע. איך האָב געזען אַדורכגיין עטלעכע רוסן, אָבער נישט געקאָנט זיך צו גלויבן מיינע אויגן. אַ גאַנצן טאָג בין איך געלעגן צווישן די קאָרן, ביינאַכט האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אַ שטרעקע פון אַ 10—12 קילאָמעטער, איינער אַליין צווישן הימל און ערד, אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט, קוים זיך אויף די פיס געהאַלטן. איך בין אָנגעקומען צו דער דישווונע. זי האָט מיר געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא, דו ביסט שוין פריי, די רוסן זענען דאָ." זי האָט מיר אַרויפגענומען אויף דעם בוידעם, געגעבן מיר צו עסן, און צוגעזאָגט: „וואַרט ביז דו וועסט שוין קענען אַרויסגיין אַליין." איך האָב דאָס אויך נישט געוואָלט גלויבן, זי האָט אַליין מורא געהאַט פאַר זיך. נאָך 2, אָדער 3 טעג האָט זי מיר אַרויסגעלאָזן, אַז מען זאָל נישט זען, אַז איך גיי אַרויס פון איר שטוב. עס איז געווען פאַר איר אַ חרפּה, אַז גויים זאָלן זאָגן, אַז זי האָט אויסבאַהאַלטן אַ ייד. פאַרטאָג, אַזייגער 5, האָט זי מיר געגעבן אַ לאָז אַרויס און איך בין דורכגעלאָפן

און אַריין אין שטאָט אַריין, באָרועס, אין אַ בלויז צעריסן קליידל, אויסגעדאַרט און אויסגעמאַטערט. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ גויה, ווו איך האָב זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן און געבעטן זי זאָל מיר געבן אַ קליידל. האָט זי געזאָגט, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן ביי איר אַלץ צוגענומען. בין איך צוגעגאַנגען צו אַדעלען. ער איז געווען אַ שוסטער און האָט געוווינט לעבן באַנק. זי האָט מיר געגעבן אַ פּאַרטעכל, אַ קליידל און אַ פּאָר שיך. זי האָט מיר אויך געגעבן אָפּצועסן און האָט מיר געזאָגט: „אַנטלויף שוין, ווייל אַז נישט, וועט מען דיך הרגענען.״

### אויף מיין וועג קיין לובלין

איך האָב מיר געלאָזט גיין צופוס, פון בעכעווע קיין לובלין. עס זענען אפילו אויפן וועג געווען פויערים, וואָס האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי ווילן מיר אַרויפנעמען אויפן פור, אָבער איך בין געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז כ׳האָב מורא געהאַט אַפילו אַ וואָרט צו זיי צו רעדן. בין איך אַזוי געגאַנגען ביז אונטער לובלין. איך האָב געטראָפן אויפן וועג גויים, וואָס האָבן מיך געקענט פון דעם זיידן אַלס סאַלטיס. אַ 2—3 קילאָמעטער אונטער לובלין טרעף איך אָן אויף צוויי שקצים מיט ביקסן — ציִען זיי אויס די ביקסן צו מיר און ווילן מיך שיסן. „דו ביסט אַ זשידוווקע, דאַרף מען דיר שיסן. פאַרוואָס האָסטו זיך אויסבאַהאַלטן?״ איז ווייטער געשען אַ נס, ווען דער צווייטער האָט זיך געגעבן אַ ריר: „האַלט! אַז זי האָט זיך שוין אויסבאַהאַלטן ביז איצט, זאָל זי ווייטער גיין.״ האָט זיך אָנגערופן דער אַנדערער: „לאָמיר איר דאָ דערהרגענען און אַריינוואַרפן אין קאָרן, קיינער וועט פון דעם נישט וויסן.״ און דער צווייטער: „ניין, מיין געוויסן זאָגט מיר, אַז זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביז איצט, זאָל זי ווייטער לעבן.״ אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין לובלין.

אין לובלין, אַם ערשטן בין איך אַרויפגעגאַנגען ווו מיין מומע פריידל האָט געוווינט, אויף דער נאָוואַ גאַס. איך בין אַריינגעקומען אויף נאָוואַ גאַס, געקוקט און געקוקט, געזוכט, געזוכט — קיין יידיש פּנים נישט צו געפינען. אַ קריסט, וואָס האָט דאָרט געוווינט, האָט מיר דערלויבט צו איבערנעכטיקן. איך בין נישט געשלאָפן — איך האָב נאָר געוויינט. דער קריסט איז געווען אַ גוטער גוי, האָט ער מיך געוואָלט באַרואיקן. „וויין נישט,״ האָט ער געזאָגט, „וועסט זען, עס וועט זיך שאַפן אַ יידישער קאָמיטעט און ער וועט אָנהויבן העלפן.״ אין דער פרי בין איך אַרויסגעגאַנגען אויפן מאַרק און געזוכט אַ יידיש פּנים. איך האָב דערזען באַוואַקסענע יונגעלייט, האָב איך מיר געדאַכט, אַז

דאָס זענען יידן. אַזוי האָט עס מיר אויסגעזען. אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, באַוואָקסן, אַרויס פון שטאַל אַרויס. האָב איך געפרעגט: „יהודים?" האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז זיי זענען יידן. זיי האָבן מיך אָנגענומען און אַוועקגעפירט צום רויטן קרייץ־הויז. אין רויטן קרייץ־הויז בין איך געווען אַן אַכט טעג. אין צווישן האָט זיך געשאַפן אַ יידישער קאָמיטעט, און דער קאָמיטעט האָט געשאַפן אַ הויז, מען האָט זיך פאַרזאַמלט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ ביסל יידיש לעבן אין פוילן.

דאָס איז נאָך נישט געווען די ענדע פון דעם קריג מיט די דייטשן. האַלב פוילן איז געווען פאַרנומען פון די רוסן, אָבער אין וואַרשע זענען נאָך געווען די דייטשן, און מען האָט זיך דאָרט געשלאָגן מיטן פולן ברען. 6 חדשים האָט נאָך געדויערט ביז מען האָט וואַרשע פאַרנומען. דאָרט האָט מען זיך געשלאָגן אין שטאָט פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, דייטשן מיט רוסן.

## נאָך דעם קריג

נאָכן קריג האָב איך געטראָפן עטלעכע יידישע מיידלעך: ריבטשע אַקערמאַן, גרין. ווו זיי געפינען זיך איצט ווייס איך נישט.

דאָס וואָס איך האָב דאָ איבערגעגעבן איז נאָר, ווי מען זאָגט, אויפן שפּיץ מעסער, מאָמענטן פון איבערלעבונגען, פון שרעק, פון זען דעם טויט פאַר די אויגן, פון לויפן ווי אַ ווילדע חיה און מורא פון דעם יעגער־הונט, וואָס לויפט דיר נאָך. צו באַשרייבן אַלעס איז פשוט אוממעגלעך, און ווען מען זאָל דאָס וועלן טון, דאַרף מען ביכער אָנשרייבן, גאַנצע טאָמען, און דאָס קאָן דאָס האַרץ נישט אויסהאַלטן. מען קאָן זיך נישט דערמאַנען אין רו אַלץ וואָס מען האָט געזען און מיטגעמאַכט — דאָס בלוט שרייט פון דער ערד אַרויס...

יעדער שטאָט, יעדער שטעטל, איז געווען אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע. איין שטאָט האָט נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין דער אַנדערער שטאָט, אַזוי אַרום איז די מערדער געלונגען צו טאָן, וואָס זיי האָבן זיך פאַרנומען אַדורכצופירן ביים פאַרניכטן די יידן. די פּאָליאַקן, פון דער אַנדערער זייט, האָבן מיטגעהאָלפן די מערדער. ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַזוי מיטגעהאָלפן, וואָלטן געווען געבליבן אַ סך יידן. ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטן די יידן, האָב איך אַליין געפילט אויף מיין אייגענער הויט און לייב. אַ סך מאָל בין איך געשטאַנען פאַרן טויט פון די הענט פון די פּאָליאַקן, און נאָר מיט נסים בין איך אַרויס פון זייערע הענט.

**אַלס צוגאָב**

איך האָב אויך מיטגעמאַכט דעם פינצטערן גיהנום אין פוילן. געלעבט אין וואַרשע אין דער צייט פון דעם קריג, מיטגעמאַכט דעם געטאָ־אויפשטאַנד מיט אַלע דאָרטיקע צרות־צרורות. איך בין געפירט געוואָרן נאָך מיידאַנעק און בין פון באַן אַראָפּגעשפרונגען און אַוועק אין וואַלד אַריין. דאָרט האָבן מיר מורא געהאַט פאַר די פּאָליאַקן פּונקט ווי פאַר די דייטשן, זיי האָבן נישט נאָר מיט־געהאָלפן די דייטשן אויסהרגענען די יידן, ווער עס איז פון די דייטשע הענט אַנטלאָפן האָבן די פּאָליאַקן געכאַפּט און דערמאָרדעט. נאָר אין פוילן האָבן די דייטשן געקאָנט אָפּטון דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט — אַריינציהען די יידן פון גאַנץ אייראָפּע נאָך פוילן צום פאַרגאַזן, צום אויסהרגענען, צום פאַרניכטונג.

אין וואַלד איז מיט מיר געווען אַ בעכעווער מיט נאָמען משה גרינס, זיין טאַטן האָט מען גערופן יהודה־לייב.

פנחס סוחובולסקי

## ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין געביט לובלין־ביכאָווע *

### גבית־עדות פון מאָטל שטערנבליץ

העניעק צימערמאַן איז געווען דער אָנפירער פון דער בעסט־אָרגאַניזירטער און אַקטיוויסטער ייִדישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין יענער צייט. צוזאַמען מיט אים אין דער שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען רעזניק.

דער לעצטער איז געווען אַ קריגס־געפאַנגענער פון דער געוועזענער פּוילישער אַרמיי. די דייטשן האָבן די ייִדישע קריגס־געפאַנגענע געהאַלטן אין לובלין אויף ליפּאָוואַ גאַס. רעזניק איז אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט און זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע, וואָס האָט אָפּערירט אין די דאָמבראָווער און אָסמאָליצער וועלדער.

העניעק צימערמאַן זאָל האָבן דערשאָסן די 7 מאַן פון דער באַנדע, וועלכע האָבן דערהרגעט צדוקן מיט זיינע חברים **. ער האָט צוגענומען זייערע וואָפן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אין וואַלד נאָך פון פאַר דער מלחמה. ער האָט צונויפגענומען ייִדישע יונגעלייט, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אין וואַלד און די וואָס זענען געבליבן פון צדוקס גרופּע. באַלד איז זיין נאָמען געוואָרן באַקאַנט אין דער געגנט.

די גרופּע פון העניעק צימערמאַן האָט געציילט צו פאַרשידענע צייטן פון 12 ביז 20 מאַן, מייסטנס לובלינער יונגעלייט. זיי זענען געווען פאַרהעלטניש־מעסיק גוט באַוואָפנט. אַפילו די דייטשע זשאַנדאַרמעריע פון קרענזשניצי (12

---

* אויסצוג פון „גבית־עדות: ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין געביט לובלין־ביכאָוואַ״ קאַפּיטל 2 אין „דאָס בוך פון לובלין״, פּערטע אָפּטיילונג: לובלינער ייִדן אין ווידער־שטאַנד, פּאַריז, תשי״ג—1952.

** אין דעם ערשטן קאַפּיטל ווערט געבראַכט די מעשים פון דער פּאַרטיזאַנער גרופּע אין דער שפּיץ פון וועלכער איז געשטאַנען צדוק (זיין פאַמיליע־נאָמען איז נישט אָנגעגעבן). און זיין גרופּע זענען ערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ גרופּע באַנדיטן פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״.

מאַן) האָט מורא געהאַט פאַר זיי. העניעק האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע נישט נאָר צו פאַרטיידיקן דאָס אייגענע לעבן, נאָר ער האָט געוואָלט איבערנעמען דעם שוץ פון אַלע יידן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אין דער געגנט. אַזעלכע זענען געווען פאַרהעלטנישמעסיק נישט ווייניק. אינם געביט צווישן לובלין און ביכאָוואַ, אין די דערפער און אויף די מיידאַנען האָבן אַ סך יידן פון לובלין געזוכט אַ מקום־מקלט שוין פון 1941 אָן. ביז האַרבסט 1942 האָבן זיי דאָרט געלעבט לעגאַל אָדער האַלב־לעגאַל. פון אָקטאָבער 1942, ווען ס׳איז אַרויס די גזירה וועגן בעלזשעץ, האָבן אַ סך פון זיי זיך אויסבאַהאַלטן. כדי צו געבן אַ ביישפיל פון דער צאָל באַהאַלטענע יידן, וויל איך דערציילן פאָלגנדיקן עפיזאָד: סוף 1942 האָבן זיך ביי אַ פויער פאַליוך אין גאָרטן פאַרזאַמלט 70 יידן. מיר זענען דאָרט געבליבן אַ גאַנצן טאָג. דאָס האַרץ בלוטיקט מיר ווען איך טראַכט, אַז פון אָט די 70 יידן, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען מיין טאַטע, האָבן, אויף וויפיל איך ווייס, נאָר 12 אַריבערגעלעבט די מלחמה. אַלע אַנדערע זענען אומגעקומען.

העניעק צימערמאַן האָט פרובירט אויסצובורייטערן זיין טעטיקייט. ער האָט פרובירט אַנטקעגנצווירקן דעם דייטשן טעראָר, וועלכער האָט געדראָט מיט דערשיסן די גאַנצע משפחה און אַלע שכנים פון אַ פויער, וואָס וועט באַהאַלטן אַ ייד; דער זשעדנעקייט פון געוויסע פויערים, וואָס האָבן זיך נישט אָפגעשטעלט אַרויסצוגעבן אַ ייד, כדי צו באַקומען די צוגעזאָגטע פרעמיע און דער בעסטיאַ־ליטעט פון אַנדערע, וועלכע האָבן אַליין דערהרגעט אַ ייד, כדי צוצונעמען זיין געלט אָדער זאַכן. ער האָט אָנגעזאָגט אין אַלע אַרומיקע דערפער, אַז יעדער, וואָס וועט אַרויסגעבן אַ ייד, וועט ווערן דערשאָסן און זיין הויז פאַרברענט. און ער איז נישט געבליבן בלויז ביים זאָגן. ווען דער פויער באַלטשוק אויף טישעווער מיידאַן האָט אַרויסגעגעבן דעם אָסמאָליצער ייד יואל (אגב צדוקס אַ שוואָגער), האָט העניעק צימערמאַן אונטערגעצינדן זיין הויז. באַלטשוק האָט פרובירט צו אַנטלויפן, אָבער די פאַרטיזאַנער האָבן אים געחאַפט און דערשאָסן. דעם טויטן האָבן זיי אַוועקגעלייגט אויפן פעלדוועג און אויף אים אַרויפגעלעגט אַ צעטל: „דערשאָסן פאַר אויסגעבן אַ ייד”. באַלד האָט די גאַנצע געגנט געקלונגען מיט דער דאָזיקער נייעס. העניעק האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אַרומיקע דערפער. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר דער פראָוויאַנטירונג פון די באַהאַלטענע יידן. אַזוי האָט ער איין מאָל באַפוילן די פויערים פון מיידאַן־דעמבינסקי אַרויסצושטעלן יעדע װאָכ טעפּ מיט געקאָכטע קאַרטאָפל נישט ווייט פון זייערע כאַטעס. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז ער וועט קאָנטראָלירן די דורכפירונג פונעם באַפעל און האָט עס

אויך געטון. די פויערים האָבן טאַקע אַרויסגעשטעלט במשך פון עטלעכע וואָכן טעפּ מיט געקאָכטע קאַרטאָפל פאַר די יידן.

אָנהייב 1943 האָט די פאַרטיזאַנער־גרופּע פון העניעק צימערמאַן דורכגעפירט אַן איבערפאַל אויפן קאָמיסאַריאַט פון דער פוילישער פּאָליציי אין פּיעטרעוויץ, ווו ס׳זענען געווען 7 פּוילישע פּאָליציאַנטן. העניעק האָט זיי צוגענומען דאָס געווער, פאַרברענט אַלע פּאַפּירן און דעם גאַנצן אַרכיוו (כדי אַזוי אַרום צו מאַכן אוממעגלעך דאָס נאָכקאָנטראָלירן פון עווענטועלע פאַלשע פּאַפּירן) און אָנגעזאָגט די פּאָליציאַנטן, אַז ער וועט זיי דערשיסן, אויב זיי וועלן מאַכן שוועריקייטן די באַהאַלטענע יידן. נאָכן דאָזיקן איבערפאַל האָט די גרופּע אויסגעפירט עטלעכע אַקציעס קעגן די זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטנס אין דער געגנט.

אין אַפּריל 1943 בין איך געלעגן באַהאַלטן אין אַן איזאָלירטער סטאָדאָלע, וואָס דער פויער סקשיפּעק פון אָסמאָליץ האָט געהאַט אויפגעשטעלט אין מיטן פעלד בעת דער פּאַרצעלאַציע. דער פויער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז מיר (מיין פאָטער, מיין שוועסטער און איך) זענען דאָרט געווען. אַרום מיטאָג־צייט האָב איך דערהערט אַ שיסעריי. די סטאָדאָלע איז געווען ביים ראַנד פון וואַלד. כ׳האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון דער סטאָדאָלע און אַריין אין וואַלד, פון ווו כ׳האָב געזען, ווי אויפן וועג קיין קרענזשניצי איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן 7 אָדער 8 דייטשע זשאַנדאַרמען און די פאַרטיזאַנער פון צימערמאַנס גרופּע. די דייטשן האָבן געהאַט 4 מאַן דערהרגעטע, די איבעריקע זענען אַנטלאָפן. העניעק האָט צוגענומען ביי זיי אַ מאַשין־ביקס, אַ זאַך, וואָס ער האָט שוין לאַנג געזוכט. ער איז איצט געווען איבערגליקלעך צו האָבן ענדלעך אַזאַ וואָפן.

אַ ביסל שפּעטער, אין מאַי אָדער יוני 1943, איז העניעק צימערמאַן, בעת ער איז געווען ביי אַ פויער, אַרעסטירט געוואָרן דורך זשאַנדאַרמען. זיי האָבן אָבער, צום גליק, נישט געוווסט, אַז ער איז אַ פאַרטיזאַנער. זיי האָבן אים מיט־גענומען ווי אַ „פּשוטן" ייד. מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין פּיעטרעוויץ. פון דאָרט איז העניעקן געלונגען צו אַנטלויפן. ער האָט מיט אַ הענטל פון אַ עמער אַרויסגעקראַצט אַ שטיין פונעם קעלער, אין וועלכן מען האָט אים פאַרשפּאַרט און איז אַוועק.

העניעק צימערמאַן איז געפאַלן אין קאַמף מיט וואָפן אין די הענט. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי: סוף זומער 1943 האָט אַ שטאַרקע דייטשע מיליטער־אָפּ־טיילונג אַרומגערינגלט דאָס דאָרף מיידאַן־דעמבינסקי. דאָס איז געווען אַ שטראַף־עקספּעדיציע קעגן דאָרף. זיי האָבן אָנגעצונדן 12 הייזער, קאָנפיסקירט די תבואה,

די חזירים. צימערמאַן און זיין גרופּע — צוזאַמען 16 מאַן — זענען גראָד יענעם טאָג געווען באַהאַלטן אין אַ סטאָדאָלע אין מיטן פעלד לעבן דאָרף. די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די סטאָדאָלע. צימערמאַן און זיינע חברים זענען אַרויס פון דער סטאָדאָלע, כדי זיך דורכצורייסן אין וואַלד אַריין. ס׳האָט זיך אָנגע־הויבן אַ קאַמף, וואָס האָט געדויערט מערערע שעהען. (ווי די פּויערים האָבן מיר שפּעטער דערציילט: פון 11 פאָרמיטאָג ביז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג). די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך העלדיש געשלאָגן (כ׳האָב פון אָסמאָליצע געזען דאָס פייער און געהערט די שיסעריי). די דייטשן זענען געווען געצוווּנגען צו ברענגען פאַרשטאַרקערונגען פון ביכאָוואַ און פון גליסק. צימערמאַן, רעזניק און נאָך עטלעכע איז עס, טראָץ דעם וואָס דער שונא איז געווען אפשר צען מאָל אַזוי צאָלרייך, געלונגען זיך דורכצורייסן צום וואַלד. אָבער אין לעצטן מאָמענט איז העניעק צימערמאַן פאַרוווּנדעט געוואָרן. ער איז אומגעקומען אין דער שלאַכט ווי אַ העלד, שיסנדיק ביז צו זיין לעצטער רגע אויף די שונאים. רעזניק און נאָך אַ פּאָר איז געלונגען אַריינצוקומען אין וואַלד און זיך צו ראַטעווען. רעזניק איז, אויף וויפיל איך ווייס, איצט אין פּוילן.

מלכה רייז

## אויף די חורבות פון מיין שטעטעלע

אין מיין שטעטעלע
איז נישטאָ מער קיין יידן,
די פּאָליאַקן, די מערדער,
זיינען גאַנץ צופרידן.

וועגן זייער העלדישקייט
דערציילן זיי — דערציילן,
און מיט יידיש גוטס
טוען זיי זיך טיילן.

אין די יידישע געסלאך
בלאָזן ווינטן קאַלטע,
מ׳זעט מער קיין קינדער,
קיין יוגענט, קיין אַלטע.

די הייזער זיינען ליידיק
פון מענשן, פון זאַכן,
ס׳סקריפּען טיר און פענסטער —
נישטאָ ווער ס׳זאָל זיי פאַרמאַכן.

איבער די חורבות פון׳ם שטעטעלע
שעפּשעט שטיל אַ שטימע:
פאַרוואָס? דאָך פאַרוואָס
איז אונדז דאָס געקומען?

פאַר די הייליקע, די קדושים,
וויל איך די יזכור־ווערטער שענקען,
אַז אונזערע קינדער
זאָלן זיי געדענקען.

סלאווה נייזער

# אין בעלזשיצער גיהינום *

...די קלעפּ און די גוואַלדן זענען געגאַנגען ביז צום הימל. ווען ער איז אַרויסגעקומען איז ער געווען אין בלוט און באַרוועס. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו שלעפּן אַנדערע מענטשן. מען האָט געשלעפּט מיין פאָטער צום שלאָגן. ווען איך מיט מיין ברודער האָבן געזען אַז מען נעמט מיין פאָטער צום שלאָגן, האָבן מיר זיך געבעטן ביי די דייטשן, אָבער ס׳האָט אונדז נישט געהאָלפן. מ׳האָט אים גוט אָנגעשלאָגן און מ׳האָט אים גאָט זיי דאַנק אַרויסגעלאָזט. מיר האָבן געמיינט אַז מיר וועלן נאָר אָפּקומען מיט די קלעפּ. נאָכער האָט מען גענומען אַנדערע מענטשן און מ׳האָט זיי אויך געשלאָגן, און מיר זענען אַלע אַרויסגעקומען לעבעדיק. האָט מען געמיינט אפשר וועט מען יעצט אונדז באַפרייען, אָבער דאָס אַלעס איז געווען גאָרנישט. נאָכער האָט מען אָנגעהויבן נעמען מענטשן צום שיסן. ווען מ׳האָט גענומען מיין פאָטער צום שיסן — און איך האָב נישט געוווּסט אַז מ׳וועט אים שיסן — האָב איך אָנגעהויבן צו בעטן: „נעם נישט מיין פאָטער, טוט אים גאָרנישט!״ איך וואָלט אפשר געווען געפּועלט ביים דייטש, אָבער ס׳האָט זיך געפונען אַ אוקראַאינער, אַ שווערער, אַ שלעכטער, ער האָט געצויגן מיין פאָטער פון איין זייט און איך האָב געצויגן פון דער צווייטער זייט, און ער האָט מיך באַקומפּט און מ׳האָט אַריינגענומען מיין פאָטער. מ׳האָט אויך אריינגענומען די מוטער אַקערמאַן און נאָך אַ פּאָר מענטשן און מ׳האָט זיי געשאָסן. איך ווייס נישט, איך געדענק נישט, נאָר ס׳האָט זיך מיר געדאַכטן אַז מ׳האָט אַ קלאַפּ געטאָן ווי אין אַ בלעך, און איך האָב געגעבן אַרייס אַרויס זיך פון דער שורה און בין צו צום פּלאַץ און האָב געזען מיין פאָטער ליגן — איך האָב נאָר געזען איין אַקסל פון מיין פאָטער — און איך

* אויפגענומען פון דער דערציילערן.

האָב אָנגעהויבן שטאַרק שרייען: „מוטיל, זע, זע, מ׳האָט געהרגעט אונדזער פאָטער, זיי האָבן געהרגעט אונדזער פאָטער, ווײ! ווײ!" און זיי האָבן אָנגעהויבן מיט די גומענע שטעקנס צו שלאָגן איבער די פּלייצעס, און האָבן אונדז אַלע אַרויסגעיאָגט און צוגעטריבן ביז צום שול. ווען מיר זענען אַרויס צום שול האָט אונדז אַ גרויל אַרומגענומען: בלוט האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן; מענטשן זענען געלעגן דערהרגעטע, געשאָחטענע ווי הינט... איך האָב נישט געוווּסט וואָס דאָס איז. צעבראָכענע גלאָז, פעדערן פון בעט־געוואַנט, פעק — אַלעס האָט זיך געוואָלגערט אין די גאַסן, אַלעס איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. געוואַלד! איך האָב נאָך אַזוינס נישט געזעען, אַ איבערקערעניש! מענטשן, וואָס טוט זיך דאָ?! איך בין געגאַנגען לעבן טויטע, געשפּאָלטענע קעפּ, די אויגן אַרויס, וואָס איז דאָ? מ׳האָט אין צען מינוט נישט דערקענט ווער ס׳איז דאָס געווען. איך האָב געשריגן מיט איין יאָמער: „מ׳האָט געהרגעט מיין פאָטער! וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן?..."

ס׳איז נאָך דאָרט געשטאַנען אַ שוואַרצער אויטאָ, אַ שוואַרצער אויטאָ פון קאַצעט־לאַגערן, און אויף אים האָט מען אַרויפגעטריבן מיין ברודער, מיין פאָטער׳ס ברודער, מיין פאָטער׳ס שוואָגער, די קוזינען — אַלע וואָס זענען געבליבן. מ׳האָט נאָך צוזאַמענגענומען צוויי גאַנצע אויטאָס, מ׳האָט זיי געשלאָגן מיט די קולבעס, און זיי האָבן געמוזט ליגן מיט די קעפּ אַ ראָפּ ווען מ׳האָט זיי געשלאָגן. מיין ברודער האָט זיך נאָך אויפגעכאַפּט און האָט געשריגן: „געדענק, סלאַווועלע, געדענק, ווי קאָנען זיי, זעע —" און מ׳האָט אים געשלאָגן און דער אויטאָ איז אַוועקגעפאָרן און מיר זענען געבליבן.

דאַן איז אָנגעקומען יידישע פּאָליציי וואָס האָבן אַוועקגענומען די טויטע. ס׳זענען צוגעקומען עטלעכע יידישען פּאָליציאַנטן האָב איך זיי געבעטן: „דאָרט, ביים בעקער, האָט מען געהרגעט מיין פאָטער, אפשר איז ער נישט טויט, אפשר לעבט ער נאָך, אפשר דאַרף ער הילף, טוט עפּעס!" האָבן מיר עטלעכע בעכעווער געענטפערט: „סלאַווועלע, דער טאַטע איז טויט, מ׳האָט געהרגעט שמחה׳לה נייזער, מ׳האָט שוין געהרגעט שמחה׳לה נייזער אויך, און מ׳האָט אָנגעהויבן אונדז צוזאַמענעמען און מ׳האָט אָנגעהויבן אונדז צו טרייבן. ווען מ׳האָט אונדז צוזאַמענגענומען זענען מיר געווען אַריבער 1000 מענטשן; האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין שורות און מ׳האָט אונדז געטריבן. ווי מ׳האָט אונדז געטריבן, וואָס מ׳האָט אונדז געטריבן האָט שוין קיינעם נישט אינטערעסירט. איך האָב נאָר געקלערט ווו זאָל איך לויפן אַז איך זאָל קענען קומען

צו די מאַמעשי, אפשר איז זי נאָך ביים לעבן, אפשר איז נאָך עמעצער ביים לעבן. נאָר איך האָב נישט געוווסט ווי אַזוי קומט מען אַהין. און דאָ איז מען געגאַנגען אין די שיירה און ס׳זענען געווען אַרום און אַרום דייטשן.

ס.ס. לייט לויפן אן

אין דעם זענען אָנגעפאָרן צוויי טאַקסעס מיט ס.ס. מענטשן און זיי האָבן אָפּגעשטעלט די גאַנצע שיירה. איך בין געגאַנגען די לעצטע, אַ צעהרגעטע, אַ צעבראָכענע פון די קלעפּ און האָב אפילו נישט געפילט אַז די קלעפּ טוען מיר וויי. ס׳איז געווען אַ ייד וואָס האָט אין בעכעווע געהאַנדלט מיט ביער, הערשל חומט; ער איז געגאַנגען לעבן מיין זייט. ס׳איז אויך געווען שלמה צייג, אויך אַ בעכעווער. ער האָט זיך אַביסל אָנגעקערט מיט אונדזער משפחה. ער איז געגאַנגען ביי מיין זייט און איך האָב געיאָמערט: „אוי וויי, איך האָב נישט קיינעם״. דאַן איז צוגעקומען הערשל חומט און האָט געזאָגט: „טאָמער וועט ווער פון אונדז איבערלעבן זאָלסטו וויסן, זאָלסט איבערגעבן, אַז דאָס איז געווען זונטאָג, און מאָנטאָג איז געווען ראש חודש מרחשון, און דינסטאָג האָט מען געהרגעט דיין פאָטער. אַז דו וועסט איבערלעבן און דו וועסט קומען אויף אַ פּלאַץ, זאָלסטו וויסן אַז דאָס איז די יאָרצייט פון בעכעווע, מ׳האָט אויס־געהרגעט כמעט דאָס גאַנצע שטעטעלע. איך האָב נישט פאַרגעסן דאָס דאַטום. נאָכדעם וואָס די דייטשן האָבן אונדז אָפּגעשטעלט, זענען אַרויס דריי דייטשן פון אַ טעקסע און האָבן געפרעגט: ווי איז דאָ די קליינע, בלאָנדע פּונעם בעקער. זיי זענען רייכע יידן, דער פאָטער איז געווען אַ רייכע יודע. ווי איז די בלאָנדע? זיי זענען דורכגעגאַנגען די גאַנצע 1000 מענטשן און זיי האָבן מיך געפונען, און האָבן מיך אַרויסגענומען און געהייסן צוגיין צו דער טעקסע. איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן אַ מאַנטל, האָבן זיי מיר געהייסן אויסטאָן דעם מאַנטל און איך האָב אויסגעטאָן דעם מאַנטל. פאַר זיין אַוועקגיין, האָט מיין ברודער מיר געגעבן אַ גאָלדענעם זייגער און האָט געזאָגט: „אפשר וועסטו עפּעס דאַרפן; נאַ, האַלט דאָס זייגערל, וועסט קענען נעמען ערגעץ אַ שטיקעלע ברויט פאַר דעם״. האָבן די דייטשן געוואָלט אַראָפּרייסן דאָס זייגערל פון דער האַנט, האָב איך נישט געלאָזט. „ניין״, האָב איך געזאָגט, „דאָס איז אַן אַנדענק פון מיין ברודער. ניין, איך גיב נישט״. דאַן האָבן זיי מיר געהייסן אַריינגיין אין דער טעקסע, האָב איך נישט געוואָלט ווייל ס׳איז אַרויסגעשפּרונגען זייער אַ גרויסער הונט און האָט מיך געוואָלט בייסן, האָב איך מיך שטאַרק דער־

שראָקן. דער מענטש זעט שוין דעם מלאך המות פאַר די אויגן און דערשרעקט זיך נאָך. איך האָב געבעטן: „שיסט מיך, איך האָב מורא פאַר דעם הונט" — האָבן זיי פון מיר געלאַכט. „פאַר דעם — האָבן זיי געזאָגט — דאָס איז אַ מענטש, פאַר אים האָסטו מורא? דו דאַרפסט נישט מורא האָבן. דו ביזט אַ הונט, דאָס איז אַ מענטש". און זיי האָבן מיך אָפּגעלאָזט. פאַר גרויס פּחד האָב איך אָנגעהויבן לויפן צוריק צו דער שיירה. זיי האָבן מיך איבערגעלאָזט און זענען אַוועקגעפאָרן ווייטער.

מיר זענען אָפּגעגאַנגען 2 טעג און 2 נעכט. געהייסן האָט מען אונדז גיין אין פּיוסקער געטאָ. אויפן וועג זענען מיר געלאָפן אויף דער ערד, אין דרויסן, און ס'איז אונדז אפילו נישט קאַלט געווען — ס'האָט אונדז נישט געהאַרט. מיט אונדז זענען מיטגעגאַנגען די אַקערמאַנס, און נאָך יידן פון בעכעווע. ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט די צרות וואָס מ'איז דורכגעגאַנגען און מיינע קולות פון שלאָף זענען געווען שרעקלעך. און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען נאָך פּיוסק.

## אין פּיוסק

דאָ האָב איך מיך דערמאָנט אַז מיין מוטער איז אַ פּיוסקער, טאָ אפשר איז נאָך דאָ ווער פון דער משפּחה וואָס וועט מיך אַריינעמען אַ צעבראָכענע, אַ צעהרגעטע? ס'איז אַרויסגעקומען אַ קוזינע פון מיין פאָטער'ס זייט, אויך אַ פּיוסקער, זי האָט מיך דערקאָנט און האָט מיך אַריינגענומען, אויך אַנדערע בעכעווער, און מיר זענען דאָרט געשלאָפן אויף דער ערד. ס'זענען אָנגעקומען נאָך בעכעווער, וואָס האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן אין בעלזשיץ און אין די אַרומיקע שטעטלעך, דערפער און וועלדער. זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די הייזער פון די מענטשן וואָס האָבן שוין נישט געלעבט, וואָס זענען שוין געווען אויסגעהרגעט, און זענען דאָרט געזעסן ביז ס'איז אָנגעקומען אַ באַפעל און מ'האָט ביינאַכט אַרויסגעכאַפּט פון זיי אַסך בעכעווער, אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם, אויסגעשאָסן און געלאָזט ליגן. ס'זענען געקומען קריסטן, וואָס האָבן אַריינגעשמוגעלט אַביסל עסן אין געטאָ אַריין, האָבן די קריסטן געזאָגט: „אוי וויי! די הינט שלעפן דאָך אַרום, די הינט שלעפן אַרום הענט, פיס... די מענטשן ליגן דאָרט, מ'דאַרף דאָך עפּעס טאָן, מ'דאַרף זיי פאַרקאָפּן, באַהאַלטן, ס'איז דאָך אַזאַ אומגליק". ס'איז שוין נישט געווען באַלד ווער ס'זאָל זיך פאַרנעמען מיט דעם.

אַזוי בין איך געווען אין געטאָ פּיוסק זיבן וואָכן, זיבן וואָכן אין כאַפּעניש. געלעגן מער אין די קעלער ווי אויף דער פריי. נאָך זיבן וואָכן איז אָנגעקומען נאָך פּיוסק מיין פּאַטערס אַ קוזינע, רבקה׳לע זיידלער, מיט דריי קינדער. זי איז אַנטלאָפן פון דער שיירה וואָס האָט געפירט די מענטשן צו די באַנען, צו די באַנען וואָס האָבן געפירט די מענטשן צום קרעמאַטאָריום. אויך איר שוועס־טער, פערעלע ניסבוים, מיט צוויי קינדער: איינס אַ קראַנק אויף אַ פוס און איינס אַ בלינד אויף אַ אויג. זיי זענען אָנגעקומען נאָך פּיוסק און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַכט טעג אין אַ גרוב, ביז מ׳האָט געמאַכט דעם גאַנצן געטאָ ריין פון יידן. מ׳האָט שוין נישט געהאַט ווו זיך צובאַהאַלטן, מ׳האָט שוין נישט געוווסט מער וואָס צוטאָן. ס׳איז אַריינגעקומען די יידישע פּאָליציי, וואָס פלעגן אַריינברענגען אין די קעלערס, אין די בונקערס, אַ ביסל עסן, אַ ביסל וואַסער, און האָבן שוין נישט געקאָנט העלפן נאָכדעם וואָס דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין געווען ריין פון יידן, האָבן זיי געזאָגט: „קינדערלעך, טוט וואָס איר ווילט, גייט אַרויס, ראַטעוועט זיך, מיר קאָנען שוין מער נישט אויפהאַלטן אין די בונקערס, מ׳שיקט אונדז שוין אויך אַוועק אין די לאַגערן״. דאַן האָט יעדער ווי ער האָט געקאָנט זיך אָנגענומען מיט כוח אַוועקצולויפן. די קוזינע מיינע האָט געזאָגט: „סלאַוועלע, טו זיך אָן מיר וועלן לויפן אין אונדזער געגנט, מיר וועלן גיין אַ היים, נאָך בעכעווע, אפשר וועלן מיר זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן״.

מיר לויפן... נאָך בעכעווע

זי האָט מיך מיט כוח אַרויסגענומען פון קעלער און אין אַ פינסטערע נאַכט זענען מיר אַרויס. ווען מיר זענען אַרויס, האָבן מיר באַדאַרפט איבערלויפן די דראָטן כדי אַרויס פון געטאָ. ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון געטאָ, האָט מען אונדז באַלויכטן פון אַלע זייטן מיט רעפלעקטאָרן און מ׳האָט אונדז אָנגעהויבן נאָכשיסן. מיר האָבן זיך צוריק באַהאַלטן, אַריין אין הויז, אָבער אין די קעלער האָבן מיר שוין נישט געקאָנט אַריין. די צוויי קינדער פון דער קוזינע, מרים׳לע און חמיה׳לע, זענען צוריק אַראָפּ אין קעלער, און איך, זי, און נאָך 3—4 זענען געבליבן אונטער אַלטע קאַסטנס, אַלטע פעסער. די דייטשן זענען נאָך, האָבן געשאָסן, האָבן געזוכט, אָבער האָבן אונדז נישט דערזעען און זענען אַרויס. נאָך אַ האַלבע שעה האָבן די יידישע פּאָליציי אונדז געגעבן צו וויסן מיר זאָלן יעצט פּרובירן צו לויפן. זענען מיר נאָך אַמאָל אַרויס און אָנגעהויבן לויפן. מיר זענען צו צו די שטעכל־דראָט און אַריבער זיי. מ׳האָט שטאַרק נאָכגעשאָסן,

און מיר זענען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אַרויס אין די פעלדער, און געבליבן ליגן פאַרמאַטערטע אין די טיפע שנייען. ווען מיר האָבן אויפגעעפנט די אויגן איז שוין געווען גאַנץ ליכטיג, די זון האָט געשיינט, און ס׳איז געווען אַזוי שטיל, אַזוי גוט... נאָר מיר האָבן נישט געהאַט וואוהין זיך אַהינצוטאָן. מיר זענען אַריבער אין די כמעליער וועלדער און אין די וועלדער זענען מיר געגאַנגען עטלעכע טעג און עטלעכע נעכט, געבעטן אין די דערפער אַ שטיקעלע ברויט. בייטאָג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן פון די פּאָליאַקן און פון די דייטשן, מורא געהאַט צוגיין איבער די וועגן זענען מיר געגאַנגען אין די רינוועס. אַזוי באַהאַלטנדיק זענען מיר צוגעקומען נישט ווייט פון בעכעווע, אין אַ דאָרף, וווּ איך האָב געוווּסט איז דאָ אַ באַקאַנטער קריסט, אַמאָל־אַמאָל האָט מיין פאָטער מיט אים געהאַנדלט, און מיין פאָטער האָט אים געגעבן געלד. אין דעם דאָרף האָט מיין קוזינע אויך געהאַט אַ באַקאַנטע קריסטן און מיר זענען דאָרט אַריין. זי האָט געבעטן די קריסטן זי זאָל עפּעס אָפּגעבן פון דעם פאַרמעגן וואָס זי האָט איר געגעבן צו באַהאַלטן, זי זאָל אונדז האַלטן אַ טאָג מיר זאָלן זיך קאָנען אָפּרוען, האָט די גויה גענומען אַ שטעקן און אונדז געשלאָגן און אַרויס־געיאָגט. ס׳איז דאָרט געווען איינער וואָס האָט געשריען: „זאָג מיר ווער ביסטו?״ איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן ווער איך בין, ווייל אז די פּאָליאַקן וועלן וויסן ווער איך בין וועלן זיי מיך אויך הרגענען. האָב איך בשום אופן נישט געוואָלט אויסזאָגן. דער קריסט האָט אפשר אַ שעה מיך געמאַטערט, געבעטן: „זאָג מיר, דו ביזט נישט נייזער׳ס טאָכטער, דיין פאָטער האָט נישט געהאַנדלט מיט תבואה?״ איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן, האָב איז געזאָגט: „ניין, ניין, איך בין נישט נייזער׳ס טאָכטער, איך בין אַ אַנדערע, אויך אַ בעכעווער, דו קאָנסט מיך נישט״. מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג, האָב איך געזאָגט צו מיין קוזינע: „רבקה׳לע, דו ווייסט, דאָ דאַרף זיין אַ קריסט וואָס האָט געהאַנדלט מיט מיין פאָטער, אפשר זאָל איך אַריינגיין, אפשר זאָל איך בעטן, אפשר וועט ער מיך אַרײַנעמען, איך האָב שוין נישט קיין כוח צו גיין. איך ווייס אַז מיין ברודער אברהם געפונט זיך אין די וועלדער, ער איז אַוועק פון בעלזשיץ, מ׳האָט אים נישט געהרגעט, אפשר וועל איך אים געפונען״. זי איז מיט מיר אַריין, און מיר האָבן אָפּגעזוכט די גויה, און די גויה האָט מיך אַריינגענומען, און האָט געזאָגט: „דו קאָנסט ביי מיר בלייבן אַביסל. איך קאָן דיין פאָטער, מ׳האָט אים געהרגעט. בלייב ביי מיר, רו זיך אָפּ״. מיין קוזינע האָט מיך איבערגעלאָזט און זי מיט די צוויי קינדערלעך (און אויף דעם וועג האָט זי געפונען אויך

די צוויי יינגעלעך וואָס זענען די זעלבע נאַכט נאָך אַמאָל אַרויס פון דעם קעלער) זענען אַוועקגעגאַנגען צום דאָרף אלשעוויטש, און איך בין געבליבן ביי דער גויה. איך בין געבליבן ביי דער גויה אַקורצע צייט, און האָב אויך געפונען מיין ברודער פון וואַלד. אַ נאַכט פריער האָט זיך אים געחלומט די מאַמע: „אַבראַשע, אַבראַשע, סלאַוועלע לעבט, דו הערסט, אבראַשע!" ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט מיך געזוכט — און געפונען. זענען מירביידע שוין געווען צוזאַמען. מיר האָבן זיך געטיילט מיט אַ שטיקעלע ברויט, מיט אַ קערנדל. אין דאָרף זענען אָנגעקומען דייטשן און גענומען קאנטענגענט, האָט די גויה געזאָגט צו אונדז: „אוטשעקייטשע וו׳פּאָליע! לויפט אַוועק אין פעלד אַריין". האָבן מיר געזען אַז ביי איר קאָנען מיר מער נישט בלייבן, מוז מען ווייטער גיין. און אַזוי ווי קיין געלט האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר איר געזאָגט אַז מיר וועלן גיין און ברענגען געלט, און זי זאָל מאַכן פאַר אונדז אַ גוט באַהעלטעניש. מיר זענען אַוועק פון דער גויה. מיין ברודער האָט געוואָלט אַז איך זאָל בלייבן, ער וועט אַליין גיין; האָב איך געזאָגט: „ניין, אויב גיין וועלן מיר גיין צוזאַמען, ביידע". און גייענדיק אַזוי אויף דעם וועג זענען מיר אָנגעקומען צו נאָך גויים, און מיר זענען אַריין צו אַ באַקאַנטן גוי, וואָס האָט אונדז געקאָנט, אין דאָרף אלשעוויטש. ער האָט אונדז אַריינגענומען צו איבער־נעכטיקן און פאַרטאָג זענען מיר אַריינגעקומען צו אַ באַקאַנטן קריסט פון בעכעווע, ער האָט אונדז געגעבן געלט און געזאָגט: „איך האָף די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן; זעט, קינדערלעך, ראַטעוועט זיך. מ׳האָט אַלע אויסגעהרגעט, אייער פאָטער לעבט שוין נישט (ער האָט געמיינט אַז מיר ווייסן נישט אַז אונדזער פאָטער לעבט שוין נישט)". מיר זענען צוריקגעגאנגען צו אַ קריסט, אַ באַקאַנטער פון אונדזער פאָטער, און ער האָט געמאַכט פאַר אונדז אַ גרוב, אַ גריבעלע, אפשר האָט עס געהאַט אַ האַלבן מעטער, און האָט אונדז אַריינ־געלאָזט אין דעם גריבעלע. מיר האָבן אים געגעבן געלט ער זאָל שאַפן פאַר אונדז עסן. דאָרט זענען מיר געלעגן ביז פרילינג, ביז מיר האָבן שוין נישט געקאָנט ליגן מער. דרייסיק טעג און דרייסיק נעכט געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. אַזוי זענען מיר געלעגן און געחלומט אַלעס וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען. איך האָב געשריגן פון שלאָף, און דער קריסט האָט גאַנצע נעכט געפילנעוועט מ׳זאָל נישט הערן מיין געשריי... ווען ער האָט אונדז אַרויסגענומען פאַר פסח און אונדז אָנגעקוקט, האָט ער זיך געצעלמט — ער האָט מיך נישט דערקאָנט. „ניין, קינדערלעך האָט ער געזאָגט — מער אין דעם קבר גייט איר

נישט אַריין. איר וועט אַרויפגיין אויף אַ אָפּענעם בוידעם ווי ס'וועט אַריינ־רעגענען, אַריינשנייען, אָבער דאָרט וועט איר האָבן לופט, דאָ האָט איר קיין לופט. איך האָב מורא אייך צולאָזן אין דעם גרוב". ס'איז אויך געקומען דער קריסט וואָס האָט געהאַט אונדזער געלט און געבראַכט תבואה, קאַרטאָפל, און האָט געהייסן אונדז האַלטן. מ'האָט געמיינט אַז היינט־מאָרגן ענדיקט זיך די מלחמה, אָבער די מלחמה האָט זיך נאָך געשלעפּט צוויי יאָר צייט, צוויי פינס־טערע יאָר.

### די ס.ס. קומען ווידער

איינמאָל, ווינטערצייט, פינף אַזייגער פאַרטאָג, איז אָנגעקומען אַ אויטאָ מיט ס.ס.־לייטע און זענען אַריין צום גוי ווי מיר זענען געלעגן נעמען קאָנטענ־גענט. זיי האָבן געזוכט חזירים וואָס זענען „נישט כשר". אויף דעם בוידעם ווו מיר זענען געלעגן האָט גערעגנט, און פון הינטן איז געגאַנגען די פּאַרע פון די בהמות אַזוי אַז דער גאַנצער פּאַל איז געווען נאַס, האָבן די דייטשן געוואָלט אַרויף אויף דעם בוידעם און האָבן געשריגן אַז אויף דעם בוידעם האַלט ער חזירים וואָס זענען נישט נומערירט. דער גוי האָט פאַראַרבעט מעשים, האָט זיי געגעבן צו טרינקן, צו עסן, פאַרלייגט וועלטן זיי זאָלן נישט אַרויפגיין אויף דעם בוידעם. איז געווען צווישן זיי אַ דייטש, וואָס האָט זיך דווקא געריסן אַרויפצוגיין אויף דעם בוידעם. די קינדער פון דעם גוי האָבן צוגענומען אַלע לייטערס און האָבן זיי באַהאַלטן. זיי האָבן אַליין זייער מורא געהאַט, ווייל ווו מ'האָט געפונען אַ ייד, האָט מען אונטערגעצינדן דאָס גאַנצע דאָרף. און דער גוי וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ ייד, האָט באַקומען אַ פלאַש נאַפט און אַ קילאָ זייף. איבעראַל ווו מ'איז געפאָרן האָט מען געזען פּלאַקאַטן: ווו מ'וועט געפונען אַ ייד זאָל מען אים הרגענען. ווו מ'וועט געפונען אַ ייד וועט מען אונטערצינדן דאָס גאַנצע דאָרף. טראָץ דעם זענען מיר געלעגן דעם טאָג וואָס איז פאַר אונדז געווען ווי הונדערט יאָר, ס'האָט זיך גאָרנישט געקאָנט ענדיקן. דער גוי האָט שוין געהאַט אָנגעשיכורט אַלע דייטשן, ער האָט זיי שוין געהאַט געגעבן אַזוי פיל צו עסן, און זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ווען זיי זענען אַוועקגעגאַנגען איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דאַן האָב איך געזאָגט צו מיין ברודער: „אבראש, איך האָב שוין קיין כוח מער, לאָמיר אַראָפּגיין, זאָל מען אונדז צופירן ביז מיידאַנעק, ס'איז נישט ווייט, זאָל מען מיך שיסן. איך קאָן שוין מער נישט קעמפן. וואָס דאַרף מען זיך דערהרגענען אַזוי פאַר דעם לעבן? דו זעסט דאָך

ס'איז שוין נישטאָ מער קיין יידן". איז דער גוי אַרויפגעקומען ביי נאַכט און האָט געזאָגט: „ניין, קינדערלעך, איז וועל אייך נישט פירן קיין מיידאַנעק, איר וועט דאָ אַזוי לאַנג בלייבן ווי לאַנג איך וועל לעבן. אַז מ'וועט מיך שיסן וועט מען איין אויך שיסן. איר וועט פון דאַנען נישט אַוועקגיין". דער גוי איז געקומען און האָט דערציילט, אַז דאָ האָט מען געכאַפּט יידן, און דאָ האָט מען געכאַפּט יידן, און דאָ האָט מען געכאַפּט בעכעווער און מ'האָט זיי געשאָסן; קאַנע צייג, אַ בעכעווער, איז געווען באַהאַלטן מיט אַ סך יידן אין וואַלד און זענען אַרויס זוכן עסן, איז געבליבן אַ שפּור אין שניי, האָבן די פּאָליאַקן געבראַכט דייטשן און זיי האָבן געפירט אַ קאַמף און מ'האָט זיי אַלע אויסגעשאָסן. ער האָט אויך דערציילט, אַז ס'איז געווען אַ בעכעווער, לוינבוים, טויבעלע לוינבוים, מיט נאָך אַ בחור; זיי זענען געווען ביי גויים און מ'האָט זיי אַרויסגעוואָרפן און אויך דערשאָסן. מיין קוזינע רבקה'לע, מיט אירע דריי קינדער, איז געווען נישט ווייט פון מיר, לעבן קאָבאַדילער וואַלד ביי אַ גוי באַהאַלטן.

איין טאָג איז ער געקומען פאַרבראָכן די הענט: „קינדערלעך, מ'האָט געהרגעט אייער מומע, די דריי קינדערלעך האָבן נאָך געלעבט ווען מ'האָט זיי באַגראָבן. דאָס יונגעלע האָט געשריגן: ‚מאַמעשי, מ'באַגראָבט מיך לעבעדיקער־הייט!' קינדערלעך, זעט וואָס טוט זיך, ווי ס'איז דאָ אַ ייד כאַפּט מען אים און מ'הרגעט אים, איך גלויב שוין נישט אַז ס'וועט זיך אַמאָל ענדיקן די מלחמה". האָב איך אים געפרעגט: „וואָס זשע זאָגסטו, וואָס זאָלן מיר טאָן? זאָלן מיר אַוועקגיין? זאָלן מיר גיין און מ'זאָל אונדז הרגענען?" — „ניין", האָט ער געזאָגט, „ביז מ'כאַפּט אייך נישט, און קיינער מסר'ט נישט, און קיינער ווייסט נישט אַז איר זענט דאָ. איך האָב אפילו געזאָגט דעם גוי וואָס האָט אייער געלט, וואָס האָט מיר געגעבן עסן פאַר אייך, אַז איך האָב איין שוין אַרויסגעטריבן, ווייל איך האָב שוין מורא געהאַט אייך צוהאַלטן. ער האָט אויך מורא געהאַט, האָט ער געזאָגט: ‚פּיעטשע, שיק אַרויס די קינדער, מ'וועט זיי כאַפּן וועט מען דיך אויך הרגענען. די קינדער וועלן אויסזאָגן אז איך האָב זייער געלט וועט מען מיך אויך הרגענען'. אָבער איך וויל נישט אייך אַרויסוואַרפן, האָב איך אים געזאָגט: ‚פּאַניע ווינערוביטש, איך האָב שוין די קינדער אַרויסגעטריבן', וואָס וועל איך זיי האַלטן אַזוי לאַנג, ס'איז שוין צוויי יאָר, איך קאָן נישט מער, איך ווייס נישט ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן'." און אַזוי זענען מיר ביי אים געבליבן, און מיר האָבן געוווּסט ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, ווען די רוסן האָבן געקלאַפּט, ווען די דייטשן זענען געגאַנגען ווייטער און ווען די

רוסן זענען ווידער געקומען. די רוסן האָבן זיך עטלעכע מאָל צוריקגעצויגן — און אַזוי האָבן מיר דערלעבט אַ שיינעם מאָרגן ווען ס'האָבן אָנגעהויבן צוקלאַפּן קאַנאָנען, און מ'האָט אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן, און מיר האָבן געמוזט אין דעם אַלעם אַראָפּלויפן פון דעם בוידעם און זיך באַהאַלטן אין די תבואות, ווייל די קוילן זענען געפלויגן איבער די דעכער. אין מיטן נאַכט זענען מיר צוריקגעלאָפן אויפן בוידעם, און דער גוי האָט אויף אונדז אפילו געשריגן פאַרוואָס מיר זענען אַראָפּגעלאָפן פון דעם בוידעם. „זאָל מען שיסן, זאָל מען קלאַפּן" — האָט ער געזאָגט — „די רוסן קומען, די רוסן וועלן אייך באַפרייען".

די רוסן קומען

אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען די רוסן אַריין, און מ'האָט געזען ווי ס'קומט אָן דאָס רוסישע מיליטער, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, בעטן ברויט, בעטן וואַסער, און מ'האָט זיי אַרויסגעטראָגן ברויט, וואַסער, און זיי האָבן אונדז באַפרייט. אָבער מיר זענען נאָך געבליבן ליגן אויף דעם בוידעם. די רוסן זענען געגאַנגען, געגאַנגען, און מיר זענען נאָך געבליבן אויף דעם בוידעם גאַנצע אַכט טעג. נאָך אַכט טעג איז געקומען אונדזער גוי און האָט געזאָגט: „קינדערלעך, ס'איז היינט זונטאָק אין דער פרי, ס'זענען דאָ יידן אין בעכעווע, לויפט צו אייערע יידן". מיר זענען אַראָפּ און האָבן קוים געקאָנט גיין, די פיס האָבן זיך אונדז געוואַקלט נאָך צוויי יאָר ליגנדיק אויף דעם בוידעם, קוים זיך געשלעפּט. מיר זענען צוגעקומען צום קאַבאַלדיקער וואַלד, ווילן אַדורכגיין — שרייט מען האַלט! און מ'שטעלט אונדז אָפּ. האָבן מיר געוואָלט צוריקלויפן, אָבער מיר האָבן שוין נישט געקאָנט. ס'זענען געשטאַנען רוסן מיט ביקסן, האָבן געשריגן אַז מיר זענען שפּיאָנען, און מ'האָט אונדז גענומען און אַוועקגעפירט צום רוסישן שטאַב. דער שטאַב איז געשטאַנען אונטער בעכעווע, לעבן די ציגעלניע. דאָרט זענען געווען קריסטן וואָס האָבן אונדז געקאָנט; ס'זענען אויך געווען צווישן זיי וואָס האָבן געוווּסט אַז אונדזער פעטער האָט דאָ אַ פאָלוואַרק. מיר האָבן זיך פאַרופן אויף די גויים: „פרעגט, מיר זענען נישט קיין שפּיאָנען, מיר זענען יעווריעאי, מיר האָבן זיך באַהאַלטן פאַר די דייטשן. שיסט אונדז נישט". די גויים האָבן געזאָגט אַז זיי קאָנען אונדז, אַז מיר זענען פון דעם שטעטל, קאָנען אונדזערע עלטערן, די גאַנצע משפּחה. און אַזוי זענען מיר געבליבן מיט די רוסן צוויי טעג, געשלאָפן אויף דער ערד, אין דרויסן.

ס'איז געווען אינגאַנצן איין אויטאָ מיט 6—7 רוסן, וואָס האָבן אונטערגע־

שאָסן עראָפּלאַנען. מיר האָבן זיי געבעטן אַז זיי זאָלן אונדז מיטנעמען מיט זיך, מיר האָבן זיך געוואָרפן צו זייערע פיס, געבעטן: „איר לאָזט אונדז איבער דאָ אין פוילן, דאָ אין בעכעווע, מ׳וועט דאָך אונדז שיסן". מיר זענען אַריין אַ היים מיט צוויי רוסן. ס׳זענען געווען דאָרט אַ סך גויים, אַ יום־טוב איז ביי זיי געווען. ווי זיי האָבן אונדז דערזעען, איז געוואָרן אַ בהלה, אַ געשריי אַז די נייזערס האָבן איבערלעבט, די צוויי קינדער פון די נייזערס האָבן איבערלעבט. ס׳איז דאָרט אויך געווען אַ באַקאַנטער קריסט פון מיין פאָטער, בוֹטשאַק האָט ער געהייסן, האָט ער צו אונדז געזאָגט: „טוט מיר אַ טובה, קינדער, איר האָט איבערלעבט די מלחמה, גייט אַרויס פון בעכעווע, אַנטלויפט פון דאַנען! די אייגענע פּאָליאַקן פון אונטער אַ וואַנט וועלן אייך שיסן".

די רוסן האָבן אונדז פאַרלוירן, זיי האָבן געזוכט בראַנפן, האָבן געוואָלט טרינקען, און מיר זענען געבליבן שטיין אַליין צווישן אַ ווילדע וועלט, אָרעם און עלענד. איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן. איך בין אַריין אין אונדזער שטוב, און האָב זי נישט דערקענט. אַזוי פיל גויים האָבן דאָרט געוווינט, און זיי האָבן געזאָגט: „וואָס טוסטו דאָ, זשידובקע?" — האָב איך געזאָגט: „דאָס איז מיינס, מיינע עלטערינס. וואָס טוט איר דאָ?" — „ניין, דאָס איז נישט מער דיינס, דאָס איז אונדזערס". איך בין אַריין אין אונדזערע סקלאַדן, ווו מיין פאָטער האָט געהאַלטן תבואה, און האָב געפונען אויפגעגראָבענע גרובער, טיפע גרובער. מ׳האָט געזוכט דאָס גאָלד וואָס מיר האָבן דאָרט באַהאַלטן און האָבן עס געפונען. די גויים האָבן געזאָגט: „נאָ, מ׳האָט געפונען אַ שטיקעלע גאָלד פון אייערס". — האָב איך געזאָגט: „איך דאַרף נישט דאָס גאָלד, מיינע עלטערן זענען נישטאָ דאַרף איך נישט דאָס גאָלד, נעמט עס אייך". זיי האָבן אונדז אַרויסגעיאָגט.

פאַרשמאַכטע, פאַרמאַטערטע, זענען מיר צוגעקומען צו די רוסן. מיר האָבן זיי געבעטן: „נעמט אונדז מיט מיט אייך, מיר בלייבן נישט אין בעכעווע". זיי האָבן נישט געוואָלט, און ווען ס׳איז געקומען דער מאָמענט ווען זיי זענען געווען גרייט צו פאָרן, האָב איך געזאָגט: „איך לייג מיך אונטער דעם אויטאָ און פאָרט מיך איבער. איר מוזט מיך נעמען מיט אייך". איז אַרויס דער עלצטער און האָט געזאָגט צו מיין ברודער: „דו קאָנסט די געגענד?" — האָט ער געזאָגט: „זיכער, איך בין דאָ געבוירן". — „אויב אַזוי ועסטו מיר ווייזן דעם וועג קיין לובלין".

## אין לובלין

און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין לובלין. מיר זענען אַריין צו שלימאַקן, אַ פּונקט ווו ס'האָבן זיך צוזאַמענגעזאַמלט עטלעכע יידן וואָס זענען געבליבן לעבן אין פאַרשידענע געגענדן. דאָרט, ביי שלימאַקן, זענען מיר געווען עטלעכע טעג. דאָס איז געווען אויף ביחאָווסקע גאַס; דער שלימאַק האָט געהאַט אַ מיל, וואָס די דייטשן האָבן אין דער מלחמה ביי אים צוגענומען. דער שלימאַק האָט געהאַנדלט מיט מיין פאָטער. אַז איך בין געקומען, האָב איך גאָרנישט געהאַט און האָב נישט געוווּסט וואָס איך וועל טאָן. אַלע מענטשן האָבן זיך אַ עצה געטאָן, דער איז געלאָפן אַהין און געשאַפן, דער איז געלאָפן אַהער און געשאַפן. ס'זענען אָנגעקומען מיליטער מענטשן, וואָס האָבן געבראַכט ברויט, צוקער. ווער ס'איז געווען פלייסיק האָט זיך איינגעאָרדנט. איך האָב מיך נישט געקאָנט איינאָרדענען. שלימאַק, דער בעל־הבית פון דער מיל, האָט אויך איבערלעבט מיט זיין פרוי די דייטשן, און זענען געקומען צוריק. ווען מיר האָבן אים געזאָגט אז מיר זענען נייזערס קינדער, האָבן זיי אונדז אַרויפגענומען צו זיך אין שטוב אַריין, געהאַלטן אונדז אַ שטיקל צייט ביז מיר האָבן זיך געשאַפן אין לובלין אַ היים, און אָנגעהויבן שטרעבן צו פאַרלאָזן פוילן און פאָרן קיין ארץ ישראל ווי מיר האָבן צוויי ברודער. ס'האָבן אָנגעהויבן קומען יידן אָפּנעמען זייער האָב־און־גוטס, האָבן די פּאָליאַקן זיי געשאָסן. איך האָב מורא געהאַט און געדאַנקט גאָט אַז מ'גיט מיר נישט אָפּ, אַבי מ'זאָל שוין לאָזן לעבן. מיר זענען אַוועק און געשלעפּט זיך איבער די וועגן יאָרן־לאַנג איבער איטאַליע, עסטרייך, און אַנדערע לענדער, אָפּגעלעגן אַ שטיק צייט אין קפריסין, ביז גאָט האָט געהאָלפן און מ'האָט אונדז אַריינגעלאָזט קיין ארץ ישראל.

מלכה רייז

## דער שרעקלעכער טאָג

געווען איז דאָס אַ טאָג
פון יאָמער און פּיין,
ווען מיין שטעטעלע
איז געוואָרן יודן־ריין.

די דייטשן — זיי לויפן
ווילד און מיט געבייזער,
זיי שלעפּן די יידן
אַרויס פון די הייזער.

די פּוילישע חוליגאַנעס
מיט שטעקנס און אַ ווייזן,
טוען אויף די יידישע
באַהעלטניסן אָנווייזן.

דער קלאַנג פון די שטיוול
טוט אַלעם טויב מאַכן,
די גויים די שכנים
שטייען און לאַכן.

עלטערן און קינדער
מיט פעקלאך אויף די פלייצעס,
קייקלען זיך און פאַלן
אונטער דעם שלאָג פון נאַהייקעס.

קינדערלעך, פיצעלעך,
צו דער מוטערס שויס טוען טוליען,
קוקן אונשולדיק
ווי די מערדער זיך הוליען.

איבער די גאַסן הערט זיך
אַ יאָמער, אַ געוויין,
באַלד וועט אין שטעטעלע
קיין ייד מער נישט זיין.

די עדה אויפן מאַרק פלאַץ,
אין הימל זיי קוקן,
אפשר וועט דער רבונו־של־עולם
זיי אַ נס אַראָפּשיקן.

דער נס איז נישט געקומען,
און מיעדע פון וואַרטן
פאַלן זיי ביסלעכווייז
אויף דעם באָדן דעם האַרטן.

און די זון, די פראַכטיקע,
מיט די וואַרעמקייט דיינע,
מוזטו דו די גרוילעכקייט
מיט דיינע שטראַלן באַשיינען?

# אים יאָרצייט-טאָג

יזכור! ווען מיר זאָגן יזכור, די כוונה איז צו זיך זעלבסט. יזכור! מען זאָל געדענקען. ווייל דאָס טאָג־טעגלעכע, אין צומאָל שווערע לעבן, מאַכט פאַר־געסן, שלינגט דיך איין, דעריבער זאָגט מען יזכור! געדענק, אַז דו האָסט געהאַט אַ היים, ווו ביסט געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אַ היים מיט טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, פעטערס און מימעס און אַ ליבנדיקע משפחה. און ווער פון אונדז האָט נישט געהאַט דעם שיינעם חלום אפילו אין די שווערסטע טעג אונדזערע אין לאַנד: „ווען איך וועל זיך נאָר אַ ביסל איינאָרדענען און קומען צו די ערשטע פאָר פונט, אַ שפרונג געבן אויף אַ באַזוך אין בעכעווע, אָנפרייען זיך מיט די נאָענטע און טייערע; כאַפּן אַ בליק אויף דער שיינער לאַנדשאַפט, וואַלד־לאַנקע, פעלדער, בערג און טאָל, דאָרט ווו מיר האָבן אונדזערע שענסטע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט. און טאַקע זיך געבן אַ כאַפּ אַראָפּ אין בית־המדרש צווישן מנחה און מעריב. די גרויסע בליץ־לאָמפּן ברענען, דאָס בית־המדרש איז געפּאַקט, אַלטע און יונגע מיט יידישע היטעלעך און קאַפּעליושן, מיט באָרד און פאות, און ראַזירטע פנימער, אָרעמע און רייכע. אַ טומל, אַ גע־פילדער. נישט ווייט פון דער טיר לעבן דעם גרויסן קאַפּליאָוואַנע אויוון. שטייען גרופּן צונויפגעפּרעסט, אין יעדער גרופּע רעדן צוויי אָדער דריי אויפן קול, און די איבעריקע שטייען צוגעבויגן מיט אויפגעשטעלטע אויערן און הערן.

מען רעדט — וועגן וואָס נישט, וועגן האַנדל און פרייזן פון קעלבער און בהמות, פון תבואה, פון אייער און פּוטער, קאַטשקעס און גענדז, וועגן רב און די שוחטים — און סתם פּאָליטיק.

פון דער מזרח וואַנט הערט זיך איין אַריינגעכאַפּטער אויסגעשריי „והוא רחום יכפר עוון", פון דער אַנדערער זייט אויוון שטייט שלום דעם גלעזערס און פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, אייגענע אַרבעט, פיין צוגעפּרעסט ביים גלעזל פונעם לאָמפּ, פאַרקויפט, נעמט געלט, און בשעת מעשה נישט מפסיק דעם מעריב.

אַרום די לאַנגע טישן זיצן בית־מדרושניקעס ביי אָפענע גמאָרעס, די היטלען

פאַרוקט איבערן שטערן און שאָקלען זיך מיט אַ האַרציקן פאַרבענקטן ניגון. תנו רבנן, האָבן די רבנים געלערנט... ביי דער לינקער זיין ארון קודש, שטייט דער רב אָנגעשפאַרט ביי דער וואַנט, די ברילן פאַרוקט העט ווייט אויפן הויכן שטערן, די בלויע אויגן זיינע קוקן שטאַרק אין דער וועלט אַריין. און ברומט מאָנאָטאָניש בוי. בוי... שווער צו זאָגן צי איז ער אַזוי פאַרטראַכט וועגן דעם לאַנגן ביטערן יידישן גלות, אָדער וועגן אַ הוספה פון קהל צו זיין אָרעמען געהאַלט. פונעם עולם טיילן זיך אַרויס אַ ביסל מענטשן, כאַפן אַריין דעם „עלינו לשבח”, שפייען שנעל אויס און לויפן אַרויס אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט. דאָס זענען בעלי־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן, זיי לויפן פאָרזעצן זייער טעגלעכע אַרבעט ביז חצות.

און פאַרוואָס טאַקע נישט כאַפן אַ בליק, וואָס טוט זיך ביי שמואל בערישעס שעכטער אין געוועלב! שוין פון דערווייטנס הערט זיך אַ געדיכט רעדעריי. קומסט צו נענטער — אַ קרענצל באַקאַנטע פנימער: ישראל זיטמאַן, לייבטשע הימעלפאַרב, טייבעלע לעווינבוים, שלמה קיכלמאַכער, קלמן רייז, אברהמלע שעכטער, אינמיטן שטייט דער יונגער מאיר רידער, מאַכט מיט די הענט אויף לינקס און אויף רעכטס, פון די אויגן שיטן זיך פינקען פייער, און דאָס מויל שאַרוועט ,עת לבנות’. דאָס איז דער ריכטיקער וועג צו בויען ארץ־ישראל, מיר נויטיקן זיך קודם כל אין דעם יידישן קאַפּיטאַל. אַז מיר וועלן אָנפאַנגען גלייך מיט סאָציאַליזם וועלן מיר ווייט נישט פאַרפאָרן. עס איז דאָך באַוווּסט, אַז קאַפּיטאַל אַנטלויפט פונעם סאָציאַליזם ווי אַ שד פאַר ווייַנרויך.

פון דערווייטנס הערט זיך אַ ריזן יוגנט־געזאַנג, דאָס זינגען די בונדישע יוגנט אַ פאַראָדיע אויף ,התקוה”. האָטס רחמנות, יידישע קינדער, שענקט אַ נדבה אַ בלינדן ציוניסט, דערפאַר וועלן מיר בויען אַ נאַציאָנאַל היים, יידישע מלוכה פון ראָזינקעס און ווייַן.

וועט מען שוין פאַר איין וועגס זען וואָס דאָרט טוט זיך. אַ קליינער זאַל, באַהאָנגען מיט בילדער, אין דער מיט מעדעם און מיכאַלעוויץ, אָנגעפילט מיט מיידלעך און יינגלעך. פון זייערע אויגן קוקט אַרויס באַגייסטערונג און גלויבן, אַז דער מאָרגן, אַז די צוקונפט געהערט זיי. אויף דער טריבונע שטייט אברהם צוקער מיט אַ בלייפעדער אין האַנט און רעדט: ,אונדזער אויפגאַבע איז צו קעמפן פאַר רעכט אויף אַרבעט, אומעטום ווו די יידישע מאַסן לעבן. דאָ אין פוילן זענען מיר געבוירן און דאָ איז אונדזער פאָטערלאַנד. די ציוניסטישע פראָפאַגאַנדע און זייערע פראָלעטאַרישע נאָכשלעפערס, דאָס איז איין גרויסער בלאָף,

פּאַלעסטינע איז אַ לאַנד פון היסטאָרישע קברים און אַן אָרט ווו אַלטע יידן פאָרן צו שטאַרבן. מיט די יידישע מאַסן האָט עס גאָרנישט וואָס צו טון. האַנט ביי האַנט מיט די פוילישע אַרבעטער וועלן מיר אויסקעמפן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. בראַוואָ! בראַוואָ!׳

עס איז נאָענט צו האַלבער נאַכט, דאָס שטעטל שלאָפט שוין, פון פישל בעקערס בעקעריי קוקט אַרויס אַן אָנגעגנעם ליכטל. פון דער פינצטערניש שיילט זיך אויס אַ שאָטן, טריט פון באָרוועסע פיס, אויף די פּלייצעס נאַשידלעס מיט 2 עמער וואַסער, און שעפּטשעט אַ שטילן ניגון אין ווערטער. דאָס איז משה חודיק דער וואַסער־טרעגער, וואָס האָט נאָך נישט פאַרענדיקט זיין טאָג־אַרבעט ביי וואַסער טראָגן.

עס ווילט זיך זיך נאָך וויסן וואָס הערט מען ביי די ,שלומי אמוני ישראל׳ מיט מרדכי רייז אין דער שפּיץ, צי איז ביי זיי דער נאָמען ארץ ישראל נאָר טריפהנער פון חזיר? און וואָס איז מיט די הונדערטער קרעמער און בעלי־מלאכות, וואָס זיצן גאַנצע טעג אין די געוועלבער און קוקן אויס אַ קונה מיט ליכט, וואַרטן אַ גאַנצע וואָך אויפן דינסטיקן מאַרק־טאָג? ווען קלערן זיי איינצופּאַקן די פּעקלעך און קומען קיין ישראל?״

יזכור אלהים! — אָ, עס איז בלויז אַ חלום געווען, ווייל די אַלע וואָס זענען אונדז אַזוי טייער געווען, זענען גרויזאַם אויסגעשאָכטן געוואָרן, אויסגעשאָסן, פאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ און מיידאַנעק. אויסגעראָטן געוואָרן אויף די פעלדער פון בעלזשעץ.

יזכור! מיר וועלן אייך נישט פאַרגעסן. מיר וועלן אייך געדענקען אונדזער גאַנץ לעבן, איר זייט איינגעקריצט אין אונדזער האַרץ ביז אונדזער לעצטן אָטעם־צוג.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא...

יעקב קליימאַן

# צום צוועלפטן יאָרצייט

„של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר
אתה עומד עליו אדמת קודש הוא"

ווידער שטייען מיר מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע הערצער ביים אַלגעמיינעם מאָנומענט, וואָס סימבאָליזירט דעם אומקום פון זעקס מיליאָן קדושים, און צווישן זיי אויך אונדזערע טייערסטע און ליבסטע, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער און אונדזער געבורטס־שטעטל בעכעווע, וואָס זענען פאַרפּייניקט און אומגעבראַכט געוואָרן מיט מיתות משונות, דורך די הענט פון נאַצי מערדער, ימח שמם וזכרם.

12 יאָר זענען פאַרביי זינט דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט איינע פון די שרעקלעכסטע טראַגעדיעס וואָס עס איז ווען פאַרצייכנט געוואָרן אין דער געשיכטע פון אונדזער טרויעריקן וואַנדער־וועג, און מיטן בלוט פון אונדזערע קדושים פאַרשריבן אין דער היסטאָריע, עס זאָל בלייבן אויף דורות און דור־דורות און קיינמאָל עס נישט פאַרגעסן. „והגדת לבנך" — מען זאָל דאָס איבערגעבן צו קינדער און קינדס קינדער, את אשר עשה לך עמלק־הנאצי, וואָס די דייטשע מערדער האָבן געטאָן צו אונדזער פאָלק.

12 יאָר זענען פאַרביי און נאָך אַזוי פריש איז דער ווייטיק אין אונדזערע הערצער. שטייענדיק דאָ פאַרטראַכט ביים ברידער־קבר, די הערצער צעבראָכן, פון די אויגן רינט אַ טרער, און אַזוי ווי דורך אַן עפל זעען מיר ווי פונעם אש, וואָס ליגט דאָ באַהאַלטן, שטייען זיי אויף און מאַרשירן דורך פאַר אונדזערע אויגן צעבלוטיקטע, צעביילטע, פאַרפּייניקטע, ראַנגעענדיק זיך צווישן לעבן און טויט און שרייען: „קינדער! מיר זענען געגאַנגען אויף קדוש השם, זעט איר אויך ווייטער צו שפּינען דעם פאָדעם פון פאָלקס עקזיסטענץ און שמידן די קייט פון טראַדיציע".

„כי במותם ציוו לנו את החיים". מיט זייער שטאַרבן האָבן זיי אונדז געגעבן לעבן — אויף די חורבות פון זייערע קברים איז אויפגעשטאַנען מדינת ישראל. מיר האָבן דורכגעמאַכט זייער אַ הייליקן וועג, טרעטנדיק איבער טויטע קערפערס פון זעקס מיליאָן קדושים וטהורים, ביז מיר זענען צוגעקומען צום לאַנד פון אונדזערע אבות. דערפאַר זענען מיר זיי שולדיק אַ הייליקן חוב, וואָס מיר דאַרפן מיט יראת הכבוד זיי אָפּצאָלן. „קול דמי אחינו צועקים אלינו מן האדמה", דאָס קול פון פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזערע ברידער שרייט אַרויס צו אונדז פון דער ערד — נקמה! נקמה פאַרן אומברענגען אונדזערע נישט פאַרענדיקטע לעבנס, דורך די הענט פון רוצחים, וואָס האָבן פאַרפייניקט און אומגעבראַכט אומשולדיקע זויגנדיקע קינדער. פאַרשאָלטן זאָל זיין דאָס דייטשע מערדער־פאָלק.

יענקל וויערניק, דער באַשרייבער פון טרעבלינקע, דערציילט, אַז ווען יידן זענען געגאַנגען אין גאַז־אויוון אַריין מיט קולות, מיט געביילטע פויסטן, מיט געשרייען, או ווי מאַמע! זענען יידן געגאַנגען אויך מיט „שמע ישראל" און מיט הלל, און אַ טייל זענען געגאַנגען מיט אַן אָנזאָג צו די לעבנס־געבליבענע, געדענקט מיין יאָרצייט. און מאַרעק דוואָרזשעצקי — וואָס שטאַמט פון דער יידישער ווילנע, זאָגט: „אַז דו וועסט זיך בויען אַ נייע שטוב, ברעך איין אין איר אַ וואַנט, בכדי זאָלסט תמיד זען פאַר דיינע אויגן דעם חורבן בית ישראל".

איך פאַרמאַך די אויגן און עס שווימט אויף אין מיין זכרון באַדנערס פאַלאַץ, די שענסטע פאַנטאַזיעס פון אונדזער יוגנט, האָבן מיר דאָרט אויסגעחלומט. דער שענסטער ראָמאַנטישער שרייבער מיט זיין פעדער וואָלט נישט געקאָנט אויסמאָלן די נאַטור־שיינהייט פון דעם באַצויבערטן פאַלאַץ, דער אַזויגערו־פענער „נאַטור גן־עדן", וואָס האָט אונדז פאַרשאַפט אַזוי פיל פאַרגעניגן. איך גלויב אַז אַלע לעבנגעבליבענע בעכעווער געדענקען גוט די ווינטער־נעכט, ווען דער פראָסט האָט געקנאַקט אונטער די פיס, האָבן מיר, יונגוואַרג, שפּאַצירט אויפן שאָסיי מיט זיכערע טריט און געחלומט פון גליקלעכע צייטן, פון אַ שענערער און בעסערער וועלט...

עס דערשיינט פאַר מיינע אויגן דאָס בית המדרש און די גרויסע שיל ווו מיר יונגע בחורים פלעגן אין די קאַלטע ווינטער־נעכט זיך דערוואַרעמען מיטן התלהבותדיקן ניגון פון „אמר אביי אמר רבא", קוקנדיק פון דערווייטנס צו

דער מזרח וואַנט, ווו עס איז געשטאַנען אונדזער בעכעווער רב ר׳ ירחמיאל גרינבוים ז״ל, אָנגעשפּאַרט ביים טיש מיט אַ ספר אין האַנט, טיף פאַרקלערט, זיינע אַלטע קנייטשן אויף זיין גאונישן שטערן און זיינע אויגן האָבן אָפּגע־שפּיגל דעם גאַנצן גלות־וועג פון יידישן פאָלק. אין די שפּעטע שעהן פון דער שטילער נאַכט האָט ער געוויס געהאַט אַ ויכוח מיטן רבונו של עולם, עד מתי? ביז ווי לאַנג נאָך וועסטו אַזוי שטראָפן דיין פאָלק ישראל...

עס מאַרשירן דורך פאַר מיינע אויגן געשטאַלטן, וואָס זענען אונדז געווען אַזוי ליב און טייער. עס קלינגט נאָך אין מיינע אויערן דאָס קול נגינה פון ר׳ עזריאל זייגערמאַכער ע״ה, ווי ער שטייט יום כיפור ביים עמוד און דאַווענט שחרית, ווען ער שרייט אויס „ליודע מחשבות ביום דין — ללובש צדקות בדין״, האָבן די שערי רחמים אויפגעציטערט.

עס שוועבט דורך פאַר מיינע אויגן דאָס פּאַטריאַרכאַלישע אויסזען פון ר׳ יחיאל שוחט ז״ל. אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל שטייט ער ביים עמוד יום כיפור ביי מוסף און מיט זיין אויסגעשריי פון אַ שאגת ארי „מי באש ומי במים, מי בחרב ומי בחיה״ האָט ער אויסגעגאָסן זיין גאַנץ האַרץ פאַרן רבונו של עולם און אויסגעבעטן אַ גוט יאָר פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

און איצט איז דאָס אַלץ שוין נישטאָ, עס איז געבליבן אַ פאַרלאָזטער עמק הבכא, אַוועק אין דער אייביקייט, פאַרשווונדן מיט רויך אַלץ וואָס האָט געלעבט און געשאַפן, אונדזער שטעטעלע בעכעווע. בעכעווע! טרויעריק שטעטעלע אונדזערס. ביסט חרוב ונחרב געוואָרן, אויף דיינע שטיינער טרעט שוין נישט מער קיין יידישער פוס. מען הערט שוין נישט מער די בין־השמשותדיקע פּאַרטיי־דיסקוסיעס אויף דער יידישער גאַס פון ציוניסטן, בונדיסטן, אָרטאָדאָקסן און מזרחיסטן, וואָס יעדער איינער פון זיי לויט זיין שטייגער, האָט געקעמפט פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט. נישטאָ מער די אַלטע שאַנק ספרים פון בעכעווער בית המדרש מיט זייערע פאַרגעלטע און פאַרוועלקטע בלעטער, וואָס האָבן דערציילט אַזוי פיל סודות פון גאונים מאַרטירער פון דורות, וואָס האָבן געענדיקט זייערע לעבנס אויף קידוש השם. נישטאָ מער אונדזערע מלמדים און באַהעלפערס וואָס האָבן מיט אונדז געלערנט, נישט דער שוחט צו וועלכן אונדזער מאַמע האָט אונדז געשיקט קוילען אַן עוף, נישטאָ מער דער רב, וואָס האָט אונדז געגעבן חופה וקדושין, נישטאָ דער שמש, וואָס האָט געוועקט צו סליחות... ס׳איז נישט געבליבן מער ווי די שאָטנס פון די ווענט פון דעם

אַלטן בית המדרש און די שיל וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך די תפילות פון קדושה וטהרה.

דאָס אַלץ האָט דער נאַצישער מערדער חרוב געמאַכט. ווי אַ געשפּענסט וועלן זיי אַרומוואַנדערן אין די וויסטענישן פון לעבן מיט חרפּה געפילן און וועלן קיינמאָל קיין תשובה נישט באַקומען, דער בלוטיקער קין־צייכן אויף זייער שטערן, וועט פאַרבלייבן אַן אייביקער שאַנד־פלעק פאַר זייערע ווילדע קאַני־באַלישע מעשים.

ס'איז אַ הייליקער חוב פאַר אַלע בעכעווער לאַנדסלייט צו געדענקען דעם דאַטום פון דער יאָרצייט נאָך אונדזערע קדושים, מיט אַ נאַכט פריער אָנצינדן יאָרצייט־ליכט יעדער איינער ביי זיך אין שטוב, נאָך זיינע אייגענע. דאָס אַש פון אונדזערע קדושים איז געוואָרן צעזייט און צעיאָגט דורך בייזע ווינטן בכל ארבע פינות העולם, און מיר ווייסן נישט ווו זייערע קברים געפינען זיך.



באזכרה (עם קיכלמאכר מרומא) ב״י אַ אזכרה (מיט קיכעלמאַכער פון רוים)

דעריבער זאָל ביי אונדז זיין אַ זכר עולם, קומען יעדעס יאָר צום דאָזיקן מאָנומענט ווו ס'איז געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל אַ קעסטעלע אַש פון זעקס מיליאָן פאַרפייניקטע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, און דורכפירן אַן אזכרה אַקט, זאָגן אַ קאָלעקטיוון קדיש, פאַרגיסן אַ טרער און אָפּגעבן זיך אַ חשבון הנפש. דאָס וועט זיין פון אונדזער זייט די הייליקסטע מצבה, וואָס מיר שטעלן אונדזערע טייערע און ליבע.

תהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים.

פייבל מאַנדלבוים

## צום יאָרצייט *

נישט איין מאָל דאַכט זיך, וואָס נאָך איז דאָ צו רעדן וועגן דעם קליינעם שטעטל בעכעווע, וואָס איז געווען גרויס ווי אַ גענעץ און דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם בית־המדרש און, להבדיל, דער באָד און בית־הקברות. און מיר זענען דאָך שוין „גרויסשטעטישע" מיט אַנדערע באַגריפן און פאָדערונגען אין לעבן. און וואָס נאָך איז צו דערציילן נאָך דעם ווי עס זענען אַדורך 20 יאָר, און עס איז שוין נישטאָ קיין סימן פון יידיש־לעבן אין שטעטל ?

אַן אינדישע לעגענדע דערציילט וועגן אַ געוויסע משפחה פון העלפאַנטן — ווי באַוווסט, איז אין אינדיע פאַראַן אַ סך העלפאַנטן — אַז זיי קומען אויף דער עלטער און דערפילן, אַז זיי האַלטן פאַרן שטאַרבן, קאָנען זיי זיין הונדערטער קילאָמעטער פון דעם אָרט ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן, גייען זיי צוריק אויף דעם זעלבן אָרט און דאָרטן שטאַרבן זיי. מענטשן פירן זיך נישט אַזוי. אָבער איך האָב קיין שום ספק נישט, אַז יעדער מענטש אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן שטייט אויף פאַר זיינע אויגן דאָס אָרט ווו ער איז געבוירן געוואָרן און געלעבט זיינע יונגע יאָרן. פאַר אונדז איז דאָס שטעטל בעכעווע נישט בלויז דאָס אָרט ווו מיר זענען געבוירן געוואָרן און געלעבט אונדזערע יוגנט־יאָרן — אין דעם שטעטל האָבן מיר אויך איבערגעלאָזט אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער און קרובים, און זייערע ביינער זענען צעשפרייט אויף די פעלדער, וועגן און סטעזשקעס, אין דעם שטעטל און אַרום איר. און אויף אונדז ליגט אַ פליכט ביי יעדער געלעגנהייט צו רעדן און דערציילן וועגן יעדן פּרט, וועגן די איינצלהייטן פון דעם יידישן לעבן אין אונדזער שטעטעלע בעכעווע.

און בפרט אין טאָג פון דער אזכרה. אין דעם טאָג איז אַ מצווה, אַ חוב, מזכיר זיין יעדן איינעם פון די קדושים. אין דער שטיל, מיט שעפּטשנדיקע ליפּן,

* אויסצוג פון דער אזכרה אין בית ציוני אמריקה.

און בציבור — די בולטע געשטאַלטן און טיפּן פון שטעטל, וועלכע שטייען פאַר די אויגן פון יעדן איינציקן פון אונדז.

איך וויל היינטיקן אָוונט שטעלן אַ יאָר־צייט ליכט אַ געשטאַלט פונעם בעכעוועער יידישן לעבן, וועלכער האָט ביים לעבן נישט פאַרנומען קיין שום פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט, און האָט קיין מאָל נישט זוכה געווען עס זאָל אים ווער איינלאַדן אויף אַ חתונה, אָדער אויף אַ ברית. שוין יאָרן שטייט דאָס געשטאַלט פאַר מיינע אויגן און בעט זיך מזכיר צו זיין.

איר געדענקט דאָך די געשטאַלט פון י. ל. פּרץ אין זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן „באָנטשע שווייק", אַ טרעגער, וואָס האָט אָפּגעלעבט זיין לעבן אויף דער וועלט ווו קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, זיין לעבן האָט קיין שום באַדייטונג נישט געהאַט, אָבער ווען ער איז געקומען אויף יענער וועלט, איז געוואָרן אַ רעש אין אַלע זיבן הימלען — דער צדיק באָנטשע שווייק איז געקומען. מיר האָבן געהאַט אונדזער אייגענעם „באָנטשע", וואָס זיין זכות איז נישט געווען קלענער פון פּרצס באָנטשע. איך געדענק אַלס יינגל האָב איך נישט איין מאָל, צוגלייך מיט אַנדערע יינגלעך, געטשעפּעט זיך צו אונדזער „באָנטשע", אַ שלעפּ געגעבן ביי אַ ציצה פון די אַרבע כנפות, און מיין מאַמע שרהלע יחיאלס ז"ל האָט מיר געזאָגט: „דעם ייד טאָר מען נישט טשעפּען, מען זאָגט, אַז ער איז אַ למד־וווניק."

לויט דער יידישער פאָלקס־לעגענדע עקזיסטירן אין יעדן דור 36 זיילן, 36 צדיקים אויף וועלכע די וועלט שטייט. דאָס זענען נישט קיין צדיקים מיט שטראַמלען און באָרד־און־פּיאות, מיט אַטלעסענע זשופּיצעס, ברייטע גאַרטלען און ווייסע זאָקן. דאָס זענען אַנדערע צדיקים, וואָס קיינער ווייסט נישט ווער זיי זענען. די פאָלקס־פאַנטאַזיע שטעלט פאַר די צדיקים אַלס האָלץ־העקער, בעלי־עגלות, וואַסער־פירער און וואַסער־טרעגער — גראָבע מענטשן מיט אַ פּראָסטער שפּראַך, וואָס האָבן אין גאַנצן נישט קיין אייגן לעבן. די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט אין פּרצס דערציילונג „אויב נישט נאָך העכער" זאָגאַר פאַרגעשטעלט אַ למד־וווניק, אין געשטאַלט פון אַ פּויער מיט אַ גראָבן סורדוק, וואָס טראָגט אַ בינטל האָלץ צו פאַרקויפן און גיט עס אַוועק אַן אלמנה אָן געלט, זי זאָל דערוואַרעמען איר געפרוירענע כאַטע.

מיר לעבן אין אַ צייט פון אָנגעהויערע טעכנישע פאַרשריטן. אַרבעטן, וואָס זענען אַמאָל געמאַכט געוואָרן מיט האַנט, ווערן היינט געמאַכט מיט מאַשינען, און עס זעט אויס גאַנץ נאַטירלעך. אָבער נעמט אַ צבר און דערציילט אים, אַז

עס איז געווען אַ פרנסה, וואָס האָט געהייסן וואַסער־טרעגער, וועט ער אייך אָנקוקן ווי אַ נישט נאָרמאַלן מענטש. דאָס שטעטל בעכצווע האָט אָבער געלעבט פון וואַסער, וואָס מען האָט געבּרענגט פון סטאַק. הגם שפּעטער האָט מען געמאַכט אַ פּלומפּ אין מיטן מאַרק, אָבער דאָס וואַסער פון דעם ברונעם האָט נישט געטויגט צום טרינקען און נישט צום קאָכן.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ שטעטל אַזוי גרויס ווי בעכצווע אין ישראל, און אין איר „מועצה מקומית" איז דאָ אַן אָפּטיילונג פאַר וואַסער. יעדע צוויי חדשים באַקומט מען אַ חשבון צו באַצאָלן פאַר גענוצט וואַסער. וויל מען באַקומען צוגעצויגן וואַסער צום שטוב, מוז מען אָנגעבן אַ ביסע מיטן געהעריקן טיטל, איינצאָלן פאַר דער אינסטאַלאַציע, פאַר דעם ציילער א. א. וו. אין בעכצווע איז עס געווען גאָר פּשוט: מען האָט געזאָגט משה חודיק, ער זאָל ברענגען וואַסער און משה חודיק האָט געבּרענגט. ווי אַזוי האָט משה חודיק באַוויזן צו באַזאָרגן דאָס שטעטל מיט וואַסער?

מיר האָבן געוווינט נישט ווייט פון סטאַק, און משה חודיק איז מיר געבליבן אין זכרון אַלס אַ באַוועגלעכער טייל פון דער גאַנצער אַרומיקער סביבה אין אַלע 4 תקופות פון יאָר: פרילינג, זומער, הערבסט, ווינטער. איך געדענק נעכט, ווען די מאַמע ז"ל פלעגט זאָגן: „עס איז אַן עבירה אַרויסצולאָזן אַ הונט אין דרויסן". אין דרויסן איז געווען חושך מצרים, אַ מבולדיקער שלאַקס־רעגן האָט געגאָסן אָן אויפהער, פון צייט צו צייט האָט אַ בליץ דורכגעשניטן דעם חושכדיקן הימל, און באַלד דערנאָך האָט זיך געהערט אַ קראַך פון אַ דונער, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף קליין און גרויס. אין צווישן האָט זיך געהערט אַ מאָנאָטאָן ברומען בום־באָם, בום־באָם... דאָס איז געווען משה חודיק מיט זיינע צוויי עמערס וואַסער אָנגעהאָנגען אויף נאָשיס, לייכט געוואַקלט זיך פון רעכט אויף לינקס, ווי ער וואָלט געזאָגט דערמיט: „עס איז נישטאָ קיין ברירה, די בעקערייען דאַרפן וואַסער; ווען נישט וועט אין דער פרי נישט זיין קיין ברויט".

עס זענען מיר געבליבן אין זכרון נעכט פון „באָזשע נאַראָדזעניע". אַ פראָסטיקע נאַכט, אַ געדיכטער שניי האָלט אין איין פאַלן און אַלץ אַרום איז באַדעקט מיט אַ ווייסער דעק. די גלאָקן פונעם קלויסטער רופן די גלויביקע אין קירכע און טויזנטער, טויזנטער גויים און גוייס גייען אין קלויסטער. קיינער אין שטעטל וואַגט נישט אַרויסצוגיין אין גאַס, אָבער משה חודיקן אינטערעסירט דאָס אַלץ ווי דער פאַריאָריקער שניי — ער מיט זיינע צוויי עמערס וואַסער

מיטן מאַנאָטאָנעם בום־באָם, גייט זיך צווישן גאַנצן המון גוייִם... די בעקערייען דאַרפן וואַסער, ווען נישט וועט אין דערפרי נישט זיין קיין ברויט.

איך דערמאָן זיך אין אַ ווינטער פאַרנאַכט. נאָך אַ זוניקן טאָג, ווען דער שניי איז געוואָרן וואַסערדיק און פון די דעכער האָט געקאַפּעט, איז פאַרנאַכט געוואָרן פראָסטיק, דער שאָסיי איז געוואָרן ווי איבערגעדעקט מיט גלאָז. פּלוצלונג — אַ געלויף אין דרויסן. איך בין אַרויס און זע: משה חודיק ליגט אויף דער ערד, אין אַ פלעטש פון וואַסער, די עמערס האַלב ליידיק, די נאָשעס אין דער זייט. משה חודיק האָט נישט געקרעכצט, נישט געשריגן, נאָר אויף זיין שוואַרצער קאַלטעוואַטער באָרד, דורכגעוועבט מיט זילעבער־פעדעם, האָבן זיך געקוילערט גרויסע טרערן ווי די באָבער אין די זומערדיקע לבנה־נעכט.

ווען מיר זענען נאָך האַלבער נאַכט אַהיימגעגאַנגען פון דער לאָנקע, אָדער פון פּאַלאַץ, איז משה חודיק, מיט עמערס וואַסער אָדער ליידיקע עמערס, שטענדיק אַקעגנגעקומען. ווען איז משה חודיק געשלאָפן, דאָס איז פאַר מיר אַ סוד ביזן היינטיקן טאָג. פאַרטאָג, עס האָט נאָר אַנגעהויבן בלויען, איז שוין משה חודיק געווען באַוועגלעך צום טאָך און צוריק. זומער, מיט צוויי באָרוועסע פיס, מיטן טלית קטן אויפן העמד און די פיר ציצות שאָקלען זיך צו יעדער באַוועגונג; ווינטער, מיט 2 גרויסע שטיוול און אַ געלן ספּאָדיק אויפן קאָפּ, איז משה חודיק דורכגעגאַנגען זיין גאַנצן לעבן פונעם סטאַק אַרויף אין מאַרק און צוריק. קיין מאָל נישט געבייזערט זיך, קיין מאָל נישט געשריגן.

איך ווייס נישט, צי עס איז געווען אַ רעש אין אַלע זיבן הימלען ווען משה חודיק איז געקומען אויף יענער וועלט. אָבער איך בין זיכער, אַז ווען משה חודיק וואָלט געלעבט היינט־צוטאָג אין אַ קיבוץ, אָדער געאַרבעט אין אַ פּריוואַטן אונטערנעמונג, וואָלט ער באַקומען דעם פּרס קאַפּלאַן, זיין בילד וואָלט דערשינען אויף די ערשטע זייטן פון דער פּרעסע און די משפּחה וואָלט שטאָלצירט מיט אים.

יהא זכרו ברוך.

י. קלייחאַן

## אַ צירקוליאַר צו די בעכעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע

**חשובער פריינד און לאַנדסמאַן!**

עס זענען שוין אַריבער 22 יאָר זינט אונדזערע טייערסטע פון בעכעווע ביי לובלין און אומגעגנט זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים ימ״ש. מיר ווייסן אַפילו נישט, וווּ זייער געביין איז אַהינגעקומען. אָבער „קול דמי אחינו צועקים אלינו מן האדמה״, דאָס בלוט פון אונדזערע משפחות רוט נישט און זיי בעטן מיר זאָלן פאַראייביקן זייער נאָמען.

ליבער פריינט! מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן ווערן. דערפאַר מוזן מיר טאָן דאָס איינציק־מעגלעכע: פונקט ווי די לעבן־געבליבענע פון אַנדערע יידישע קהילות, דאַרפן מיר וואָס שנעלער פאַראייביקן זייער נאָמען אין אַ ספּעציעלן יזכור־בוך. טייערער לאַנדסמאַן! מיר, בעכעווער, טאָרן נישט זיין קיין אויסנאַם. טייל לאַנדסלייט האָבן געפלאַנצט וועלדער אין ישראל, און אַנדערע האָבן אויך אויפגעשטעלט הייזער אין מדינת ישראל, צום אָנדענק פון זייערע קדושים. אַזוי האָט אויך געטאָן די קראַשניקער סאָסייעטי, צו וועלכער איך האָב דעם כבוד צו געהערן: זי האָט אויפגעבויט אַ „היכל קראשניק״ אין תל־אביב.

אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל („אירגון יוצאי ביכווה״) האָבן דערפאַר באַשלאָסן, אַז אויך אונדזערע הייליקע ברידער און שוועסטער זאָלן פאַראייביקט ווערן. זיי האָבן פּרובירט אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך מיט אייגענע מיטלען, נאָר דאָס איז געווען איבער זייערע כוחות. צוליב דעם האָבן זיי מיך געבעטן צו באַווירקן די בעכעווער לאַנדסלייט, אַז מען זאָל זיי קומען צו־הילף. זיי ווילן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך אין יידיש און העברעאיש — און אויב מעגלעך, ווילן זיי אויך פלאַנצן אַ וואַלד פון טויזנטביימער אויפן נאָמען פון די בעכעווער קדושים.

אָנהויב אַפּריל פון היינטיקן יאָר פאָר איך, מיט מיין פרוי, קיין ישראל —

און איך האָף צו ברענגען אונדזערע לאַנדסלייט די בשורה, אַז מיר זענען גרייט זיי צו העלפן. אַזאַ הייליקע אונטערנעמונג טאָר נישט געשטערט ווערן צוליב מאַנגל אין געלט! לאָמיר באַווייזן דער וועלט, אַז אויך מיר געדענקען אונדזערע משפחות און ווילן פאַראייביקן זייער נאָמען.

די גאַנצע אונטערנעמונג דאַרף באַטרעפן אַרום 10 טויזנט דאָלאַר — און די לאַנדסלייט אין ישראל האָבן שוין דערויף געזאַמלט אַ געוויסע סומע. איך גרייט זיך צו שרייבן וועגן דעם צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אַ ריי לענדער. אָבער מיר, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דאַרפן באַווייזן אַ ווירדיקן ביישפּיל. ס'איז עת לעשות! לאָמיר זיך חס־ושלום נישט דאַרפן שעמען פאַר אַנדערע קהילות און פאַר די קומענדיקע דורות. איך האָף, אַז איר וועט העלפן מיט אַלע מעגלעכ־קייטן צו רעאַליזירן אונדזער הייליקע אויפגאַבע.

אין לך דבר העומד בפני הרצון — און מיר וועלן אַלע זיכער צולייגן אַ האַנט, בכדי צו טאָן דעם חסד של אמת מיט די נשמות פון אונדזערע משפחות, די קדושים פון בעכעווע און אומגעגנט.

איך בעט אייך, אַז איר זאָלט מיר צושיקן די נעמען פון אַלע אייערע אומגע־קומענע קרובים, בכדי זיי אַריינצוגעבן אינעם ספר צו זייער זכרון.

די טשעקס, פון אייער ביישטייער, קענען צוגעשיקט ווערן צו מיר — און איר וועט באַקומען אַ קבלה דירעקט פון ישראל אויף יעדער סומע, וואָס איר וועט צושיקן פאַרן הייליקן צוועק. ליבע ברידער און שוועסטער! טוט עס וואָס שנעלער, און איך וועל זיך באַמיען אַדורכצופירן די הייליקע שליחות בשלימות.

בברכת ציון וירושלים,

אייער לאַנדסמאַן און פריינט

**ד"ר חיים דיימאַנד**

ניו־יאָרק, דעם 10טן פעברואַר, 1965.

# אין צוזאַמענטרעף מיט אונדזערע שטאַט-לייט געסט *

ליבע חברים־פריינד, איר וועט מיר דערלויבן צו באַגריסן אונדזערע חשובע געסט. איך וועל ווידמענען יעדן איינעם באַזונדער אַ פּאָר ווערטער. נאַטירלעך וועלן מיר דעם אָוונט רעדן יידיש, די שפּראַך, וועלכע האָט פּאַראייניקט אונדז אַלע אין דער אַלטער היים, און וועלכע איז פאַרשטענדלעך פאַר די געסט.

מיר, בעכעווער, רעדן זיך איין, אַז מיר זענען מיוחסים. די גענויע סיבה דערפון ווייס איך נישט. מעגלעך, אַז עס שטאַמט נאָך פון יענער צייט, ווען די נאָכפאָלגער פונעם „יהודי הקדוש" האָבן פאַרגעזעצט זיין דינאַסטיע אין בעכעווע. אַ פאַקט איז, אַז בעכעווער האָבן זיך גערעכנט פאַר דעם „אתה בחרתנו" פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. מדינת ישראל גיט אויס פאַרמעגנס אויף אַרכעאָלאָגישע אויסגרובונגען, אין דער שפּיץ פון דער אַרבעט שטייט פּראָפעסאָר יגאל ידין, איינער פון די בעסטע מוחות פון לאַנד. די אויפגאַבע פון אויסגרו־בינגען איז צו באַווייזן אונדזער אַנגעהעריקייט צום לאַנד און איר קולטור מיט טויזנטער יאָרן צוריק. מיר, בעכעווער, נויטיקן זיך נישט אין קיין אַרכעאָלאָגישע אויסגרובענגען, כדי צו באַווייזן אונדזער יחוס. אָט זיצט דאָ מיט אונדז אַ לעבעדיקער עדות, אַז מיר שטאַמען באמת פון יחוס, און ווען די בעכעווער געשיכטע וואָלט געווען באַשריבן, וואָלט אין איינעם פון די בלעטער געווען געשריבן אַזוי:

אין יאָר 1904, דאָס הייסט מיט איבער 6 צענדליק יאָרן צוריק, ווען מיר, כמעט אַלע, וואָס זענען דאָ פאַרזאַמלט, האָבן זיך נאָך געוואַרעמט אונטער די פליגל פונעם „כסא הכבוד", זענען פון בעכעווע אַרויסגעפאָרן 2 בית־מדרישע בחורים קיין אַדעס, דער דעמאָלסטיקער רענעסאַנס־צענטער אינעם יידישן לעבן. איינער פון די צוויי איז געווען יוסלע יהושע הודעס ז"ל; ער האָט נישט אויס־

---

* ווערטער אין דעם קבלת פנים פון די שטאָט־לייט געסט: ד"ר חיים דיאַמאַנד פון די פאַראייניקטע שטאַטן און שמואל ערליך פון מעקסיקע.

געהאַלטן, און נאָך אַ קורץ שטיקל צייט צוריקגעקומען קיין בעכעווע. ער האָט זיך געטרייסט נאָך זיין דורכפאַל אין די אָרעמס פונעם שענסטן יידישן מיידל פון שטעטל, אסתרל דעם בלעכאַזש. נאָך אַלס קליין יינגל, איז מיר געבליבן אין זכרון איר שיינער פרויען קאָפּ מיט אַ שוואַרץ בענדעלע אַרום דעם האַלדז...

דער צווייטער בחור, יבדל לחיים, האָט דורכגעמאַכט שבעה מדורי גיהנום, אַוועק קיין אַמעריקע, פאָרגעזעצט זיין שטודיום, און געענדיקט אויף דאָקטאָר. דאָס איז אונדזער חשובער גאַסט, וואָס זיצט מיט אונדז צוזאַמען דאָ, ד״ר חיים דיאַמאַנד.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי לייכט ד״ר דיאַמאַנד. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז דעמאָלט אין פוילן, און בפרט אין בעכעווע, האָט די יידישע יוגנט נישט געהאַט די באַדינגונגען, וואָס אונדזערע קינדער האָבן אין מדינת ישראל, ווען אַלע בילדונגס־אַנשטאַלטן פון פאָלקס־שול ביז אוניווערסיטעט שטייען מיט אויפגעפראַלטע טירן און טראָגן אונטער דער יוגנט בילדנג און וויסן אויף אַ גאָלדענער טאַץ. אָבער דעמאָלט, מיט 60 יאָר צוריק, אינעם קליינעם שטעטל בעכעווע, האָבן בלויז יחידי סגולה געקאָנט חלומען וועגן הויכע בילדונג. לאָמיר אויך נישט פאַרגעסן, אַז דער דעמאָלטיקער חיים מאַרכעווקיס איז געווען אַ יינגל פון אַן אַרעמער היים, דער טאַטע אַ בעל־מלאכה, אַ שניידער, וואָס האָט בדוחק אַרויסגעשלעפּט אַ טרוקן שטיקל ברויט, מפרנס צו זיין די משפחה. נו, האָט דער גורל געוואָלט, אַז פון דער אָרעמער טרויעריקער ווירקלעכקייט — פּאָעטיש געזאָגט: פון צווישן די שטעכיקע באַזאַקעס — איז אַרויסגעוואָקסן אַ בלום אין פאָרם פון אַ יינגל מיט אַ פייערדיקן קאָפּ, וואָס האָט שוין אין שטעטל, אַלס בית־מדרש בחור, אַריבערגעשפּרייזט די גרענעץ פון דעם בעלי־מלאכה געטאָ צו דער בעלי־בתישער סביבה, און געוואָרן זייער ליבלינג, און שפּעטער, מיט אַן אייזערנעם ווילן זיך אַרויסגעריסן אין דער גרויסער וועלט אַריין און געוואָרן ד״ר דיאַמאַנד.

נאַטירלעך, אין לובלין, אין וואַרשע, זענען געווען יידישע דאָקטוירים, אָבער אַ דאָקטאָר איז געווען ווי אַ שטערן אין הימל, וואָס מען דאַרף אויפהויבן דעם קאָפּ כדי אַרויפצוקוקן צו אים. איך געדענק, אַלס יינגל אין בעכעווע, האָב איך אַמאָל שפּאַצירט מיט חברים, געמאָסטן דעם שאָסיי פון דער ניווע, הין און צוריק. עס איז געווען אַ ווינטערדיקער שבת פאַרנאַכט, דער שניי איז געוואָרן קויטיק און בלאָטיק, און אויפן האַרץ איז געווען אַזוי טרויעריק און בלאָטיק

ווי אין דרויסן. מיר זענען צוגעקומען צום Dom ludowy. פון די פּענצטער פונעם דאָקטאָרס וווינונג האָט אַ שלאָג געגעבן אַ ים פון ליכט, אַ שיקסל איז געזעסן ביי דער פּיאַנאָ און געשפּילט, די פרוי האָט איר באַגלייט מיט זינגען — אַ תהום האָט אָפּגעטיילט אונדזער טרויעריקעווירקלעכקייט פון יענעם גן־עדן התחתון־לעבן פון דעם בעכעווער דאָקטאָר. און איך האָב מיך אין האַרצן מיט אַ קנאה־געפיל געפרעגט: רבונו של עולם, איז דאָס גן עדן־לעבן געשאַפן געוואָרן בלויז פאַר גויים?

ד״ר דיאַמאַנד איז געווען דער ענטפער, אַז אויך יידן קאָנען דערגרייכן דעם גן עדן התחתון. און צום שבח פון אונדזער גאַסט מוז געזאָגט ווערן, אַז ער האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ ווי אַנדערע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פונעם קליינעם שטעטל און מצליח געווען אין דער גרויסער וועלט. דאָס ערשטע וואָס זיי טוען — דערווייטערן זיך פון זייערע נאָענטע, בלאָזן זיך אָן און ווערן פרעמד אינעם אייגענעם לעבן. ד״ר דיאַמאַנד איז געבליבן צוגעבונדן צום יידישן לעבן, צו דער יידישער קולטור, צום יידישן פאָלקלאָר, מיט אַלע זיינע נשמה פעדעם. ער האָט נישט פאַרגעסן זיין גרסא דינקותא ביזן היינטיקן טאָג. עס איז אַ גייסטיק פאַרגעניגן צו הערן זיינע שיחות חולין, וואָס זענען דורכגע־פלאָכטן מיט דברי חז״ל און פסוקים פון תנ״ך.

און צו דעם אַלעמען איז ד״ר דיאַמאַנד אַלע יאָרן אַ געטרייער געזעלשאַפט־לעכער עסקן. נאָך דעם ערשטן וועלט קריג, האָט ער אָרגאַניזירט הילף פאַרן בעכעווער שטעטל, פּראָדוקטן און געלט, וואָס האָט יענער צייט מחיה געווען צענדליקער משפחות, וועלכע האָבן געליטן הונגער.

היינט לייגט ד״ר דיאַמאַנד צו אַ האַנט צו אונדזער אַקציע אַרויסצוגעבן אַ יזכור בוך צום אָנדענקונג פון אונדזערע קדושים.

ד״ר חיים דיאַמאַנד, מיר זענען שטאָלץ מיט אייך, איר זייט אַ לעבעדיקער עדות פון אונדזער יחוס אָפּשטאַמונג. מיר ווינטשן אייך נאָך אַ סך לאַנגע יאָרן פון אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, כה לחי!

און אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער גאַסט שמואל ערליך. ווען איך זאָג שמואל ערליך, פיל איך מיך ווי איינער וואָס טאַנצט אויף זיין אייגענער חתונה. מיר האָבן דאָך צוזאַמען געזונגען ליבעס־לידער און קאַמפּס־לידער. מיר האָבן צוזאַמען געחלומט, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, וועגן אַ שענער לעבן און אַן אַנדערע וועלט. פון דעמאָלט זענען פאַריבער 37 יאָר! נאָך נאָרמאַלע 37 יאָר מעג מען זיך אויך צעקושן האַרציק, בפרט ווען צווישן דעמאָלט און

היינט טיילט פונאַנדער אַ טייך פון יידיש בלוט, 6 מיליאָן דערמאָרדעטע, פאַר־ברענטע, דערשטיקטע אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע און מיידאַנעק, עלטערן, שוועסטער און ברידער, און קליינע עופהלעך. אפילו דער שטן אַליין האָט עס נישט געקאָנט פאַראויסזען. ווער האָט געגלויבט, אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען? און אויב מיר האָבן זוכה געווען זיך צו טרעפן אין מדינת ישראל, די האָפענונג פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק, ליגט אויף אונדז אַ חוב צו פאַראייביקן דעם אָנדענקונג פון די בעכעווער קדושים. דאָס מאַכן מיר, דורך אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך.

מיר בעטן דעם גאַסט שמואל ארליך, ער זאָל דאָס איבערגעבן די בעכעווער שטעטישע אין מעקסיקע, זיי זאָלן מאַטעריעל צוהעלפן צו דער הייליקער אויפגאַבע.



באזכרה אין אַ יאָרצייט־טאָג

## רשימת יוצאי ביחאוה שנפטרו בארצנו

### לפי סדר שנות פטירתם

### נוסף לאלו שמופיעים בספר מאמרים לזכרונם

ר׳ **יצחק הורביץ** ז״ל ב״ר אברהם השוחט ז״ל — נפטר ביום ד׳ בתשרי תרצ״ה

ר׳ **שלום ברור** ז״ל בהר״ב יהודה נח ז״ל
עלה ארצה בשנת 1933 — נפטר בשנת תרצ״ו—17.4.36

**מרים גולדשטין** ז״ל — נפטרה בגיל 17 בשנת תרצ״ו

**אסתר רחל קלינרמן** ז״ל עלתה ארצה בשנת 1934 — נפטרה בשנת 1939

ר׳ **שלמה זלמן אידלמן** ז״ל ב״ר משה דוד ז״ל
עלה ארצה ב־30.7.35 תרצ״ה — נפטר ביום כ״א בתמוז תש״ג

**שרה גולדשטין** ז״ל — נפטרה ביום ג׳ בטבת תש״ד

ר׳ **אליעזר ארליך** ז״ל ב״ר מנדל ז״ל
עלה ארצה בשנת 1934 — נפטר ביום כ״ז באדר תש״ד

ר׳ **מנחם ארליך** ז״ל ב״ר שלמה ז״ל
עלה ארצה ב־15.7.34 תרצ״ד — נפטר ביום ד׳ בניסן תש״ה

**שרה ברור** ז״ל עלתה ארצה בשנת 1934 — נפטרה בשנת 1953

**חנה־דבורה איכנבלט** ז״ל עלתה ארצה בשנת 1935 — נפטרה ביום ד׳ בתמוז תשי״ד

## רשימת יוצאי ביחאוה שנפטרו בארצנו

### לפי סדר שנות פטירתם

### נוסף לאלו שמופיעים בספר מאמרים לזכרונם

ר׳ **יחיאל ארליך** ז״ל ב״ר מנחם ז״ל
עלה ארצה בשנת 1929 נפטר ביום כ״ד בתמוז תשי״ד

ר׳ **ישראל קליינרמן** ז״ל עלה ארצה בשנת 1936 נפטר בשנת 1964

ר׳ **עקיבא איכנבלט** ז״ל עלה ארצה בשנת 1935 נפטר ביום כ״ז בחשון תשט״ז

ר׳ **משה איכנבלט** ז״ל ב״ר עקיבא ז״ל
עלה ארצה בשנת 1933 נפטר ביום י״ב באלול תשי״ח

**אלקה רייס** ז״ל ב״ר שלמה ז״ל
עלתה ארצה ב־15.3.36 תרצ״ו נפטרה ביום ל׳ בתשרי תשכ״ה

ר׳ **מרדכי פייאראייזן** ז״ל עלה ארצה ב־? נפטר ביום כ״ג בניסן תשכ״ז

ר׳ **שמחה נדל** ז״ל ב״ר נפתלי ז״ל
עלה ארצה בשנת 1934 נפטר ביום ג׳ בתמוז תשכ״ז

**חיה אסתר בוכהולץ (גולדשטין)** ז״ל נפטרה ביום ט׳ באב תשכ״ז

**תמרה הימלבלוי** ז״ל עלתה ארצה בשנת 1934 נפטרה ד׳ אלול 1967

ר׳ **אליהו ארליך** ז״ל עלה ארצה בשנת 1933 נפטר ביום י״א בתמוז תשכ״ח

## צום אייביקן אָנדענק

הרב יעקב יצחק רבינוביץ
יצחק פייאראייזן
רישע פייאראייזן
מאַניעק פייאראייזן
פולא פייאראייזן

מנציח: **ד"ר שיפר**
קאנסס, סיטי

---

עזריאל
מלכה
שרה
יעקב
פסח דוד
מיטל
מאיר

מנציח: **גולדרייך**
ברוקלין

---

אהרון דיאמאנד
אסתר
לייבעלע
חיים
יענטע קעלערשטיין

מנציח: **דיאמנד**
ברוקלין

---

שלמה בן דב
חוה
רבקה דבורה

מנציח: **ברנדט**
קאנאדע

---

דובר ה ליפמן
אלי ליפמן
שמחה ליפמן

מנציחים: **דבורה רידר־ליפמן**
**שרה שיינבין־ליפמן**
ארצות־הברית

---

יוסף שרה קעלערשטיין
משה און הידעלע
מוניש קעלערשטיין
פייגעלע

מנציח: **קלרשטיין**
קאנאדע

---

פאַטער יוסף וועסטענצווייג
רבקה וועסטענצווייג

מנציח: **וועסטענצווייג**
ברוקלין

---

פערל אקערמאן
ביילע
רייזל
מלכה מארקרייף
חנה מינדעל

מנציח: **אקרמאן**
קאנאדע

---

משה, בלומע גרין
שרהלע
אשר

מנציח: **רוזה שייבע**
קאנאדע

הרבי ר׳ יעקב יצחק רבינוביץ
והרבנית
הרב ר׳ ירחמיאל גרינבוים

## א

אומנש משה ומשפחתו
אושברג הלל, הינדה וילדיהם
אושברג מרים
אידלמן אליהו ומשפחתו
אידלמן לייביש ומשפחתו
אידלמן צדוק ומשפחתו
אידלמן שמואל ומשפחתו
איכנבלט ירחמיאל, ינטא-פיגה,
דבורה, חיה, ישעיהו
איכנבלט שלמה
איכנבלט שרה
אינשטין אלעזר, פיגה
אינשטין ברוך, פסה והילדים
אינשטין משה ומשפחתו
אינשטין עקיבא ומשפחתו
אינשטין שלום ומשפחתו
אינשטין שמואל מגיבורי המרד
בסוביבור
אלטרמן יהושע, רב בקומרוב, אשתו
וששת ילדיהם
אלטרמן מוטיל ומשפחתו
אלבירט פייבל, אשתו וילדיהם
אלבירט אייזיק ומשפחתו
אלבירט עזריאל וילדיהם
אלבירט מרים
אלבירט יוסף, פיגה, ליבה, אברהם,
גבריאל, לאה
אלבירט משה ומשפחתו
אנקר אריה, שרה והילדים
אפשטין חיה ובנותיה
אקרמן ברל, בילה והילדים
אקרמן מאיר, אשתו יטקי
ארליך אביש, רבקה, ברוך והבנות
ארליך אברהם, פיגה, גרשון

ארליך אהרן ומשפחתו
ארליך אלחנן, רייזל, פרידה,
בת-שבע ועוד
ארליך אליעזר ומשפחתו
ארליך אסתר, גיטל, שרה, טובה,
הניה
ארליך בצלאל ומשפחתו
ארליך ברוך, רוחמה והילדים
ארליך ברוך-יוסף ומשפחתו
ארליך דוד-הרש ומשפחתו
ארליך הרש-לייב ומשפחתו
ארליך זליג, צירל והילדים
ארליך חיים, רחל
ארליך חיים בן שמואל, מרים והילדים
ארליך חנה
ארליך יוחנן ומשפחתו
ארליך יוסף, חיה וילדיהם
ארליך יצחק, בת-שבע וילדים
ארליך יצחק בן שמואל ומשפחתו
ארליך ישראל-יצחק, חנה-שרה
וילדיהם
ארליך לייבצ׳ה בן ברוך-יוסף ומשפחתו
ארליך לייבצ׳ה בן יצחק, פרל וילדיהם
ארליך מנדיל, אביש
ארליך מנדיל בן משה ומשפחתו
ארליך צדוק, שרה וילדיהם
ארליך שמואל, רחל, ברוך
ארליך שמעון ומשפחתו
ארליכשטין אביש ומשפחתו
ארליכשטיין דוד, חנה וילדיהם
ארליכשטין יעקב ואשתו
ארליכשטין ישראל בן יוסף ומשפחתו
ארליכשטין סימה
ארלינגר יחיאל ומשפחתו
ארלינגר נחמיה, ציפה, אסתר,
פייבל
ארלינגר שלמה ומשפחתו
ארלינגר שמחה ומשפחתו

## ב

באווניק גרשון, צילה וילדיהם
בוכשטין גרשון-דן ומשפחתו
בוכשטין שלמה מינדל וילדיהם
בורשטין אברהם ומשפחתו
בורשטין הרשל ומשפחתו
בורשטין יהושע ומשפחתו
בורשטין שלמה ומשפחתו
ביברקלייד שמואל, שינדל ובנותיהם
בליווים ישראל-ליפא, דבורה וילדיהם
בליווים מנדל ומשפחתו
בליווים שינדל
בליכמן יוסף ומשפחתו
בנדלר דוד ומשפחתו
בק מנדל ומשפחתו
ברגר דוד ומשפחתו
ברוור אהרן, רחל וילדיהם
ברוור פנחס ומשפחתו
בריטמן חיים ומשפחתו
ברנד יונה, חנה וילדיהם
ברנד עקיבא, בן צבי, ומשפחתו
ברנד שלמה ומשפחתו

## ג

גולדברג בנימין ומשפחתו
גולדמן יודיל ומשפחתו
גולדמן יוסף ומשפחתו
גולדשטין אברהם ומשפחתו
גולדשטין איטא
גולדשטין חנה
גולדשטין יחיאל ומשפחתו
גולדשטין יעקב (בן אברהם) ומשפחתו
גולדשטין לייביש ומשפחתו
גולדשטין מוטל ומשפחתו
גולדשטין מרים-אטיל
גולדשטין רבקה
גרובלר יודיל, רוזה, אהרן
גרובלר יצחק-מנדיל ומשפחתו
גרטן זוסמן, מירל וילדיהם
גרטן יחיאל ומשפחתו
גרין משה ומשפחתו
גרין עובדיה ומשפחתו
גרינברג יעקב, לאה וילדיהם
גרינברג יצחק-הרש ומשפחתו
גריץ הינדה וארבעה ילדיה
גריץ ישראל ומשפחתו
גריץ פנחס ומשפחתו
גריץ רפאל ומשפחתו
אשתו הראשונה של אברהם גריץ ז״ל וששת ילדיהם
אשתו הראשונה של משה גריץ ז״ל ושני ילדיהם
גרשטין חיים, סימה, חיה
גרשטנזנג חיים ומשפחתו
גרשטנזנג מנדיל ומשפחתו
גרשטנזנג משה ומשפחתו
גרשטנזנג נחמן, דבורה-איטה, שלמה

## ד

דעגן נח ומשפחתו
דורנשטרוק מאיר ומשפחתו
דורנשטרוק משה ומשפחתו
דיאמנד אהרן ומשפחתו
דיאמנד ברוך ומשפחתו
דיאמנד חיים ומשפחתו
דיאמנד פסח, דינה, ברל, שלמה, פיגה, רבקה

## ה

הוכמן הרש אשתו מלכה
הוכמן מרים
הורביץ אברהם, פיגה וילדיהם
הורביץ יחיאל שו״ב ומשפחתו

הימלבלום דוד, פיגה
הימלבלום חיים, מאשה, ציפה, איטה ועוד
הימלבלום רבקה
הימלבלום שמואל, מירל
הימלפרב יחיאל, ביילה וילדיהם
הימלפרב יצחק
הימלפרב לייבצ׳ה
הימלפרב שושה
הרשמן טוביה ומשפחתו

**ו**

וגן אביש, טמה, רצה, אסתר מרדכי
וורצל ישעיהו, חיה, שינדל
וורצל משה
וינברג לייבל, קריינדל וילדיהם
וינברג שלום, מטיל וילדיהם
וינציהר אברהם, מאשה-אלקה וילדיהם
וינר לייביש, איטה וילדיהם
וינר דניאל ומשפחתו
וינר משה יהודה ומשפחתו
ויסמן . . . שרה והילדים
ויצנבליט יעקב, חוה, שמואל והבת
ולטמן בריש ומשפחתו
וסרמן חיים

**ז**

זגמן שלמה ואשתו
זולטק לאה וילדיה
זוננשין יעקב, אסתר וילדיהם
זידלר יהושע ומשפחתו
זידלר לייביש ומשפחתו
זידלר מרדכי ומשפחתו
זידלר שלום ומשפחתו
זיטמן חנה, גולדה, ישראל
זילברברג לאה וילדיה
זילברטש ישראל, חיה-מלכה וילדיהם
זילברמן אלתר, ריבה וילדיהם
זילברקלנג נח ומשפחתו
זילברקלנג בריש
זיפן איצ׳ה (יצחק)
זיפן לייבל ומשפחתו
זמלמן צדוק ומשפחתו
זמלשטרן דוד
זמלשטרן יהושע ומשפחתו

**ט**

טאו לייבצ׳ה, חנה וילדיהם

**י**

ינובר משה, מרים

**כ**

כהן ברוך ומשפחתו
כהן יחזקאל ומשפחתו
כהן ראובן ומשפחתו

**ל**

לובלסקי יהושע, חיה וילדיהם
לובלסקי משה
לובלסקי שמואל ומשפחתו
לוין אברהם ומשפחתו
לוין פסה
לוינבוים חנה, קיילה
לוינבוים פיגה, טובה
לוינבוים חיים
לוסטיג יצחק
לוסטמן פישל, רכיל, וילדיהם
לופר שכנא ומשפחתו
ליאמגוט חיים ומשפחתו
ליברבוים יוסף-יונה, מלכה וילדיהם
ליברבוים לייבל אשתו שרה מבית רידר וילדיהם
ליברמן ישכר-מאיר ומשפחתו

לופמן משה ומשפחתו
לופמן דוברה ובנה אלי
ליצנבלט אברהם-יצחק ומשפחתו
לרר לייבל ומשפחתו
לרר מרדכי, שרה-רבקה, ברנדיל, מלכה, יחיאל, חוה

## מ

מרקביץ יוסף
מרקביץ יחזקאל, בילה וילדיהם
מרקביץ ישראל, שרה, יוסף, בריל, לאה
מרקביץ פסה
מרקביץ שלום
מרקרך בריל ומשפחתו
מרקרך יהושע, איטה וילדיהם
מרקרך ישראל-מרדכי ומשפחתו
מרקרך מאיר
מרקרך שלמה ומשפחתו

## נ

נורדמן יעקב, ליפשה וילדיהם
נורדמן צדוק, פרל, מלכה, בלה
ניזר שמחה (שמחה'לה גלעזער)
ניזר שלום ומשפחתו
ניזר שמואל ומשפחתו
ניזר שמחה ומשפחתו
ניזר אברהם ומשפחתו
ניסנבוים שמואל, פרל וילדיהם

## ס

סובל אלתר ומשפחתו

## פ

פייראיזן יעקב (יקל), מלכה וילדיהם
פייראיזן יהודה
פייראיזן חיים בן יהודה
פייראיזן יצחק, רישה וילדיהם
פייראיזן מאיר, גיטל וילדיהם
פייראיזן רבקה
פייראיזן שמעון
פיירשטין טוביה, ברכה, שמעון
פינקלשטין אברהם, גיטל
פינקלשטין הלל ומשפחתו
פינקלשטין יעקב-דב, רוזה ובנו אלעזר
פינקלשטין משה, רחל-לאה ובתם אסתר, בעלה וילדיהם
פינקלשטין שושה
פינשמיד חיים-יעקב וילדיו לאה, משה, בונם
פיק יצחק, דובה, בילה, חיים, שכנא, אברהם, שלמה
פלדמן יוסף, אסתר וילדיהם
פלמנבוים אברהם, נחה וילדיהם
פלמנבוים גדליה ומשפחתו
פלמנבוים שמחה
פלמנבוים יחזקיאל
פלמנבוים יוסף ומשפחתו
פלמנבוים הרש
פלץ שמחה, חיה, פנחס, משה
פרידמן אברהם ומשפחתו
פרידמן ברוך ומשפחתו
פרידמן יוסף ומשפחתו
פרידמן פנחס ומשפחתו
פרילינג אליהו, מטיל וילדיהם
פרילינג משה, אשתו ובנותיהם שרה וחנה
פרילינג פתחיה, דינה
פרלמוטר חנה, גיטל

## צ

צוקר דוד ומשפחתו
צוקר מאיר ומשפחתו
צוקר בריל
צוקרמן אברהם, ינטא, שמואל, שפרה, רחל

